מענדל טאַבאַטשניק

# קלמן בולאַן

ראָמאַן פון יידישן לעבן



פ אַ ר ל אַ ג  ק אַ י אָ ר
י אָ ה אַ נ ע ס ב ו ר ג
ד ר ו ם  אַ פ ר י ק ע
ת ש כ ט / 1 9 6 8

געהייליקט מיינע צוויי חרובע שטעטלעך
אין ווייסרוסלאַנד — ק ל ע צ ק —
וווּ איך בין געבוירן, און מ י ר
— וווּ איך האָב חתונה געהאַט;
און לזכרון זייערע טייערע יידן —
די העלדן פון בוך — וועלכע זיינען
פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט די
שטעטלעך בעת אונדזער גרויסן חורבן.

די הכנסה פון בוך האָט דער מחבר
אָפּגעשאָנקען לטובת קולטור־
געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס
אין יאָהאַנעסבורג.

צו אונדזער גאָלדענער חתונה — א מתנה
מיין ליבער פרוי פ ײ ג ל (גינזבורג) —
די טרייע און מוטיקע באַגלייטערין אויף
דעם לאַנגן וועג פון לעבן, אויף וועלכן
מיר האָבן צוזאַמען געטראָגן די ליידן און
צוזאַמען גענאָסן פון די פריידן פון גרינגע־
שווערע 50 יאָר. און צוזאַמען טראָגן מיר
ווייטער — די פרייד פון לעבן און דעם
גלויבן אין מענטש.

די קלמן בולאַנס — אין אלע זייערע איבערגעשטאַלטונגען — זיינען דער פּראָטאָטיפּ פון פאָל־קישן עמך־ייד. אונדזער ד אָ־א י ק ע ר קלמן, ווי אויך די אַלע אַנדערע כאַראַקטערן אין בוך, זיינען די לעבעדיקע יידן פון מיינע צוויי שטעטלעך פאַר דעם גרויסן אומקום. און אויך קלמן, הגם ער טיילט זיך ארויס מיט זיין פיזישן כוח, איז ער אָבער מיט זיינע וואָרצלען טיף צוזאַמענגעפלאָכטן מיט דער מאַסע. און דאָס שטעטל איז געבליבן די אייביקע היים מיט וועלכער די אַלע קלמנס האָבן זיך באַהעפט אין קדושה.

אונדזער „קלמן בולאַן" האָט דאָס מזל צוגעשפּילט: דער גורל האָט אים, ווי הונדערטער און טויזנטער אַנדערע קלמנס פון פּוילישע און ליטווישע שטעטלעך, פאַרטראָגן קיין דרום אפריקע. מיר טרעפן זיי נאָך היינט אין אַלע דרום אפריקאַ־נער שטעט אין פאַרענדערטע געשטאַלטן, מאַנכע ניט צו דער־קענען. מיט אונדזער קלמן בו־לאַן וועלן מיר זיך טרעפן אין צווייטן בוך צווישן די יידן אין דער גאָלדענער מדינה — מיט אירע עקזאָטישע מענטשן און אירע שיינקייטן.

מ. ט.

# I

# קלמנס יוגנט

## קינדער־יאָרן

קלמן ווייסט פון זיין קינדהייט זייער ווייניק צו דערציילן. ווען ער זאָל נעמען נישטערן אין זיין זכרון, וואָלט ער אפשר געקאָנט אויף די פינגער אָנציילן עטלעכע זאַטע און גוטע טעג. די איבעריקע טעג, וואָכן און יאָרן געדענקט קלמן נאָר ווי אַ לאַנגע קייט פון צרות, הונגער און נויט.

זיין טאַטע, בערל דער וואַסער־טרעגער, איז יונגערהייט געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט זיין ווייב, יענטע די וואַסער־פירערין, אַ וויסטע אלמנה, וואָס האָט קוים זיך אַן עצה געגעבן מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, און דער קליינער קלמן האָט שוין געמוזט אליין שלעפּן דעם יאָך פון חיונה פאר זיך, אזוי, אז פון אַ זאַטן טאָג און פון אַ לייטישן מלבוש איז שוין געווען אָפּגערעדט.

פון חדר און פון דער תלמוד־תורה, האָט קלמן אַ חוץ אַ בלעטל עברי מיט גרויסע אותיות, פאר זיך, קיין זאַך אין דער וועלט ניט מיטגעבראַכט.

ער געדענקט נאָר די קלעפּ פון רבין און די באַליידיקונגען פון די קינדער. אגב, האָט ער אויך דעמאָלט מער פאַרבראַכט אויף דעם פערדמאַרק, ווו יידן, גויים און ציגיינער האָבן געביטן, געקויפט און פאַרקויפט פערד. פאַרן אָפּענדיקן אַ מסחר פלעגט מען דורך אַ גאַלאָפּ אויספּרובירן די פערד, און נאָך אַ צייט פון שווערן זיך, קלאַפּן זיך אין די הערצער, פאַלן און קושן די ערד, פּאַטשן זיך אין די הענט און פון נאָך פאַרשיידענע סגולות, פלעגט מען סוף כל סוף מושווה ווערן. נאָכן פאַרענדיקן די מסחרים פלעגט מען אריינ־מאַרשירן צו אברהמל דעם פראַטשעשניק אין שענק אריין.

אין אַזוינע מאַרק־טעג, ווער רעדט נאָך אין יריד־טעג, פלעגט שוין קלמן זיין צווישן די ערשטע אויפן מאַרק, און דעם גאַנצן טאָג איז ער געווען זייער באַשעפטיקט. נאָך פון באַגינען פלעגט ער שוין אָפּהיטן די ברידער כאַטשע און העטשע, וועלכע זיינען באַוווסט געווען אויפן מאַרק צווישן אַלע פויערים און ציגיינער.

## כאַטשע און העטשע

כאַטשע און העטשע זיינען צווי ליבלעכע ברידער. און כאַטש כאַטשע איז עלטער פאַר זיין ברודער מיט אַ קנאַפּן יאָר, פונדעסטוועגן וועט קיינער ניט זאָגן, אַז זיי זיינען ניט קיין צווילינג — ביידע, איין וווקס, פעסט געבויט מיט ברייטע פּלייצעס, און ביידע געשאָרן מיט איין נוסח: פאַר־שניטן די האָר פון פּאַטילניצע גלייך ווי אַ סטרונע, און אָפּגעגאָלט מיט אַ גאָלמעסער די הינטערשטע טיילן פון האַלדז אַזוי גלאַט, אַז די העלדזער זייערע פלעגן זיך רונצלען פון הינטן. ביידע האָבן געטראָגן ווינטער די זעלבע קורצע פעלצלעך, פאַרגאַרטלט מיט גאַרטלען פונעם זעלבן קאָליר, און זומער — לייכטערע רעקלעך. ביידע האָבן געטראָגן ווינטער קורצע שוואַרצע וואַליקעס מיט הויזן, אַראָפּגעקנייטשט איבער די כאַליאַווקעס, און זומער — שוואַרצע, גלאַנציקע שטיוועלעך. ביידע האָבן זומער געטראָגן היטלען מיט גלאַנציקע דאַשיקעס, אָנגערוקט אָן אַ זייט, און ווינטער — גרויע באַראַשקענע קוטשמעס. דער איינציקער אונטערשייד צווישן זיי איז געווען, וואָס כאַטשע האָט שטענדיק געהאַלטן זיין בייטש־שטעקל פאַר־שטעקט אין דער לינקער זייט פון זיין גאַרטל, בעת ביי העטשען איז זיין בייטש־שטעקל געווען פאַרשטעקט אין דער רעכטער זייט — מחמת העטשע איז געווען אַ געלינקטער.

כאַטשע און העטשע האָבן זיך געהאָדעוועט צוזאַמען, געוואַקסן צוזאַ־מען, אין חדר געגאַנגען צוזאַמען, זיך פאַרקנסט צוזאַמען פאַר לייבע דעם בעל־עגלהס צוויי שיינע טעכטער, חתונה געהאַט צוזאַמען און געקינדלט צוזאַמען. געלעבט האָבן זיי אין איין הויז. און אזוי ווי ביי די צוויי ברידער, אזוי אויך ביי זייערע ווייבער — די צוויי שוועסטער — האָט שטענדיק גע־הערשט שלום־בית.

## לייבע און שימשע

כאַטשע און העטשע האָבן באין אופן ניט געקענט פאַרשטיין פאר וואָס לייבע און שימשע, צוויי מארק בעלי־בתים, וואָס האָבן געירשנט א גרויס פאַרמעגן פון זייער טאַטן עליו־השלום — אַ שענק־הויז אין רעכטן מיטן מאַרק, ממש אַ מאַיאָנטעק — האָבן זיך גלייך, נאָך אין די שבעה־טעג, גע־שלאָגן אויפן גרויסן גאַניק פון זייער הויז אזוי, אז די גאַנצע שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן.

כאַטשע און העטשע האָבן ניט געקענט באַגרייפן, פאַר וואָס גלייך נאָך שבעה זיינען אַראָפּגעקומען הירשע דער מולער מיט זיינע בנים, און מ׳האָט אין דער ירושה־שטוב גענומען מויערן ציגלנע ווענט, און פון פאָרנט — נאָך אַ גאַניק.

כאַטשע און העטשע האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס ביי די צוויי רייכע ברידער קומען פאָר אַלע טאָג געשלעגן אזוי, אז מ׳מוז שטענדיק אַראָפּברענגען טאַרלאַקאַ דעם אוראַדניק מיט די אויסגעדרייטע וואָנצעס, זיי פונאַנדערצונעמען, און פאַר איין וועג אויך צעטרייבן דעם נייגעריקן עולם.

דער עולם וואָלט זיך מסתמא צוגעוווינט צו די געשלעגן, ווען ניט כאַ־טשע און העטשע מיט זייער צוגעטראַכטן שפּיצל: ווי נאָר עס פלעגן זיך אָנהויבן די געשלעגן ביי לייבן אויפן גאַניק, פלעגן זיך כאַטשע און העטשע ארויפכאַפּן אויף שימשעס גאַניק, זיך ארומנעמען מיט ליבשאַפט, און וואָס שטאַרקער די פעטש זיינען געפלויגן ביי די גבירים — לייבע און שימשע — אַלץ שטאַרקער האָבן זיך די צוויי אָרעמע פערד־הענדלער, כאַטשע און העטשע, געקושט.

צעטרייבן דעם לאַכנדיקן עולם איז שוין פאַר טאַרלאַקאַן, דעם אוראַד־ניק, געווען אַ שווערע אַרבעט, און ווען דער פּריסטאַוו בכבודו ובעצמו

וואָלט זיך ניט אַראָפּגעלאָזט מיט זיינע געהילפן, וואָלט אזא מלחמה אפשר אָנגעהאַלטן ביז מנחה.

## כאַטשע און העטשע אויפן פערדמאַרק

כאַטשע און העטשע האָבן געהאַט א גוטן נאָמען ביי גויים און ציגיינער. אויפן פערדמאַק האָבן זיי געהאַט א מזרח־אָרט, ווי להבדיל אין בית־מדרש. זיי זיינען געווען באַליבט ביי גויים אויף אזוי פיל, אז מיט אַ סך האָט מען זיך ביים טרעפן האַרציק געקושט, ווי גאָר נאָענטע. געהאַנדלט האָבן זיי אָרנטלעך, אָבער אז עס האָט זיך געמאַכט אַן אומבאַקאַנטער ציגיינער מיט וועלכן ס׳איז אוממיגלעך געווען איינצובייסן דעם פּרייז, און ס׳האָט אפילו ניט געהאָלפן קיין שווערן זיך, האָט שוין דאַן העטשע זיך באַנוצט מיטן לעצטן מיטל: אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד, אַ פּאַטש געטאָן די ערד מיט זיין לינקער האַנט, אַ קוש געטאָן די ערד, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פרעמדן ציגיינער, זיך גענומען קלאַפּן מיטביידע הענט אין האַרצן אריין און כמעט וויינענדיק אויסגעשריען: „קאָב יאַ העטאַק מאָיעהאָ בראַטאַ חאַצקעליאַ ווידזיאַל" — דאָס הייסט, וואָלט איך אזוי מיין ברודער כאַטשען געזען, ווי די קאָבילע קאָסט מיר דעם פּרייז! און כאַטשע שטייט דערביי און מאַכט אַן ערנסט פּנים, ווי אַ פרומער ייד יום כפור צו נעילה, און זיפצט אָפּט דערביי. מייסטנס ווירקט עס אויפן ציגיינער: ס׳הייבט זיך אָן אַ דינגעניש אויף דאָס ניי, אַ פּאַטשעניש אין די הענט, און — מ׳גייט אין שענק אריין.

כאַטשע און העטשע האָבן מקרב געווען קלמנען. אַ יתום האָבן זיי געטראַכט, איז עס אַ גרויסע מצווה, און זיי פלעגן אים שוין אין אַ מאַרקטאָג האַלטן לעבן זיך. מ׳האָט אים געגעבן צוהאַלטן אַ פערד ביים אָברוטש, מ׳האָט אים מכבד געווען צו גאַלאָפּירן מיט אַ פערד, וואָס קיין אַנדער יינגל האָט זיך דערצו קיינמאָל ניט געקענט דערדינגען. און אז מ׳האָט אים געשיקט א גאַנג פלעגט מען אים דערפאַר געבן איבערבייסן בייטאָג אין שענק — אַ שטיקל ברויט מיט אַ געטריקנטן טאַראַן, אַמאָל אַ פּאָר גראָשן אויך, און אין אָוונט האָט שוין געוואַרט אויף קלמנען אַ גוטע וועטשערע ביי העטשען און כאַטשען אין הויז.

און אזוי זיינען די מאַרקטעג פאַר קלמענען געוואָרן יום־טוב טעג. פון די מערק און ירידן האָט קלמן ווי עס איז פאַר זיך געצויגן חיונה, ביז עס איז אָנגעקומען זיין בר־מצווה.

# עליע דער בעל־עגלה

עליע איז אין דער בעל־עגלהשער קרעטשמע געווען דער גאַנצער אָנפירער, ווי ער גאָר וואָלט געווען דער בעל־הבית פון קרעטשמע. פאַר עליען האָבן ניט נאָר בעלי־עגלות געהאַט דרך־ארץ, נאָר אפילו בעלי־בתים האָבן זיך מיט זיין וואָרט גערעכנט און גאָר אָפט זיך מיט אים אַן עצה גע־האַלטן וועגן וויכטיקע ענינים אין שטעטל.

בעלי־עגלות האָבן אים גערופן ר׳ עליע, ווי אַ טיטל וואָס קומט אים. האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַ סיכסוך צוליב אַ „פּאַרשוין״, אָדער מ׳האָט ניט געקענט דורכקומען ווען עמענס ריי איז צו שטעלן אַ „פּונדאָווקע״, האָט מען געוואַרט אויף עליעס פּסק־דין און אַלע האָבן אים אָנגענומען. עליעס וואָרט איז געווען ביי די בעלי־עגלות הייליק. עס וואָלט גאָר קיינעם ניט איינגע־פאַלן זיך קעגנשטעלן אַ פּסק־דין פון ר׳ עליען, דעם בעלי־עגלהשן רב.

דעם כבוד פון זיין ביי חברה שמייסערס אַ זייערדיקער רב האָט עליע כשר פאַרדינט. זיין אויסזען איז טאַקע אינגאַנצן ניט געווען צוגעפּאַסט צו דעם פאַך. די בעלי־עגלות זיינען געווען גרויס־צעוואַקסענע, מגושמדיקע. ווינטער זיינען זיי ארומגעגאַנגען אָנגעפּעלצט מיט שווערע, ברייטע פעלצן, וואָס זיינען געווען פאַרגאַרטלט מיט שטריק. איבער די אויערן האָבן זיי געהאַט אריבערגעצויגן קוטשמעס, און שלאַבערדיקע וואַליקעס אויף די פיס. אפילו זומער, אין די גרעסטע היצן, זיינען זיי געווען פאַרשפּיליעט אין די וואַטאָווע קאַמעזשעלקעס, און די ברייטע הויזן פאַררוקט אין גרויסע שטיוואַלעס.

אין פאַרגלייך מיט זיי איז עליעס אויסזען געווען פונקט דער היפּוך: אַ נידעריק, דאַר יידל, מיט מער־ווייניקער אויסגעאיידלטע הענט, איז ער תמיד געווען אָנגעטאָן ריין — גלאַנציקע, לייכטע שטיוול, זומער אין אַ זיידן היטל. ווינטער, אפילו אין די גרעסטע פרעסט, פלעגט ער ארומגיין אויס־געפּוצט אין אַ פיינער בעקעשע, אַ היטל פון קאַראַקול און אויסגעפּאַסטע וואַליקעס. לויט זיין אויסזען האָט ער זיך בעסער געפּאַסט צו זיין אַן אַדוואָ־קאַט, אָדער סתם אַ שטעטלשער מיוחסדיקער בעל־הבית.

און עליע וואָלט טאַקע ניט געוואָרן קיין בעל־עגלה, ווען ס׳פּאַסירט ניט עפּעס אַ צופאַל אין דער משפּחה. זיין טאַטע, נחמן דער בעל־עגלה, האָט ניט אַנדערש געטראַכט, אז ער וועט שיקן זיין עלינקען אין דער ישיבה, ער זאָל

ווערן אַ רב. עליע טאָר אין די האָלאָבליעס ניט אריינקריכן, האָט נחמן ביי זיך אָפּגעמאַכט, און ער האָט אים ניט געלאָזן צוקומען נאָענט צו די פערד.

ער האָט אים געשיקט אין די שענסטע חדרים מיט אַלע נגידישע קינ־דער צוזאַמען, ער האָט געהיט זיין עליען ווי אַן אבן טוב, אים געכאָוועט מיט כל טוב און געזען אז קיין שטויבעלע זאָל אויף אים ניט פאַלן. ער האָט אַלץ געהאָפּט, אז זיין עלינקע וועט, אם ירצה השם, ארויפנעמען א ביסל אויפן לייב און ווערן שטייפער אין מעמד, וועט ער אים שיקן אין דער גרוי־סער ישיבה. זאָלן טאַקע לייט זען און וויסן וואָס ער, א בעל־עגלה, קען טאָן פאַר זיין זון, פלעגט ער זיך אין האַרצן פרייען.

## נחמנס טויט

עליע האָט אָבער, ווי אויף צו־להכעיס דעם טאַטן, מער חשק געהאַט צו די פערד ווי צום לערנען. גאָר יונג, נאָך כמעט אַ צוציק, האָט ער זיך גענומען חנדלען צו מיידלעך און דאָס לערנען איז ביי אים געוואָרן אַן אָפּ־קומעניש. אין קאָפּ זיינען אים די שוואַרצע פּינטעלעך ניט געקראָכן. מסתמא איז ער געווען געראָטן אין טאַטן. אָבער גראָדע האָט זיך דער טאַטע איינ־געשפּאַרט און בשום אופן ניט געוואָלט נאָכגעבן, אז זיין זון זאָל איבער־נעמען דעם טאַטנס אָרט אויף דער קעלניע. ניין, האָט ער געטראַכט, כ׳וועל ניט דערלאָזן עליען טרייבן פערד.

נחמן אליין האָט זיך אויך קיינמאָל ניט באַטראַכט פאַר אַ פּשוטן בעל־עגלה, נאָר פאַר אַ מין קאָמיסיאָנער, וואָס די שטעטלדיקע קרעמער באַ־שטעלן דורך אים זייער סחורה, און ער ברענגט עס אריין צו זיי אין די קראָ־מען. ער פלעגט טאַקע פּינקטלעך און אין אָרדענונג אויספירן אַלע באַשטע־לונגען פאַר די קרעמער. ער איז געוואָרן זייער אַגענט, דער פאַרטרעטער זייערער אין דער גרויסער שטאָט. דעריבער טאַקע האָט ער זיך געקענט פאַרגינען צו האָבן אַ געשפּאַן מיט 2 פערד. אין זיין אויסגעצאַצקעטער בויד האָט ער געהאַט די שענסטע פּאַסאַזשירן, ער האָט געפירט די פּני העיר און די גרויסע גבירים.

איין מאָל, אזוי פלוצלינג, איז נחמן קראַנק געוואָרן, און שוין — אויס מענטש. דער שטעטלדיקער דאָקטאָר האָט אים אויסגעהאָרכט און ניט גע־קענט אויסגעפינען וואָס אים איז. האָט דער זון, בלית ברירה, איינגעשפּאַנט דעם טאַטנס סוסים, און מיט אַ בריוול פון דאָקטאָר גענומען דעם שלאָפן

טאַטן אין דער גרויסער שטאָט אַריין, אים צו ראַטעווען. די דאָקטוירים אין דער גרויסער שטאָט האָבן געזאָגט, אַז נחמן מוז גלייך האָבן אַן אָפּעראַציע. האָבן זיי אים געגעבן אַ שלאָפּטרונק — און נחמן איז איינגעשלאָפן אויף אייביק.

נאָך שבעה־זיצן האָט עליע דערקלערט זיין מאַמען אָן שום דריידלעך, אַז מהיום נעמט ער דעם טאַטנס געשפּאַן — וועט זיך זעצן אויף דער קעלניע און אָנטרייבן דעם בולאַן מיט דעם קאַשטאַן און וועט ממלא־מקום זיין דעם טאַטן עליו השלום. שרייבן און לייענען קען ער גאָט צו דאַנקען, וועט ער זיך אויסטויגן צום געשעפט פון באַשטעלן און ברענגען סחורה פאַר די קרעמער פונקט ווי דער טאַטע. די אלמנה האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיט איר גרוי־געוואָרענעם קאָפּ און מיט אַ ברעג פאַטשיילע זיך אָפּגעווישט אַ טרער.

און עליע האָט געשפּאַנט די פערד, כדי צו ווערן דער יורש פון בעלי־עגלהשאפט אין דער משפחה. אַז חברה בעלי־עגלות האָבן אים געזען אָנ־קומען מיט דער בויד, האָט מען אים אויפגענומען אין קרעטשמע מיט כבוד און מיט אַן אמתן פאַראַד. פאַרט אַ געלערנטער צווישן זיי, און אַ טאַטנס זונדל דערצו. און ס'האָט לאַנג ניט געדויערט ביז עליע האָט זיך דערדינט צום סאַמע אויבנאַן אין דער בעל־עגלהשער קרעטשמע — ווערן דער רב פון די שמייסערס.

## קלמן קריגט אַן אייגן ווינקל

איינמאָל אַ שבת, ביים עסן, האָט זיך העטשע אָפּגערופן צו כאַטשען:

„ווייסט, כ'האָב שוין לאַנג געוואָלט מיט דיר ריידן וועגן דעם יתום, אָט דעם קלמנקען, וועלכער דרייט זיך ארום אויפן מאַרק און פּלאָנטערט זיך די פערד אונטער די קאָפּיטעס... וואָלט אפשר גאָר אַ סברא געווען מיר זאָלן אים אריינגעמען צו אונדז, ער זאָל מיטהעלפן ביי די פערד — אָנ־פּאָיען זיי אין צייט, פּאַשען זיי, און טאַקע זיי אויספּרובירן. נישקשה, ער איז אַ לעבעדיק יינגל און וועט זיך אויסטויגן. איך קען ניט צוזען דעם צער, ווי ער קוקט מיר יעדער מאָל אָן מיט זיינע הונגעריקע אויגן, ווי ער וואָלט זאָגן: גוטע מענטשן, האָט רחמנות אויף אַ יתום".

„דאָס זעלבע האָב איך אויך שוין געטראַכט, העטשע. אויף מיר קוקט ער אויך מיט די זעלבע רחמנות־אויגן, און אויב מיר וועלן אים ניט העלפן,

וועט ער נאָך פאַרענדיקן ווי אַן אַרעסטאַנט, אין טורמע צי גאָר אין סיביר. אַ מענטש ווען ער איז הונגעריק, איז ער קאַפּאַבל צו טאָן דאָס ערגסטע: גנבהנען און גזלנען, און וואָס ניט? און אויב מיר וועלן אים ניט העלפן, וועלן דאָך אונדזערע גבירישע בעלי־בתים אוודאי ניט העלפן". און כדי די זאַך צו געבן מער קראַפט, האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו די ווייבער, ווי ער וואָלט אויף דעם געדאַרפט זייער הסכמה: „כ׳מיין, וואָס זאָגט איר צו דעם?"

געענטפערט האָט כאַטשעס ווייב. זי האָט פאַרריכט איר קאָפּטיכל, אַ צופרידענע וואָס די מענער פרעגן אויך אַ מיינונג ביי זייערע ווייבער:

„מיר דוכט עס איז אַ גלייכע זאַך. קען זיין אַמאָל, אז דער קלמנקע וועט גאָר פאַרשאַנעווען אייער ביידנס געזונט. דו קלאָגסט זיך דאָך, כאַ־טשע, אויף דיינע פיס, אז זיי זיינען ביי דיר שוין אָפּגעשוואַכט און דו קענסט מער ניט לויפן ווי געווען, טאָ לאָז דעם יינגל לויפן ביים אויספּרובירן די פערד. ער זעט זיך אָן צו זיין פלינק".

נאָך דעם דאָזיקן שמועס ביי די גרויסע טעלער מיט פאַרעדיקן טשאָלנט, איבערהויפּט אז די ווייבער האָבן שוין אויך געגעבן זייער הסכמה, איז גע־בליבן אז העטשע זאָל טאַקע גלייך אויף מאָרגן אַ שמועס טאָן מכוח דעם אלעם מיט קלמנקען. זיי וועלן אים אריבערנעמען צו זיך אויף פולע „קעסט": עסן און שלאָפן.

נאָכן ארומוואַלגערן זיך יאָרן אַ הונגעריקער, ווו געטאָגט דאָרט ניט גענעכטיקט, האָט קלמן באַקומען זיין אייגן ווינקל ביי כאַטשען אין אַלקער, און אַן אַלטן טאַפּטשאַן — צום שלאָפן. עס איז געווען אַ סך בעסער ווי ביי דער אָרעמער מאַמען און ער האָט זיך דערפילט גליקלעך, ווי קיינער וואָלט צו אים גלייך ניט געווען.

אַ צופרידענער האָט ער געהאָלפן ניט נאָר אויפן מאַרק און אין שטאַל, נאָר אויך אין דער שטוב־אַרבעט. נאָכדעם ווי ער פלעגט קומען מיט די פערד פון דער פּאַשע, וואָס האָט אנדערע מאָל געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, פלעגט ער נאָך אָנטראָגן וואַסער און צעשפּאַלטן אַ ביסל האָלץ. אזוי איז ער ביסלעכווייז געוואָרן אַ בן־בית, פאַררעכנט ווי איינער פון דער משפחה פון די ברידער כאַטשע און העטשע.

און דעם ערשטן טאָג גלייך נאָך זיין בר־מצווה, האָט קלמן נאָכן אָנטאָן די תפילין און אָפּדאַוונען אין איילעניש, זיך ארויסגעכאַפּט פון בית־מדרש.

כאַטשע און העטשע האָבן אים שוין פריער געזאָגט, אַז ער איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער בחור און זיי זיינען ניט דאַקעגן ער זאָל זיך זוכן אַ תכלית. זיי אליין האָבן אים געעצהט ער זאָל אַ פּרוּוו טאָן זיין מזל ביי ר׳ עליען. זיי האָבן געוווּסט אַז ער האָט שוין לאַנג געמאַטערט ר׳ עליען וועגן דעם, האָבן זיי אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַלצאיינס קענען בלייבן ביי זיי.

קלמן איז געווען מלא שמחה. מיט גדלות האָט ער געשפּאַנט מיטן תפילין־זעקל אין האַנט, ווי אַ צייכן פון זיין דערוואַקסנקייט, צו דער בעלי־עגלהשער קרעטשמע, וווּ ער האָט געדאַרפט טרעפן ר׳ עליען.

## קלמנס ערשטער שנאַפּס

ווען קלמן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין קרעטשמע, האָט שוין עליע גע־ווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. קלמן האָט שוין אייניקע מאָל אים געבעטן אים נעמען פאַר אַן אָנטרייבער, אָבער עליע האָט אַלץ אָפּגעלייגט, ביז ער וועט ווערן בר־מצווה. עליע אליין האָט שוין אויך אויסגעקוקט דעם טאָג ווען קלמן וועט זיך זעצן מיט אים אויף דער קעלניע. ער האָט געפילט אַז מיט קלמנען וועט זיך פאַר אים אָנהויבן אַ נייע פּרשה אין זיין געשעפט. קלמן, האָט עליע געטראַכט, איז אַ געראָטענער יינגל, און וועט אים זיין אַ גוטער העלפער. ס׳האָט לאַנג ניט גענומען: מען איז מושווה געוואָרן, אַז עליע גיט קלמנען עסן, אַ פּאָר רובל דורכן יאָר, אַ גאַרניטער, אַ פּאָר עקס־טרע וואָליקעס אויף ווינטער, און דער קאָנטראַקט איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן מיט אַ פלעשל בראָנפן, וואָס עליע האָט געשטעלט פאַר חברה.

ביים ערשטן גלעזל האָט עליע אָנגעזאָגט אַז מ׳זאָל אויפן יונג אַכטונג געבן, אים צוווייזן די ערשטע צייט, און מ׳זאָל זיך ניט דערוועגן חוזק מאַכן פון אים, מ׳זאָל אים ניט קאַלכן, אויפן בעל־עגלהשן לשון.

קלמן, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן פאַרזוכט דעם ביטערן טראָפּן, איז רויט געוואָרן. זיינע אייגעלעך האָבן זיך מיט גלאַנץ אָנגעגאָסן. ער האָט גענומען לאַכן פאַר שמחה, האָט צוגעזאָגט ר׳ עליען זיין געטריי — אים און זיינע פערד. און ווען עטלעכע בעלי־עגלהס האָבן נאָך דער דריטער כוסה גענומען לאַכן אויף העכערע טענער, האָט זיך קלמן צעוויינט ווי אַ קליין קינד, זיך געשוואָרן, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט, איז הייליק, און אַז ער באַדאַרף ניט מ׳זאָל אויף אים אַכטונג געבן... ער קען אליין זיין שטעטל באַשטיין...

און וואָס מער קלמן האָט געטענהט און געוויינט, אַלץ שטאַרקער האָבן די בעלי־עגלהס געלאַכט, ביז עליע האָט צעטריבן דעם עולם, האָט אָפּגע־רייניקט אַ באַנק, און אויסגעצויגן קלמנען אויף איר.

ווען קלמן האָט זיינע אויגן געעפנט, האָט אים עליע, פּאַטערלעך, גע־נומען פאַר דער האַנט, און ווי מ׳פירט אַ חתן צום ערשטן מאָל אָנקוקן זיין באַשערטע, אַזוי האָט עליע ארויסגעפירט קלמנען צו די פערד.

## קלמן ווערט אַ שמייסער

ווי אַ מתנה פון הימל איז קלמן אראָפּגעפאַלן צו עליען. ווען ער פלעגט זיצן אַזוי אויף דער קעלניע — דער בולאַן מיטן קאַשטאַן אין שפּאַן און קלמן ביי דער זייט — זיינען עפּעס פאַר עליען די נסיעות קירצער געוואָרן. עליע האָט זיך עפּעס דערפילט מעשה בעל־הבית: האָט געשמועסט מיט קלמנען הלכות הדרך, הלכות פערד, און קלמן האָט זיך ארויסגעוויזן ווי ער וואָלט געוועזן געבוירן דערצו.

נאָך פון זיינע טעג אויפן פערדמאַרק האָט זיך קלמן אויסגעלערנט מיטן אויג אָפּצושאַצן די ווערט פון אַ פערד און האָט ארויסגעוויזן גרויס בקיאות אין דעם פאַך. ווען קלמן האָט, נאָכן אָפּזיצן אייניקע טעג צוזאַמען מיט עליען אויף דער קעלניע, אליין אַ נעם געטאָן די לייצעס אין זיינע ידים אריין, האָט שוין דעמאָלט עליע בפירוש דערפילט, אז ער האָט אַן אָנשפּאַר און ער האָט אויף ווער זיך צו פאַרלאָזן.

מיט דער צייט האָט עליע אינגאַנצן איבערגעגעבן די לייצעס קלמנען, און קלמן האָט זיך ארויסגעוויזן ניט נאָר פעאיק אָנצוטרייבן די פערד, נאָר אויך דערליידיקן געשעפטלעכע ענינים. ער פלעגט פּינקטלעך איבערגעבן צו די קרעמער די פעקלעך סחורה, בריוו, פּאַקעטן און פלעגט דורכקומען מיט אַלערליי פאַרשוינען אויפן בעסטן אופן.

עליע האָט אָנגעקוואָלן פון זיין געהילף און אין האַרצן האָט ער גאָט געבעטן, אז קלמן זאָל זיך ביי אים וואָס לענגער האלטן; אז אין אים זאָל זיך, חס־ושלום, עפּעס ניט ארייננכאַפּן אַ משוגעת, ער זאָל זיך ניט פאַרקוקן אויף אַ מויד און גאָר אָפּשטעלן מיט איר אַ חופה, ווי ס׳האָט מיט אים, מיט עליען אליין, געטראָפן אין די יונגע יאָרן.

קלמן איז זיך אויף עליעס קעסט צעוואַקסן אין דער הויך און אין דער ברייט, געוואָרן אַ יונג מיטביינער, אז נאָר אַ ברכה איבער אים צו מאַכן,

און עליע האָט זיך דערשראָקן פאַר די דינסטמוידן, וואָס לויערן אויף אים. קלמן האָט אָבער, ווייזט אויס, ניט געטראַכט וועגן דעם. קלמן איז געווען אריינגעטאָן אין די פערד מיט לייב און לעבן, געהיט זיי ווי זיינע אויגן אין קאָפּ. אפילו אין די שבתים און יום־טובים, גלייך נאָכן דאַווענען, פלעגט ער אָפּעסן אין איילעניש און איז ליבערשט געלעגן צוזאַמען מיט די פערד אין שטאַל, אָדער געגאַנגען מיט זיי אין פעלד אויף פאַשע.

ביי חברה בעל־עגלהס און שמייסערס איז קלמנס חשיבות געוואַקסן פון טאָג. קלמן האָט זיך מיט דער צייט שוין גענומען אריינמישן אין בעל־עגלה־שע שמועסן, האָט גענומען מיטהאַלטן ביים מאַכן אַ כוסה און איז געוואָרן, ווי די בעל־עגלהס פלעגן זאָגן וועגן אים, אַ יאַט מיט ביינער. אָסיען־צייט, ווען די בלאָטעס האָבן דערגרייכט ביז די אַקסן און די וועגן זיינען געוואָרן, ווי עליע פלעגט זיך אויסדריקן, „לא תבושו ולא תכלמו" — ניט מיט רע־דער און ניט מיט שליטן — און שוואַכע פערד פלעגן זיך פאַרעקשנען, ניט אַהין און ניט אַהער, און ניט וועלן נאָכהאַלטן דעם אָבאָז — איז דעמאָלט קלמן גלייך ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן און האָט אונטערגעשטעלט אַ יונגע, געזונטע פלייצע אפילו צו אַ פערד פון זיינעם אַ קעגנער.

דעריבער טאַקע האָבן בעל־עגלהס שטענדיק קלמנען גערן געהאַט אין זייער חברותא און אים מכבד געווען מיט דער ערשטער עליה — מיטן פירן פאַרויס דעם אָבאָז.

## די לעקציע

אַלץ וואָלט גוט געווען, האָט עליע געטראַכט ביי זיך, ווען קלמנקע וואָלט געקענט זיך אונטערחתמענען. ער וואָלט אים שוין מוחל געווען זיין צווייטן נאָמען, טראַיעוויצקי, פאַר היימישע קרעמער וואָלט גענוג געווען דער ערשטער נאָמען אויך. דאָס וואָלט אים אַ סך אַרבעט פאַרשפּאָרט, האָט עליע געטראַכט: ער וואָלט געקאָנט מער בלייבן אינדערהיים, מער אַכטונג געבן אויף דער שטוב, אויף דער שטאַל, און ער וואָלט טאַקע מער תכלית געמאַכט פון זיינע קינדער.

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען חברה בעל־עגלהס זיינען גע־זעסן אין קרעטשמע ארום דעם גרויסן טיש, אויף וועלכן עס האָט געוואַרט אַ פלאַש מיטן רויטן בלעטל, און אַ געבראָטן גענדזל איז געלעגן ברייט אויס־

געצויגן אויף אַ לאַנגער בייכיקער שיסל, האָט עליע זיך אַ נעם געטאָן אויס־לערנען קלמנען אונטערחתמענען זיין נאָמען.

„קלמן", האָט עליע גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן, „קום אהער! איך גלויב אז עס איז שוין צייט דו זאָלסט זיך קענען חתמענען! וואָס פאַר אַ תורה איז דאָס זיך אויסלערנען אונטערשרייבן? דאַרפסט וויסן זיין, אז דו ביסט שוין אַ בחור אין די יאָרן, מ'וועט דיר שוין באַלד אָנהייבן ריידן שידוכים. וועסטו חתונה האָבן, נעמען נדן און זיך ארויפאַרבעטן אויף אַן אייגענעם געשפאַן. טאָ וואָס פאַר אַ פנים וועסטו האָבן, קלמן, אז דו וועסט זיך ניט קענען אונ־טערחתמענען? איז אויב דו ווילסט וועל איך דיר טאַקע דאָ, גלייך אויף אַן אָרט אויסלערנען אונטערשרייבן דיין נאָמען, און דו וועסט זיין, ווי איך, אַ רב..."

קלמנען איז די זאַך געפעלן געוואָרן, און חברה בעל־עגלהס האָבן לכבוד דער דאָזיקער געשעעניש געעפנט דאָס פלעשל, פונאנדערגעשניטן די גאַנדז, און מ'האָט געמאַכט די ערשטע כוסה.

עליע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט:

קודם האָט ער ארויסגענומען די בייטש פון גאַרטל, זי זאָל אים ניט שטערן אין לערנען. נאָכדעם האָט ער ארויסגעשלעפט אַ קאַלטע קויל פון אויוון, און זי אַ נעם געטאָן אין זיינע פון טאַבאַק געל־פאַרזשאַווערטע פינגער, ווי אַ שטייגער מיירים דער אַדוואָקאַט טוט אַ נעם זיין פאַרשניצטן בלייפע־דער צו שרייבן אַ בקשה צום איספראַווניק. ער האָט זיך פארמאָסטן אנטקעגן דער אַלט־אויסגעקאַלכטער וואַנט, און האָט זיך פייערלעך געווענדט צו קלמנען בזה הלשון:

„זע, קלמן:

צוערשט דריי אויס אַ דוהע
און האַק אריין אַ זאַוויסקע, — ק — האָסטו אַ קוף;
איצט צי אויס אַן אַטאָסע, — ל — האָסטו אַ למד;
איצט מאַך אַ מאַזשניצע, — מ — האָסטו אַ מם;
און לאָז אראָפּ די האַלאָבליע — ן — האָסטו אַ לאַנגע נון,
און דאָס וועט זיין קלמן".

בעל־עגלהס ארום האָבן האַרציק געלאַכט פון עליעס המצאה. אַן אָרע־מער ישיבה־בחורל, וועלכער האָט געוואָרט אויף אַ בויד צו פאָרן צו זיין נאָענטער ישיבה, האָט געלאַכט אזוי האַרציק, אז טרערן האָבן זיך אים גע־שטעלט אין די אויגן.

קלמן, וואָס האָט שוין געציילט דאָס דריטע גלעזל, איז צעטומלט גע־וואָרן, געמיינט, אז מ׳לאַכט עס פון אים, ווייל ער האָט בשום אופן ניט פאר־שטאַנען דעם שייכות פון דער דוהע, זאַוויסקע, אַטאָסע, מאַזשניצע און האָ־לאָבליע צו זיין נאָמען קלמן טראיעוויצקי. מיט פאַרקריצטע ציין איז ער צוגעלאָפן צום ישיבה־בחורל, וועלכער איז פאר שרעק בלייך געוואָרן און האָט שוין באַוויזן צו כאַפּן אַ ציטערניש, דערזעענדיקן קלמנען נעבן זיך מיט צוויי פאַרקוועטשטע פויסטן.

קלמן האָט אים אַ ווײַלע אריינגעקוקט בייז אין זיין דערשראָקענעם פּנים, נאָכדעם האָט ער אויסגעשפּיגן, אראָפּגעלאָזן די הענט און אויסדרייענדיק זיך צו די בעל־עגלהס, האָט ער מיט פאַרדרוס ארויסגעברומט:

„ס׳איז זיך גוט צו שלאָגן מיט אַ נאַש בראַט, מיט אַ מענטשן וואָס פאַר־שטייט ווי צו קירעווען זיך אין אַ געשלעג: מ׳גיט אַ זעץ און מ׳כאַפּט צוריק אַ זעץ, עס עפּנט זיך אַ האַנט, און מ׳ווערט גאָר לעבעדיקער, איר פאַרשטייט? אָבער מיט אזא יאָלד זיינען דאָך גאָר אַנדערע ווערטער: שלאָג, אז יענער שווייגט ווי די וואַנט!" פאַר כעס האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די פלאַש און אױ־בערגעקערט זי אין איין אָטעם.

עליע האָט אָפּגעזיפצט, אַ פּנים פון פאַרדרוס, וואָס קלמן וועט בלייבן אַן עם־הארץ. ווי אַ גוטער חלום וואָלט צערונען געוואָרן. אָנגיסנדיק אַ האַל־בע טייגלאָז בראָנפן האָט ער ברוגזלעך ארויסגעברומט צו די ארומשטייענ־דיקע:

„קיין למדן וועט שוין פון אים מסתמא ניט ארויסקומען, אז מ׳שמועסט — געראָטן אין דעם בולאַן".

פון יענעם פרימאָרגן איז קלמנען צוגעקומען אַ נייער נאָמען — בולאַן.

## בולאַן

ביז יענעם טאָג איז שוין קלמן געהאַט אָפּגעזעסן אַ גוטע פאָר יאָר אויף ר׳ עליעס קעלניע און ער האָט עס אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ תכלית.

אָבער פאַר די לעצטע חדשים, זינט עליע האָט אים געגעבן זיין נייעם נאָמען בולאַן, איז אים דאָס לעבן נמאס געוואָרן.

זיין אמתער נאָמען, טראַיעוויצקי, איז אין שטעטל כמעט אינגאַנצן פאַר־געסן געוואָרן. זיין איצטיקער נאָמען איז געוואָרן קלמן בולאַן, און דאָס האָט אים זייער געקרענקט. עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז ניט נאָר בעל־עגלהס, נאָר אויך קרעמער, ישיבה־לייט, מיט איין וואָרט, יעדער איינער אין שטעטל האָט זיך צו אים געווענדט מיטן „בולאַן" אזוי נאַטירלעך, אז קיינער, אויסער קלמנען, האָט דאָס ניט באַטראַכט ווי אַ באַליידיקונג.

קלמן האָט ניט איינמאָל געהערט מענטשן ריידן: „מיט וועמען פאָרסטו?"

„מיטן בולאַן!" „בולאַן זאָל נאָר ניט פאַרשפּעטיקן צום באַן", „בולאַן, זאָלסט אָפּגעבן דאָס פּעקל צום ריכטיקן אָרט".

די ערשטע צייט האָט קלמן זיין נייעם נאָמען אויפגענומען ניט צו ערנסט, ווי אַ שפּיל אזא פון די יידן ארום אים. אָבער מיט דער צייט האָט ער דערפילט, אז דער צונאָמען ווערט צוגעוואַקסן צו אים, און אז צוליב זיין צונאָמען בולאַן האָט מען שוין אינגאַנצן פאַרגעסן זיין שיינעם נאָמען טראַ־יעוויצקי, מיט וועלכן ער פלעגט זיך תמיד אזוי גרויס האַלטן. אז ער האָט דערזען עס האַלט שוין דערביי, אז זיין ערשטער נאָמען קלמן זאָל אויך פאַרגעסן ווערן, דעמאָלט האָט ער שוין גענומען ערנסט טראַכטן ווי אזוי פּטור צו ווערן פון זיין צונאָמען, פון דער קרעטשמע, צוזאַמען מיט דער גאַנצער חברה בעל־עגלהס, ווייל פון זיי קומט דאָך די גאַנצע צרה מיטן „בולאַן". זיין בעל־הבית ר' עליע האָט מיט דעם „בולאַן" אוודאי גאָרניט געמיינט דעמאָלט, ביים לערנען — דאָס האָבן חברה, דער רוח זאָל זיי נע־מען, געמאַכט פון אַ וואָרט אַ קוואָרט און מען מוז מען דעריבער פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען קלמן האָט אריינגעזופּט, נאָך אויפן ניכ־טערן מאָגן, אַ קוואַרטירל פון רילצע, האָט ער מיט קוראַזש דערלאנגט זיין בעל־הבית, ר' עליען, די בייטש, ווי א צייכן פון רעזיגנאַציע אלס שמייסער.

בעל־עגלהס האָבן זיך אויף די פיס געשטעלט, גענומען איינטענהן מיט קלמנען, אים צוגעזאָגט הרים וגבעות און בשעת מעשה זיך אויסגעהיט ארויסצוריידן דעם „בולאַן". ר' עליע אליין האָט אוועקגעשטעלט אַ פלאַש מיט צובייסן, און אלע האָבן געטרונקען מיט קלמנען. ר' עליע האָט ממש

געבעטן רחמים ביי קלמנען, ער זאָל אים ניט פאַרלאָזן, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. וואָס מער קלמן האָט געטרונקען, אַלץ איינגעשפּאַרטער איז ער געוואָרן, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביי דעם לעצטן גלעזל פון ערשטן האַלבן טוץ, האָט קלמן מיט זיין ברייטער שטימע פאַרצויגן אַ שטיקע־לע „יהי רצון" און האָט זיך ארויסגעלאָזט אויפן מאַרק.

# 2

# קלמן ווערט אַ טרעגער



למן איז געוואָרן אַ נאַסילשטשיק.

ער איז שוין איצט אַ מיטגליד אין דער טרעגער־משפּחה אויפֿן וואָקזאַל. ער איז אויסגעפּוצט אין זייערס אַ היטל, מיט אַ ברייטן בלעכל איבער דעם לעדערנעם גלאַנציקן דאַשעק, וואָס ווייזט די ציפֿער 26.

און כאָטש קלמן איז געווען דער ייִנגסטער צווישן די טרעגערס און דער איינציקער ייִד, האָבן אים דאָך זיינע קריסטלעכע חברים פּשוט ליב באַקומען.

קלמן איז געוואָרן אַ יונג מיט ביינער: הויך אין וווקס און ברייט־פּלייציק. ער פֿלעגט אַ נעם טאָן אַ שווער־אָנגעלאָדענעם טשעמאָדאַן אויפֿן אַקסל אַזוי לייכט, ווי דאָס וואָלט גאָר פּוך געווען. חוץ דעם איז קלמן געווען אַ גוטער ברודער מיט אַלעמען. זיך מיט קיינעם ניט ארומגעקריגט צוליב פּרנסה, שטענדיק זיינס געלאָזט איבערגיין. עס פֿלעגט אפֿילו טרעפֿן, אַז

ווען זיין ריי איז געקומען, פלעגט ער צייטנוויז איבערגעבן אַ שטיקל ארבעט צו אַן עלטערן טרעגער, אַ באַוויבטן, און פלעגט נאָך יענעם צוהעלפן צו־טראָגן אַ טשעמאָדאַן:

„מיין ווייב און קינדער זיינען זאַט און פאַרזאָרגט", האָט קלמן דערביי שטענדיק געשפּאַסט מיט אַ שמייכל. „און פאַר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן. אויף היינט איז דאָ וואָס צו עסן, און אויף אַ שנאַפּס איז אויך דאָ, טאָ צו וואָס זאָרגן?" און ארויסכאַפּנדיק פון קעשענע אַ פּאָר זילבערנע מטבעות פלעגט ער, פון איין צוג ביזן צווייטן, ברענגען פאַר חברה אַ פלעשל מיטן רויטן בלעטל.

אַ זומער־אָוונט. די לופט איז נאָך אַ ברענענדיק זוניקן טאָג א ביסל שוין אָפּגעקילט. דער הימל איז קלאָר, אויסגעשטערנט אזוי, אז דער מילך־וועג צווישן די שטערן האָט זיך בולט־קלאָר געזען.

אויפן וואָקזאַל איז רואיק. צום אָנקומען פון צוג איז נאָך אַ היפּשע צייט, אָבער פון פאַרשיידענע זייטן קומען שוין אָן די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך, וועלכע היטן אָפּ פּינקטלעך יעדן אָנקומענדיקן צוג אין די זומערדיקע אָוונטן.

קלמנען זיינען די אַלע פּנימער באַקאַנט, נאָר זיי אינטערעסירן אים ניט. ער האָט וויינציק צו טאָן מיט די יידישע יונגעלייט פון שטעטל. אים דוכט זיך, אז זיי קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ, ברוגזדיקע, דערפאַר וואָס ער, קלמן, האָט פאַרשוועכט די יידישקייט אין שטעטל, און איז געוואָרן אַ טרעגער אויפן באַן. ער, דער איינציקער ייד צווישן קריסטלעכע טרעגערס, דער איינציקער ייד מיט אַ בלעכל איבערן דאַשעק.

צייטנוויז פילט ער טאַקע, ווי ער וואָלט דאָ געווען אַן איבעריקער אין דער יידישער קהילה. ניט איין מאָל האָט קלמן געטראַכט וועגן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, ווו ער איז געבוירן, און אַוועק אין דער וועלט, ווו קיינער קען אים ניט, און צוריק באַקומען זיין אמתן שיינעם נאָמען, וועלכן ער האָט שוין פאַר יאָרן ניט געהערט. איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן פון זיין מיאוסן צונאָמען „בולאַן", ווייל אויך דאָ, אויפן וואָקזאַל, האָט דער צוגעטשעפּעטער נאָמען אים ניט אָפּגעלאָזט. און לאַ די וואָס די יידן פון שטעטל האָבן דעם „בולאַן" אריבערגעטראָגן אויפן וואָקזאַל, האָבן זיי נאָך איבערגעגעבן דעם שיינעם נאָמען צו די גוים פון וואָקזאַל. און די גוים, ניט טראַכטנדיק אפילו פון באַליידיקן קלמנען, האָבן אים גערופן „בולאַן", אזוי ווי דאָס וואָלט זיין פאַמיליע־נאָמען געווען.

# עלעקטרע אויפֿן וואָקזאַל

אויפֿן וואָקזאַל איז לעבעדיק, פֿריילעך. דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, קריסט און ייִד, אַלע האָבן פֿאַרלאָזן זייערע הייזער נאָך פֿאַר דעם זון־אונטערגאַנג און געקומען צו דער באַן־סטאַנציע אָנצוקוקן די גרויסע ווונדער וואָס די שטעטלדיקע פּירער, מיט דעם הילף פֿונעם פּריסטאַוו, האָבן גע־זאָלט באַווייזן.

טאַרלאַקאַ, דער אוראַדניק, האָט דאָס מאָל, מער ווי אַלעמאָל, פֿאַר־דרייט זײַנע וואָנצעס מיט צוויי שטעכעדיקע שפּיצן אַרויף, און מיט דער נאַהייקע אין האַנט האָט ער געהאַלטן אָרדענונג: ניט צוגעלאָזט דעם פּראָסטן המון אַריבערטרעטן די אָנגעצייכנטע גרענעץ.

אייניקע גאַז־לאַמטערנעס זײַנען געלעגן איבערגעקערטע אויף דער ערד און די איבערגעבליבענע זײַנען שוין אויך אַזוי געשטאַנען פֿאַרחושכטע, אָפּגעלאָזטע, אַז מ׳האָט געקענט זען, אַז זייער סוף דערנענטערט זיך. ניט ווײַט פֿון זיי זײַנען שוין געווען אײַנגעפֿונדעוועט אין דער ערד הויכע סלופּעס מיט אַרײַנגעפּאַסטע קליינע רונדע, גלאַנציקע גלאָז־לעמפּעלעך, וועל־כע זײַנען גרייט געווען איבערצונעמען די באַלייכטונג פֿון וואָקזאַל, אַנשטאָט די אַלטע אויסגעדינטע גאַז־לאַמטערנעס.

די נײַע לעמפּעלעך האָבן האָפֿערדיק זיך געשאָקלט אין ווינט און גנביש געפֿינקלט. קלמן איז געשטאַנען אויבן אָן און זיך צוגעקוקט צו די נײַע לעמפּעלעך, צו די אַלטע פֿאַרוואַלגערטע גאַז־לאַמטערנעס און אים האָט זיך געדאַכט, אַז די נײַע לעמפּעלעך רייצן זיך מיט די פֿאַרחושכטע גאַז־לאַמפּן און טענהן שטילערהייט אַריין אין זיי: „וואָס שטייט איר נאָך, איר אַלטע נאַראָנים? זעט איר דען ניט, אַז איר זייט שוין אויסגעשפּילט, אַז אייער צײַט איז שוין פֿאַרבײַ, אַז אפֿילו אויף תּחית המתים האָט איר ניט צו האָפֿן?“

די אַלטע לאָמפּן האָבן פֿאַרזאָרגט געשוויגן, ניט געפֿונען פֿאַר בויטיק זיך אויסצוטענהן מיט די חוצפּהדיקע יונגאַטשעס. און קלמן האָט זיי באַ־דויערט. ער האָט געטראַכט וועגן די אויסגעשפּילטע לאַמטערנעס מיט פֿאַר־דרוס און האָט צו זיך אַליין געזאָגט: יאָ, אָט דאָס איז דער דאַנק פֿאַר זייער לאַנגיאָריקער נוצלעכער אַרבעט, פֿאַר זייער שטענדיקן באַלײַכטן און באַ־דינען דעם מענטשן. און די מענטשן, ניט נאָר זיי באַדויערן זיי ניט, נאָר זיי פֿרייען זיך מיט זייער סוף; פּע, אַ פּאַסקודנע וועלט!

## קלמנס בענקשאַפט

אז קלמן איז געקומען אהיים, צו זיך אין אלקערל, נאָכן פּאַראַד און נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט ער רוענדיק אזוי אויפן טאַפּטשאַן זיך דערמאָנט וועגן זיינע געוועזענע פריינד — ר׳ עליעס פערד, דעם בולאַן און דעם קאַשטאַן. זיי מוזן שוין אויך זיין אויסגעשפּילט אזוי ווי די אַלטע לאַמטער־נעס, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אויפן וואָקזאַל און קיינער האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט.

קלמנען, וואָס האָט צוגעוואָרפן די בייטש צו ר׳ עליען און געוואָרן אַ טרעגער אויף דער באַן־סטאַנציע, האָט זיך געדוכט אז זיין פּרנסה איז אַ מער בכבודיקע, דאָך האָט ער נאָך אַלץ געהאַט א בענקשאַפט נאָך ר׳ עליעס פערד. די צוויי פערד — זיי זיינען געווען קלמנס בעסטע פריינד. מיט מענטשן האָט ער וויניק געהאַט צו טאָן, קיין אמתע חברים האָט ער זיך ניט צוגעקליבן, דעריבער זיינען די פערד געווען זיינע באַגלייטער אין לעבן: ער פלעגט ריידן צו זיי ווי צו זיינס גלייכן, אים האָט זיך געדוכט אז ער טראַכט זייערע טראַכטענישן, און זיי פאַרשטייען אים גוט.

קלמן דערמאָנט זיך אַן אָסיענדיקע נאַכט: ער האָט געפירט אַן אָנגעלאָ־דענעם וואָגן. קיין מיטפאָרער זיינען ניט געווען — ער און די פערד. אַ שוואַרצער פאַרכמאַרעטער הימל, קיין איינציק שטערנדל — וואַלד פון פאָרנט, וואַלד פון הינטן, און פון ביידע זייטן וועג — וואַלד. אַ דריבנער רעגנדל האָט געפּאַטשט אין פּנים, די פערד זיינען נאַס געווען. דער וואַלד האָט גערוישט. און קוקנדיק אזוי דורך דער געדיכטער פינצטערניש פון דער קעלניע אַראָפּ און צוהערנדיק זיך צום פאַרשקענען פון די פערד, האָט זיך קלמנען אויסגעדוכט אז זיינע פערד פירן צווישן זיך אַ שמועס:

בולאַן: „שלעפּ, שלעפּ, שלעפּ! אַן אַ ציל און אָן אַ ברעג, פאַרוואָס?"

„פאַר היי", ענטפערט קאַשטאַן, „וועסט ניט שלעפּן, וועסטו ניט פרעסן!"

„פרעסן? אַלץ הייסט פרעסן, אַ ביסל היי, אַ ביסל שטרוי!"

„שבת — האָבער, וואָס נאָך ווילסטו?"

„שבת? מוחל, שבת פעלט כוח צום עסן. וואָלט אַלע טאָג שבת געווען, אָהאָ! איז שבת קורץ און די וואָך אזוי לאַנג!"

„גערעכט! פאַר פּריצישע פערד איז אַ גאַנצע וואָך שבת, פע, אַ מיאוסע וועלט, אַ פאַלשע וועלט!"

און אזוי האָט קלמן זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין דאָס פערדישע לשון.

קלמן האָט ליב געקראָגן זיינע פערד פאַר זייער רואיקייט און נאָכגעביקייט. ער האָט דאָס ביי מענטשן קיינמאָל ניט געזען. ניט די בייטש און ניט דאָס בייטש־שטעקל האָט זיי ווען אריינגעפירט אין כעס. די פערד האָבן אַלץ צוגענומען באהבה, און ווער רעדט נאָך זיינער אַ גלעט איבערן גריווע, וואָס איז גלייך באַגלייט געוואָרן מיט אַ צופרידענעם, דאַנקבאַרן הירזשען.

## דער ערשטער אויטאָמאָביל

איין איינציק מאָל האָט קלמן דערזען אין זיינע פערד רציחה. דאָס איז געווען אין אַ הייסן, זומערדיקן טאָג. די זון האָט געפלאַמט, געשיקט קאָכיקע, ממש ברענענדיקע שטראַלן פון הימל אַראָפּ, צו קלמנען און זיינע פערד. די פערדלעך זיינען האָפּערדיק געלאָפן, מיט אַ לייכטן, ליידיקן וואָגן, צוריק אהיים, פון אַ שווערער נסיעה, האָבן פריילעך געפאָרשקעט און מיט פלייס געטריבן מיט די עקן די נגעדיקע פליגן, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אין זייערע פערדישע פעלן.

קלמן איז זיך געזעסן אויפן קעלניע, געלאָזן קנוילן רויך פון זיינע מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן און זיך אונטערגעברומט אויף זיין באַסאָווער שטימע „לא אמות כי אחיה". מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט ווי זיינע פערד האָבן אָנגעשפּיצט זייערע אויערן, גלייך אַ גרויסע סכנה רוקט זיך אויף זיי אָן.

אין אַ ווײַלע ארום האָט ער דערהערט עפּעס אַ זשומען. דאָס זשומען איז געוואָרן אַלץ נענטער און שטאַרקער. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און קלמן האָט פון דערווייטנס, הינטער זיין בויד, דערזען עפּעס אזא מאַשין — אַ וואָגן אויף פיר רעדער, אָן אַ פערד, פליט מיט אזא מין אימפּעט און מיט אַזאַ רעש און לאָזט הינטער זיך איבער אַ וואָלקן רויך און שטויב. קלמן איז צעטומלט געוואָרן פאַר שרעק.

ער האָט אויף גיך גענומען פאַרדרייען שטאַרקער די לייצעס ארום זיינע הענט, ווייל די פערד האָבן זיך גענומען שטעלן אויף די הינטערשטע פיס, גענומען הירזשען מיט אזא מין רציחה ווי דער מלאך־המוות וואָלט זיך דערנענטערט צו זיי. און ווען דער משונהדיקער וואָגן איז פאַרבייגעפלויגן האָבן זיך די פערד פון שרעק אזוי פאַרגאַלאָפּירט, אז קלמנען איז אוממעגלעך געווען זיי איינצוהאלטן.

די פערד זיינען צעטראָגענע געלאָפן, זיינען אראָפּ פון וועג און איינגע־האַלטן דעם גאַלאָפּ ערשט דעמאָלט, ווען דער וואָגן איז שוין געלעגן איבער־געקערט אין אַ גראָבן און די האַלאַבאַליע איז ארויסגעשפּרונגען פון אַקס.

מיט ניסים האָט זיך קלמן ארויסגעראַטעוועט. אַ צעקאַליעטשעטער און אַ צעבלוטיקטער איז ער געשטאַנען ביי זיינע פערד, געגלעט זיי, גערעדט צו זיי און זיי באַרואיקט. און ווען קלמן האָט מיט מאַטערניש צוריק צונויפ־געשטעלט דעם שפּאַן און האָט ארויסגעפירט די פערד אויפן שליאַך, האָבן די פערד נאָך אַלץ זיך ניט באַרואיקט. פון זייער כסדרדיקן כעסדיקן היר־זשען האָט קלמן פאַרשטאַנען, אז די פערד האָבן די גייע מאַשין אויפגענומען מיט אומצוטרוי. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייער בידנעם ביסל האָבער און האָבן באַין אופן זיך ניט געלאָזט באַרואיקן.

זינט יענער נסיעה, ווען קלמן פלעגט דערהערן דאָס הודזשען פון אַן אויטאָמאָביל, פלעגט ער אויף גיך זיך אַראָפּכאַפּן פון דער קעלניע, צוהאַלטן שטאַרק זיינע פערד ביים אָברוטש און איינטענהן מיט זיי, אז זיי האָבן זיך ניט פאַרוואָס צו שרעקן, זיי זאָלן שטיין רואיק, ווייל ניט זיי מיינט מען עס.

און קלמנען האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיינע פערד זיינע טרויעריקער גע־וואָרן, אז זיי האָבן עפּעס אָנגעהויבן פילן אז זייער סוף דערנענטערט זיך. און קלמן האָט מיטגעטרויערט מיט זיי.

## די ערשטע באַגעגעניש

דער געדאַנק צו אַנטלויפן פון שטעטל האָט קלמנען אַלץ מער געמאַ־טערט. ער האָט כסדר געטראַכט וועגן דעם, אָבער קיין אויסוועג האָט ער ניט געהאַט. אַ חוץ זיינעם אַ פעטער אין אפריקע און זיין אָרעמער מאַמען אין שטעטל האָט ער קיין קרוב און קיין גואל ניט געהאַט. קיין געלט אויף זיך לאָזן אין דער וועלט ארייך צו זוכן זיין גליק, האָט ער אויך ניט געהאַט. אָבער פאַרצווייפלט איז ער ניט געווען, ווייל ער האָט געפילט אז דער טאָג זיינער וועט קומען, כאָטש ער האָט געוווסט ניט געוווסט פונוואַנען און ווי אזוי.

* * *

האַרבסט. עס זיינען שוין פאַרביי אלע יום־טובים. דער עולם גרייט זיך צום ווינטער.

אויפן וואָקזאַל ווערט רואיקער. ניטאָ די זומערדיקע פריילעכקייט. די יונגע שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך, וואָס קומען אָפּוואַרטן די באַן, ווערן שיטערער.

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט, ווען קלמן האָט אויפגעלייגט אַ פּאָר פּעק און טשעמאָדאַנעס ביים ראַנד פון פּלאַטפאָרם, אויפן אָרט ווו דער באַגאַזש־וואַגאָן האָט זיך געדאַרפט אָפּשטעלן, און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שווערן פּאַק זיך אָפּרוען, האָט ער מיטאַמאָל דערהערט אַ שטים פון אַ פרוי:

„דאָס זייט איר, פּאַני טראַיעוויצקי?"

לכתחילה איז קלמן צעטומלט געוואָרן און ניט געענטפערט. ער איז ניט זיכער געווען, צי דאָס מיינט מען אים. אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט און דערזען אַ יונג, שיין מיידל קעגן זיך, וואָס חזרט איבער צום צווייטן מאָל זיין פאַמיליע־נאָמען, איז ער רויט געוואָרן און האָט געגומען שטאַמלען:

„יאָ, דאָס בין איך, אוודאי בין איך דאָס, קלמן טראַיעוויצקי!"

פאַר אים איז געשטאַנען אַ מיידל פון מיטעלן וווקס. אירע שוואַרצע אויגן האָבן אים גלייך אין פּנים אריינגעקוקט. אירע שוואַרצע האָר זיינען גלאַט פאַרקעמט, ווי ביי אַ נאָר וואָס געענדיקטער גימנאַזיסטין. געהאַט האָט זי אַ מאַטאָוון, טונקעלן פּנים, און אַ פּאָר חן־גריבעלעך אין די באַקן.

„מיין נאָמען איז סאָניע שאַפּירא. איך האָב צו אייך אַ גרוס, פּאַני טראַיעוויצקי", האָט זי שמייכלענדיק צו אים געזאָגט. „מיין שוואָגער פון אפריקע, איך גלויב, אַז ער איז אייער פעטער, האָט אונדז געבעטן אייך אויפזוכן און פרעגן, וואָס איר און אייער מאַמע מאַכן און אויב איר בויטיקט זיך אין שטיצע. איך פאָר קיין אפריקע, און דאָס פאָר איך טאַקע איצט קיין וואַרשע וועגן מיינע פּאַפּירן. איך האָף אינגיכן זיין דאָרטן, וועל איך אָפּגעבן מיין שוואָגער אַ גרוס פון אייך... איז וואָס, זאָגט איר, זאָל איך איבערגעבן אייער אָנקל, פּאַני טראַיעוויצקי?"

„וואָס זאָל איך זאָגן?" האָט קלמן געגומען שטאַמלען, זוכנדיק די שענסטע ווערטער וואָס ער קען. „איך בין זייער צופרידן מיט אַזאַ גרוס. איך דאַנק אייך זייער, פריילין. און וועגן שטיצע, אַ דאַנק גאָט, בויטיקן מיר זיך ניט. איך בין געזונט און פאַרדין פאַר אונדז, נאָר אויב איר וואָלט קענען בעטן מיין פעטער מיך אויך אריבערנעמען קיין אפריקע, וואָלט איך אייך זייער דאַנקבאַר געווען. זאָגט מיין פעטער, אַז איך וועל אים צו לאַסט ניט פאַלן, און איך וועל אים דינען אין פייער און אין וואַסער".

קלמן איז געווען אויפגערעגט. ער האָט אליין ניט פארשטאַנען פאַר־וואָס: צי פאַר שמחה, וואָס אַ שטראַל ליכט האָט אַ שיין געטאָן אין זיין פינצטערן לעבן, צי ווייל אזא שיינע פריילין איז געשטאַנען פאַר אים מיט אזא ליבן שמייכעלע און האָט גערעדט צו אים אזוי פריינדלעך, ווי צו אירס אַ גלייכן.

קלמן איז שוין פון איר ניט אָפּגעטראָטן. ער האָט גענומען אירע פּעק־לעך, איר געקויפט דעם בילעט און געפונען אַ גוטן אָרט פאַר איר אין וואַגאָן. ביים געזעגענען זיך, ווען קלמן האָט אַ נעם געטאָן סאָניע שאַפּיראָס קליין הענטעלע אין זיין גרויסער, האַרטער, מאַזאָליסטער האַנט, האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערפילט עפּעס אזא וואַרעמקייט אין זיין גאַנצן קערפּער, אז דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן.

אַ לאַנגע צייט האָט ער נאָכגעקוקט די אָפּגייענדיקע באַן.

## קלמן ווערט אַן אַנדער מענטש

פון יענעם אָוונט איז קלמן עפּעס געוואָרן אַן איבערגעביטענער. דער שטענדיקער שמייכל פון זיין פּנים איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און ער איז זייער אָפּט ארומגעגאַנגען פאַרטראַכט. די סיבה דערפון האָט ער אליין ניט גע־קענט פאַרשטיין. ער האָט אָפּט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיין פעטער אין אפריקע. אין געדאַנק האָט ער זיך געפּרוווט פאָרשטעלן דאָס לאַנד אפריקע מיט די ווילדע שוואַרצע מענטשן, וועלכע בלאָנקען ארום אין די גאַסן, זוכן עפּעס אָפּצועסן.

אָבער מער פאַר אַלץ האָט ער געטראַכט וועגן דעם חנעוודיקן ברונעטן מיידל, וועגן סאָניע שאַפּיראָ: ביינאַכט, ווען ער גייט שלאָפן, שטייט אים דאָס מיידל פאַר די אויגן, און ווען ער שלאָפט שוין איין — חלומט זיך אים סאָניע שאַפּיראָ. אַ גאַנצן טאָג, ביים שלעפּן די פּעקלעך, טראַכט ער וועגן איר. ער זוכט זי ארום צווישן אַלע קומענדיקע און אָפּגייענדיקע באַנען. צייטנווייז, ווען ער טראָגט אַ לייכטן טשעמאָדאַן, טראַכט ער ביי זיך: אַך, ווען איך קען זי אזוי טראָגן אויף מיינע הענט. און בשעת מעשה דריקט ער צו דעם טשעמאָדאַן צו זיך און ברומט ארויס: אַך, טשעמאָדאַנטשיקל, דו מיינס!

קלמן האָט איצט גענומען טראַכטן אויך וועגן זיך, וועגן זיין תכלית. ער האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוגעווינען פון ביטערן טראָפּן: איך האָב קיין

רעכט ניט צו טראַכטן וועגן אזא פיין „זשאַבקעלע", כל זמן איך הער ניט אויף צו טרינקען.

קלמן האָט גענומען קוקן מער אויף זיך, אויף זיין הילוך, אויף זיין אויס־זען. ער האָט באַשטעלט פאַר זיך אַ נייעם גאַרניטער און אַ פּאָר נייע קאַ־מאַשן. ער האָט גענומען אָפּשפּאָרן אַ פּאָר רובל אויף אַ שלעכטן טאָג, און האָט ביי זיך געטראַכט, אז ווען ער וועט ווידער טרעפן דאָס שיינע פריילין, וועט ער איר אויסדערציילן אַלץ, וואָס ביי אים טוט זיך אויפן האַרצן, און זי, סאָניע שאַפּיראָ, וועט אים פאַרשטיין. זי זעט אויס צו זיין פון די געלערנטע, אָבער עס מאַכט ניט אויס. דווקא די געלערנטע שעמען זיך אָפּט ניט מיט פּראָסטע מענטשן. ער וועט איר אויך זאָגן, ווי אזוי זי האָט אים אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט און אז ער איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר איר, אַקערן מיט זיינע געזונטע הענט די ערד פאַר איר, און נאָך אַ סך זאַכן וועט ער איז זאָגן, אַבי ער זאָל נאָר ניט פאַרגעסן...

* * *

קלמן האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם טאָג ווען ער וועט זי טרעפן. ער האָט זיך געגרייט צו יענעם גליקלעכן טאָג, ווי אַ פרומער ייד צו א גרויסן יום־טוב, און דער טאָג איז געקומען.

סאָניע שאַפּיראָ איז ווידער געשטאַנען אַנטקעגן אים מיט דעם זעלבן ליבן שמייכל. מיט אירע חן־גריבלעך אין די באַקן האָט זי געשמייכלט קלמנען אין פּנים אריין.

דאָס מאָל האָט זי אויסגעזען נאָך ייִנגער און שענער ווי קלמן האָט זיך איר פאַרגעדענקט. קלמן אָבער איז שוין דאָס מאָל געווען גאָר אַן אַנדערער. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און אין זיין פּנים האָבן זיך אַלע פאַרבן געביטן. ריידן האָט ער ניט געקאָנט, אזוי ווי אַלץ וואָס ער האָט איר גע־וואָלט זאָגן וואָלט מיטאַמאָל פון זיין זכרון ארויסגעפלויגן. ער האָט געקענט ארויסשטאַמלען נאָר עטלעכע געציילטע ווערטער.

סאָניע האָט אים פריינדלעך צוגעזאָגט, אז זי וועט זיך באַמיען אויס־פועלן ביי איר שוואָגער ער זאָל אים אריבערנעמען קיין אפריקע. זי זעט אין אים, אין קלמנען, אַן אָרנטלעכן, ענערגישן, יונגן מענטשן. זי איז אי־בערצייגט, אז אין אַ ניי לאַנד, אין דער גרויסער שטאָט דאָרט, וועט ער האָבן הצלחה.

ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט צום דריטן מאָל אַ פּייף געטאָן, האָט קלמן ווידער אריינגענומען איר ווייך, צאַרט הענטעלע אין זיין האַנט און האָט עס פאָרזיכטיק געדריקט. ריידן האָט שוין קלמן ניט געקענט, נאָר צוויי גרויסע טרערן האָבן זיך ביי אים אַראָפּגעקייקלט אויף זיינע פאַררויטלטע באַקן...

# 3

# אברהמל דער פּראַטשעשניק

## דער נייער שענק



הויכער, דאַרער ייד, מיט גלאַנציק־שוואַרצע אויגן און מיט אַ פּנים פון פּאַרמעט־קאָליר, וואָס איז געווען אָן־באָרדיק, גלאַט — ניט מחמת ער איז געווען אַ גלוח, נאָר זיין באָרד האָט זיך פּשוט איינגעעקשנט און ניט געוואָלט באַין אופן וואַקסן — דאָס האָט פאָרגעשטעלט דעם פאָר־טרעט פון אברהמל דעם פּראַטשעשניק. געשמט האָט אברהמל מיט זיין בריהשאַפט און קלוגשאַפט, וואָס האָט אים צוגעהאָלפן אַ גוטער שענקער צו ווערן.

אַראָפּגעקומען אין שטעטל, ווי דער חתן פון שרה די טראַקטירטשיכע, האָט ער זיך גלייך נאָך דער חתונה אַ נעם געטאָן צו זיין ווייבלס טראַקטיר. ער האָט דערקלערט זיינע חברים און פריינד, וואָס זיינען געווען אָפטע געסט אין שענק: „פאַרקויפן בראָנפן צו די מוזשיקעס איז אַן אַרבעט פאַר אַ מאַנצביל און ניט פאַר אַ יונג ווייבל“, און בעת מעשה האָט ער גאָר פאַר־געסן, אז פון פאַך איז ער אַ פּראַטשעשניק (אַן אייגנטימער פון אַ וועשעריי).

האָט ער זיך גענומען מיט דער גאַנצער ענערגיע אַלץ מאַכן אַנדערש, אויסבעסערן זיין ווייבס טראַקטיר, מאַכן שענער, און ער האָט ניט געשפּאָרט קיין אַרבעט. ער האָט תיכף אָפּגעדונגען דאָס דערבייאיקע שטיבל אין מיטן מאַרק, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות מיטן שענק, און דאָס האָט אים גע־שאַפן אַ בעסערע פּאָזיציע, האַרט ביי די טראַקטירן פון די צוויי ברידער לייבע און שימשע.

דאָס אלטע שטיבל האָט ער אויסגעפּאַרבט מיט ראָזע, גרויסע קוויטן אויף די ווענט און עס איבערגעצאַמט מיט ברעטערדיקע ווענטלעך, וועלכע ער האָט באַהאָנגען מיט געמאָלענע בילדער: פערד, וואָס פּאַשען זיך אויף גרינע לאָנקעס, אונטער בלויע הימלען, און ביימער אויפן האָריזאָנט. אין די צימערן האָט ער אריינגעשטעלט טישלעך, באַדעקט מיט צעראַטע, און באַקוועמע שטולן. אַ צופרידענער האָט ער אָנגעקוקט זיין אויפטו, און מיט גדולה האָט ער זיך געגרייט עפענען זיין נייעם שענק.

ער האָט ניט געקענט באַקומען אויף זיין אייגענעם נאָמען קיין דער־לויבעניש, צו האַלטן אָפן אַ טראַקטיר, ווייל ער איז אַ ייד. האָט ער זיך אַן עצה געגעבן — ער האָט ארויסגעקראָגן די דערלויבעניש אויף דעם נאָמען פון זיינעם אַ גוט־באַקאַנטן גוי, וואָס האָט צום עסק ניט דערלייגט. אָבער אזוי ווי נאַטשאַלסטווע ווייס אויך פון די אַלע קונצן, האָט ער זיך גלייך גע־נומען שמירן מיט לא יחרץ־מתנהלעך יעדער איינעם — פון פּריסטאַוו ביז צום איינפאַכן סטראַזשניק — און אזוי ארום געוואָרן כאַווער־לאַפּ מיט נאַ־טשאַלסטווע.

איז ער שוין אויך געוואָרן אָנגעזען ביי קהל און אַ גאַנצער קאָכלעפל אין די שטעטלשע ענינים. און אז ער איז דערהויבן געוואָרן צום נאַטשאַלניק פון דער פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע אין שטעטל, איז ער שוין אויך געוואָרן אַ מיוחס ביי די גויים. האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט און אָן שטערונגען גע־נומען פירן זיין שענק, וועלכן ער האָט איינגעאָרדנט גרויס־שטאָטיש, מיט די מאָדערנסטע נייקייטן.

## דער קדשי קדשים

צו אים אין שענק זיינען אריינגעקומען ניט נאָר גויים, נאָר אויך יידן. און יעדער איינער האָט זיך דאָרט געפילט גוט, ווייל ער האָט שוין געפונען אָפּגעזונדערט פאַר זיך זיין פּלאַץ און זיין חברה. אויב אין אנדערע שענ־

קען פלעגן אַריינקומען בעל־מלאכהס און ווילע יונגען, פלעגן זיך אָבער ביי אברהמלען אויך אריינכאַפּן שטילע, בעל־הביתישע יונגעלייט, וואָס וואָלטן זיך בפרהסיה געשעמט צו גיין אנדערשוווּ. פאַר אַ לייטישן יונגנמאַן איז געווען אַ באַזונדערער אריינגאַנג פון הויף, און כדי ער זאָל זיך ניט דאַרפן מישן מיט ניט זיינס גלייכן איז דאָרט געווען אַ חדר מיוחד, וואָס האָט גלייך געקראָגן דעם נאָמען „קדשי קדשים". בעלי־מלאכהס און סתם ווילע יונגעץ האָבן אויך געהאַט זייער באַזונדערן צימער, אָבער פאַר דעם המון — בעלי־עגלהס, גויים און פערד־הענדלער — איז געווען אַ גרויסער צימער פאָרנט, וואָס דער אריינגאַנג איז געווען פון אַ בריקל צום מאַרק.

אברהמל אליין פלעגט באַדינען יעדן פון זיינע קונדן, סערווירן אַ שטיקל ברויט, אַ זויערע אוגערקע, אַ קאָפּ פון אַ הערינג און פלעגט אויך ניט אָפּ־שטיין פון „צוקלאַפּן אַ גלעזל" און מאַכן אַ לחיים מיט דעם און מיט יענעם. מיט יעדן איז ער געווען אַ פריינד, אַ גוטער ברודער, ער פלעגט דורכקומען מיטן ערגסטן שיכור, און ארומגיין פון טישל צו טישל און דערציילן איינעם אַ וויץ, אַ צווייטן — אַ שטיקל פרישע נייעס.

איז זיין שענק טאַקע געוואָרן דער צענטער פון צוזאַמענטרעפענישן פאַר די שטעטלשע מענטשן — דאָ פלעגט מען אריינכאַפּן אַ שמועס, קי־בעצן די מיוחסים און גבירים. דער שענק האָט זיך צעבליט, געגומען וואַקסן פון טאָג צו טאָג און אברהמלס נאָמען איז געשטיגן, בעת דאָס פריערדיקע שענק־הויז פון לייבע און שימשע איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. אברהמ־לען האָט גראָדע צוגעשפּילט דאָס, וואָס די צוויי ברידער, לייבע און שימשע, האָבן ניט געלעבט בשלום. וואָלטן זיי געלעבט צווישן זיך ווי צוויי ברידער דאַרפן לעבן, וואָלטן זיי מיט צוזאַמענדיקע כוחות זיך געקענט קעגנשטעלן די סכנה פון אברהמל דעם פּראַטשעשניקס נייעם שענק, אָבער וואָס מער די פרנסה איז זייערע שענקען איז געוואָרן שוואַכער, אַלץ אָפטער פלעגן די געשלעגערייען און זידלערייען פון ביידע ברידער פאַרהילכן די גאַס און זייערע קונדן פלעגן זיך צעלויפן.

## קלמנס בענקשאַפט צו סאָניע שאַפּיראָ

וואָכן זיינען פאַרביי זינט קלמן האָט זיך געזעגנט מיט סאָניע שאַפּיראָ, אָבער זי קריכט אים פון געדאַנק ניט ארויס. פון יענעם טאָג, ווען ער האָט זי געזען דאָ, אויפן וואָקזאַל, גייט ער ארום אַ צעקאַנטושעטער. דאָס מיידל

האָט אים אַ כּישוף אָנגעטאָן. יעדן טאָג דערמאָנט ער זיך אָן זייער געזעגע־נען זיך. ווען ער טראָגט זיינע פּעק, ווען ער רוט, ווען ער עסט, און נאָך מער ווען ער שלאָפט, דאָס מיידל איז מיט אים אין זיינע טראַכטענישן און אין די חלומות. איצט איז אים שוין קלאָר פאַרוואָס ער געפינט זיך ווי אויפן עולם התוהו: ער איז פאַרליבט, דאָס וואָס מ׳רופט ליובאָוו.

און אַז ער ווייס שוין, אַז ער איז פאַרכליאַנעט אין אַ מיידל וואָס איז אוועקגעפאָרן ערגעץ אין דער ווייט, איבער גרויסע ימים, דערפילט ער ווי שוואַך ער איז אַז ער זאָל קענען אויסדריקן זיין ליבע צו איר. וועגן שרייבן בריוו, ווי אַנדערע בחורים טוען, איז דאָך אָפּגערעדט: מ׳האָט אים ניט גע־לערנט, און אויב מ׳וואָלט אים יאָ געלערנט, דוכט אים, אַז ער וואָלט קיינ־מאָל זיך ניט אויסגעלערנט. עפּעס האָט ער אַלעמאָל געהאַט צו טאָן מיט פערד און מיט וועגענער, און אַ פּען איז אַן איידעלע זאַך. און אַזאַ פּען, וואָס די געלערנטע יידן רופן אויך פעדער, און זי איז טאַקע לייכט ווי אַ פעדער, וועט זי זיך דאָך גליטש פון זיין האַנט ארויסגליטשן. און באמת, טראַכט ער פאַרזאָרגט, ווי וואָלט די פּען וואָס אַנדערע שרייבן מיט איר אַזוי גרינג און אַזוי שיין, זיך געהאַלטן אין זיין גרויס־צעוואַקסענע פאַרמאַזיאָ־ליעטע האַנט? זי איז דאָך אַזוי פּיטשינק־קליין און זיין האַנט אַזוי גרויס, ווי אַ קליין טשעמאָדאַנטשיקל אין זיין גרויסער בויד. אָט, ווען עס איז אַ בייטש־שטעקל, וואָלט ער זיך שוין אַן עצה געגעבן, אָבער מיט אַ פּען? זי וועט זיכער זיך ארויסגליטשן פון זיין האַנט. אין האַרצן קלעמט אים די בענקעניש. ער וויל זיך דערמאָנען אַ באַקאַנטן, וואָס וואָלט אים געקענט אָנשרייבן אַ בריוו צו סאָניען. מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך: אברהמל דער פּראטשעשניק. נאָר ער טרייסלט זיך באַלד אָפּ פון געדאַנק: ווי קען מען עס דורך אַ פרעמדן מענטשן דערציילן אַזעלכע זאַכן וועגן ליבע? און ער פאַר־שעמט זיך פאַר זיך אליין וואָס ער האָט דאָ געוואָלט ערשט איצט טאָן.

און ער דערמאָנט זיך, אַז סאָניע האָט אים טאַקע פאַרזיכערט מיטן גאַנצן האַרצן, ביים געזעגענען זיך, אַז זי וועט זיך סטאַרן ביי זיין אָנקל אַז ער זאָל אים וואָס גיכער אריבערנעמען, אָבער ער פאַרשטייט אַז עס איז נאָך פאָלג מיר אַ גאַנג. ביז ס׳וועט זיך עפּעס אָנהייבן מיט זיין פאָרן, וועלן מסתמא נאָך יאָרן אריבערגיין, טראַכט ער מיט אַ ציטער אין האַרצן. אָבער ארומגיין אַזוי אַ פאַרבענקטער און אויסגיין נאָך איר, איז אויך קיין תכלית ניט, גיט אים מיטאַמאָל אַ טיאָכקע און די פיס גיבן אים ווי פון זיך אַ טראָג.

און נאָך אַ לאַנגער הפסקה דערזעט ער זיך שטיין אויף דער שוועל פון אברהמל דעם פראַטשעשניקס שענק, ווי עמעצער וואָלט אים דאָ אַהער פאַרנאַרט.

„האָסט זיך געלאָזט איבערבעטן מיטן יצר־הרע?" נעמט אים אברהמל אויף מיט אַ שפּאַס, אין וועלכן קלמן דערפילט אי אַ פאָרוווּרף און אי די צופרידנקייט פון בעל־הבית, וואָס ער האָט זיך ווידער געיאָוועט.

## אין שענק

ווען קלמן האָט אַן עפן געטאָן די מאַרקטיר פון אברהמלס שענק, האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין זיין שמעקער דער גוט־באַקאַנטער ריח פון בראָנפן מיט הערינג, געפּרעגלטע פיש און אַ געדיכטער רויך פון מאַכאָרקע־טאַבאַק. אברהמל האָט אים איצט אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום־עליכם, און לכבוד אזא גאַסט האָט ער אויפגעשלאָסן דעם „קדשי קדשים" און אים אַהין אריינגעפירט מיט גרויס פּאַראַד.

דאָס ערשטע האָט אברהמל מכבד געווען קלמנען מיט אייגן געמאַכטן ווישניאַק, וואָס ער האָט געהאַלטן ספּעציעל פאַר גאָר בכבודיקע געסט. נאָך דעם האָט ער זיך מיט אים פונאַנדערגעשמועסט וועגן פאַרשיידענע ענינים, אָבער וואָס אים דריקט האָט ער, צוליב עפּעס, פון קלמנען ניט געקענט ארויסבאַקומען, ווייל ער איז געזעסן אָנגעבלאָזן און פאַרכמורעט. און ווען ער האָט ארונטערגעלאָזן דאָס זעקסטע גלעזעלע האָט ער זיך גאָר מיט איין מאָל צעכליפּעט אויף אַ קול, ווי אַ קליין קינד, אז אברהמלען אליין האָט פאַרקוועטשט אונטערן לעפעלע. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אזא גבר, ווי ער וויינט ווי אַ פיצל קינד.

„ניט גוט, ר' אברהם", האָט קלמן געקראַצט זיין צעשויבערטע טשופּרינע און אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ פאַר אברהמלען, „ניט גוט צו לעבן אויף דער וועלט! אז די ניכפּה זאָל עס נעמען... דוכט זיך, ווען טשעפּע איך? אָבער עס טויג ניט, ר' אברהם, אז פאַרברענט האָט עס אַלץ געמעגט ווערן!" האָט ער געשאָלטן די גאַנצע וועלט.

אז אברהמל האָט געהערט דעם בולאַנס רייד, האָט ער שוין געזען אז ער איז מלא ביז איבער די אויערן. ער האָט זיך האַסטיק צוגעשאַרט צו זיין ווייב און איר איינגערוימט:

„שרה, טו נאָר גיך אַ שפּרונג אין גאַס ארויס, זוך אויף כאטשען און העטשען און ברענג זיי וואָס שנעלער אַהער".

אז כאטשע און העטשע זיינען אַ ווײלע שפּעטער געקומען צולויפן אָן אָטעם, האָבן זיי שוין געפונען קלמנען כראָפּענדיק, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צום טיש. כאַטשע האָט זיך צוגערוקט און באַמערקט ווי שטאַרק קלמן איז פאַרשניאָשקעט, האָט ער אים ערשט אַ קיצל געטאָן אונטערן פּאַכווע און גלייך דערויף אַ כמאַל איבערן פּלייצע, וואָס האָט מיט איין מאָל קלמנען אויסגעטשוכעט. אז קלמן האָט דערזען כאַטשען, האָט זיך אַ ברייטער שמייכל אויסגעלייגט אויף זיין פּנים און מ׳האָט זיך ארומגעכאַפּט ווי ברידער וואָס האָבן זיך לאַנג ניט געזען. אויפן טיש איז גלייך אויסגעוואַקסן אַ פלאַש מיטן „רויט בלעטל", א פריש ברויטל, אַ הערינג און אַ גאַנצער טעלער מיט צוגעפּראַוועטע גריוונעס און ציבעלעס, וואָס האָט פארשמעקט דעם ארום.

„נו, וואָס זיצסטו ווי אַ ליימענער גולם, בולאן איינער, מיר זיינען דיר מכבד מיט פתיחה", האָט כאַטשע אַ ווייז געטאָן מיטן האַנט אויפן פלעשל.

קלמן האָט זיך מיט אַ שמייכל אויפגעהויבן, אַ נעם געטאָן די פלאַש אין זיין רעכטער האַנט, זי אַ רגע באַטראַכט, ווי ער וואָלט זיך איבערלייגן וואָס צו טאָן מיט דעם, דאַן מיטן דנאָ פון פלאַש אַ זעץ געטאָן אין זיין לינקער דלאָניע, אז דער קאָרק האָט אַ שאָס ארויס געטאָן מיט אַ דינעם שפּריץ פון בראָנפן גלייך צו דער סטעליע.

„דער רוח נעמט דיך נאָך ניט, בולאן! די מלאכה האָסטו נאָך נישט פאַרגעסן, האָסט אַ קאָפּ פון אַ תלמיד־חכם", האָט זיך העטשע געוויצלט אַ צופרידענער פון דעם, וואָס דער בולאן האָט געמאכט אַ פריילעך פּנים און איז געוואָרן צוגעלאָזט.

## קלמן קלאָגט אויף זיין דאָליע

איצט האָט זיך די שמחה אָנגעהויבן אויפן אַלטן שטייגער פון דאָס ניי. די פלאַש איז מיט אַ פּינטל מיטן אויג געוועז לײדיק און פון צובייסן איז קיין זכר ניט געווען. קלמן האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן דעם חשבון פון די אויסגעטרונקענע גלעזלעך. אָבער אומדערוואַרט האָט קלמן מיטאַמאָל זיך ווידער צעכליפּעט און מיט טרערן גענומען אויסגיסן פאַר כאַטשען און העטשען זיין ביטער האַרץ.

„געוועזן אַ מיידל... סאָניע הייסט זי... זי איז דאָ דורכגעפאָרן... כ׳האָב איר געטראָפן אויפן וואָקזאַל". ער האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהייבן באַרו־איקן און דערציילט געלאַסן: „זי האָט עס מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון מיין פעטער אין אפריקע. זי איז אוועקגעפאָרן... ווייט... אזש קיין אפריקע", האָט ער ווי געשעפּטשעט מיט אַ שטיל קול, „און זי האָט גערעדט צו מיר אזוי פיין און פריינדלעך, ווי קיינער האָט נאָך אזוי ניט גערעדט... איך זאָג אייך, בראַטיאַ, אז זי איז אַ קראַסאַוויצע..." ער איז אריין אין עקסטאַז און זי געגומען מאָלן: שוואַרצע האָר און שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן... אין די פוכקע בעקעלעך חן־גריבעלעך. „און אז זי האָט מיר דערלאַנגט איר קליין, ווייך הענטעלע האָב איך דערפילט, ברידערלעך, אז כ׳בין אויפן זיבעטן הימל. זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט ווי מיט אַן אייגענעם ברודער און מיר צו־געזאָגט אז זי וועט אויספּועלן מיך אריבערצונעמען קיין אפריקע. זי וועט גיין צו מיין... ווי האָט זי געזאָגט? יאָ, צו מיין אָנקל, אָנקל האָט זי גע־זאָגט. אָבער ווי קען מיך אַזאַ גליק טרעפן ,אז זי איז אַ געלערנטע און איך בין אַ גראָבער יונג, אז די ניכפּה זאָל מיך נעמען... וואָס בין איך? אַ נאַ־סילשטשיק דאָרט אויף דער באַן. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אז מ׳האָט מיר ניט געגעבן לערנען, אז די כאָליערע זאָל מיך נעמען... כ׳וואָלט זיך פאַר איר אַ מיתה אָנגעטאָן!" קלמן האָט מיט די לעצטע כוחות זיך באַהערשט ווידער ניט אויסצוברעכן אין אַ געוויין. „זי איז דאָך אַזאַ קראַסאַוויצע... אַז די כאָ־ליערע זאָל קלמנען נעמען..." און ער איז אוועקגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע מיט אַ שיכור־הינטישן וואָיען, אז ביידע ארויסגערופענע חברים מיט אברהמלען, האָבן זיך קיין עצה ניט געקענט געבן מיט דעם כליפּנדיקן בולאַן.

„וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט, ר׳ אברהם?" האָט כאַטשע געפּרוווט ווייזן זיין בקיאות אין דער לאַגע. „איר זעט דען ניט, אז דער יונג וויל חתו־נה האָבן, א פּייער זוכט אים". און ער האָט געקוקט מיט אַ נצחון־פּייערל אברהמלען אין די אויגן, ווי ער וואָלט פאַר אים אנטדעקט אַ נייעס. דאַן האָט ער זיך אראָפּגעבויגן צו קלמנען און אים אָנגעהויבן טאָרען אין די זייטן:

„קלמנקע, אַ רוח אין דיר, וואָס האָסטו זיך צעגיזעוועט אזוי ווי מיין אָגער? אַ מענטש זאָל זיך דאָס אזוי צעיוכן! בולאַן, אַ בראָך דיר איר דיינע קישקעס ארייך, שטיי אויף און הער אויף צו פּראַווען ריזיקע, וואָרעם איך מאַך דאָ באַלד פון דיר אַ יאַטקע־קלאָץ!"

העטשע האָט אָפּגעהאַלטן כאַטשען פון שטורקען קלמנען. ער האָט זיך אָנגענומען זיין קריוודע און גערעדט צו אברהמלען:

„איז וואָס איז די עוולה אז דער בחור וויל חתונה האָבן, האַ? צו וואָס דאַרף מען זיך אויף אים אויפקאָכן? בעסער אויפזוכן אים אַ מויד, פלעכטן אַ תנאים און גלייך אויף אַן אָרט פאַרקנסן".

כאַטשע האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט רייד צו העטשעס זייט:

„אויסזוכן אַ מויד פאַרן בולאַן! האַ־האַ־האַ, שוין איין מאָל אַ געשיכטע! און דו ביסט שוין געוואָרן אַ שדכן אויך, מיין ברודער!" האָט זיך כאַטשע געקאָכט. „נו, אויב דו טראַכסט שוין יאָ פון דעם, טאָ מאַך אים חתונה מיט מאָדעדעס הינקעדיקער קליאַטשע. איז עס אפשר ניט קיין גלייכער שי־דוך, האַ?"

## קלמן אין רציחה

בולאַן האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי די רייד וואָלטן אים דערגרייכט און אַ שטאָך געטאָן. מיט איין מאָל איז ער געוואָרן אויסגעטשוכעט, זיך אוועקגעזעצט אויף דער טאַבורעטקע און זיך צעשריען ווי אַ געקוילעטער אָקס:

„אַ מויד פאַרן בולאַן ווילט איר זוכן? אז פאַרכאַפּט זאָלט איר ווערן! בולאַנעס זייט איר אַלע! אַ כוואַטשעטע פערד וואָס איר זייט! ווער האָט עס אייך געזאָגט אז איך וויל חתונה האָבן? וואָסער חופּה? וואָסערע האָ־ליאָבלעס? וואָס האָט איר זיך ביידע צעשריען אויף די בייכער? אז זי וויל מיר נאָך גאָר ניט. איר מיינט אז אָט כאַפּט זי מיך אויס, האַ? מיך — אַ בעל־עגלה, אַ נאַסילשטשיק? אז דער בראָך ווייס אייך אַלעמען, און דער קלאָג זאָל מיך נעמען! וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? וואָס ווילט איר פון מיר? ארויס פון דאַנען אין דר׳ערד אריין, אָבער גיך, אַניט צע־פּאַלמעס איך אייך דאָ באַלד און מאַך פון אייך בר־מיננס!"

ער האָט טאַקע געליאַרעמט און געשריען, אָבער בשעת מעשה האָבן זיך פון זיינע אויגן טרערן געקייקלט. טראָפּנס שוויים האָבן ארויסגעזעצט אויף זיין שטערן, ווי ער וואָלט געהויבן אַ שווערע משא. ער האָט אַ וויש געטאָן מיטן האַנטפלאַך דעם שטערן און זיך געקלאַפּט מיט ביידע קולאַקעס אין האַרצן, רעוועוענדיק ווי אַ צעיושעטער אָקס. ער האָט דאַן אַלע פינגער אריינ־געפלאָכטן אין זיין צעפּודלטער טשופּרינע און אַ פאַרמאַטערטער פון אויפ־

רעקונג זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. ער האָט אויסגעצויגן
הענט־און־פיס, ווי ער וואָלט געבליבן אָן אָטעם, שטיל, מיט פאַרמאַכטע
אויגן. אָבער וואָלטן זיינע חברים ניט געזען ווי ער אָטעמט שווער, ארויס־
לאָזנדיק יעדע ווילע אַ ברוסטיקן קרעכץ, וואָלטן זיי זיכער געמיינט אז ער
איז הלך לעולמו.

כאַטשע און העטשע האָבן זיך פילדייטיק איבערגעקוקט מיט אברהמלען
און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן — לאַכן אָדער וויינען. אברהמל האָט אַ ווונק
געטאָן מיט אַ פאַרזשמורעט אייגל און געמאַכט אַ פשרה צווישן לאַכן און
וויינען — ער האָט זיך צעשמייכלט. קוקנדיק אויף אים האָבן זיך דיביידע
צוגעהאַלטן פאַר די מיילער, זיי זאָלן ניט ארויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער.

קלמן האָט אָנגעהויבן טיף שנאָרכן און ס׳איז געווען קענטיק אז ער
שלאָפט.

„ר׳ אברהם“, האָט כאַטשע זיך אָפּגערופן, אז ער איז געווען זיכער אז
דער שלאָף האָט שוין איינגענומען דעם בולאָן, „מיר וועלן אים אַ היטב טאָן
און אויסציִען אויפן טאַפּטשאַן און אים דאָ פאַרמאַכן. זאָל ער זיך אויס־
דרושפּען, און ביז ער וועט זיך קענען שטעלן אויף די קאָפּיטעס פאַרמאַכט
די טיר. און נאָר ניט געזאָרגט — פאַר אַלץ וועט זיין באַצאָלט“.

און העטשע האָט עס פאַרגליכן מיט אַ משל, ווי ער וואָלט געגעבן דעם
פירוש צו כאַטשעס רייד :

„אַ מענטש, ר׳ אברהם, איז געגליכן צו אַ פערד. אַ פערד, אז ער אָכ־
וואָטשעט זיך, דאַרף מען אים אַ ביסל דורכפירן, אים אָפּגיסן מיט וואַסער
— און ער גייט ווידער אין שפּאַן. און אז אַ מענטש פּאָיעט זיך איבער,
דאַרף מען אים אויסציִען אויף די לאָפּאַטקעס, אָפּגיסן מיט אַ שעפל קאַלט
וואַסער — און ער שטעלט זיך ווידער אויף די קאָפּיטעס...“

# 4




## דער חדר מתוקן




ין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אין שטעטל אראָפּגעקומען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען משה גאלוש. ער איז געווען דער ערשטער צו עפּע־נען אין שטעטל אַ חדר מתוקן. די יידן האָבן דעם חדר מתוקן אַ נאָמען געגעבן „די נייע מעטאָדע״, און מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אז דער חדר מתוקן וואָלט אינגאַנצן אַראָפּגעזעצט דעם אַלטן חדר פון זיין גדולה, ווען משה גאלוש וואָלט זיך געהאַלטן נאָר ביי זיין פּעדאַגאָגישן פאַך און וואָלט זיך ניט פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן דעם ״בונד״.

משה גאלושעס חדר מתוקן, אָדער „די נייע מעטאָדע״, האָט אין אָנהייב, ניט קוקנדיק אויף די פּראָטעסטן מצד די מלמדים, אויסגעזען צו זיין אַ גרויסער דערפאָלג. אָבער ווען בעלי־בתים האָבן זיך דערוווסט, אז דער לערער פון דער נייער מעטאָדע איז גאָר אַן אָנפירער פון בונד — האָבן די טאַטעס פון די יינגלעך פון איין זייט, און די מלמדים פון די חדרים, פון דער צווייטער זייט, דערקלערט אַ קאַמף גאלושעס חדר מתוקן. עס איז דערגאַנגען אויף אזוי ווייט, אז מ׳האָט אין בית־מדרש ניט געלאָזן לייענען.

דער באַיקאַט אויף משה גאַלושעס חדר מתוקן האָט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג, ער איז געבליבן כמעט מיט איינציקע קינדער — גענוג ניט מער אויף צו דערהאַלטן די נשמה.

דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטן משה גאַלושן, ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיינע פּרינציפּן און זיך ווייטער אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט פון בונד.

ביז משה גאַלוש איז געקומען האָט דער בונד ניט פאַרמאָגט קיין צורה פון אַ פּאַרטיי. דער בונד אונטער דער פריערדיקער פירערשאַפט פון הירשל נאַכעס און יואל־פּנחס דעם קצבס, האָט נישט פאַרמאָגט קיין אידעע. מען האָט געהערט אז אומעטום עקסיסטירט שוין אַן אַרבעטער־פּאַרטיי בונד, האָט מען אין שטעטל אויך אָרגאַניזירט אזא פּאַרטיי. די אָרגאַניזאַטאָרן זיינען געווען די צוויי. מען פלעגט פון צייט צו צייט ברענגען אַן אָראַטאָר, מען פלעגט זיך צונויפזאַמלען אין וואַלד, אויסהערן דעם רעדנער, אָפּזינגען „די שבועה" און דערמיט איז געווען פאַרענדיקט. די פּראַקטישע ארבעט פונעם בונד ביז משה גאַלוש, איז געווען אין שאַפן אַ „באַיעוואָי אָטריאַד", שפּאַצירן אַלע אָוונט אויף דער בירזשע, וועלכע איז געווען אויף דער יידישער גאַס, און ארונטעררייסן ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען.

מיטן אָנקומען פון משה גאַלוש האָט דער „בונד" באקומען א נייעם פּנים. משה גאַלוש איז געווען אַ טעאָרעטיקער, א גייסטיקער פירער. אַ דאַנק אים זיינען געשאַפן געוואָרן לערן־קרייזן פאַר אָפּגעשטאַנענע חברים. דער אַנאַלפאַבעטיזם פון די חברים פון בונד האָט אָנגעהויבן קלענער ווערן. מ'האָט געגרינדעט אָוונט־קורסן, ווו מ'האָט געלערנט לייענען און שרייבן יידיש.

## אַ דעמאָנסטראַציע אין שטעטל

עס האָבן זיך דערנענטערט די טעג פון דעם 5טן יאָר, ווען ס'האָט זיך אזוי שטאַרק געטומלט מיט רעוואָלוציע. דער בונד האָט דעמאָנסטרירט אונטער משה גאַלושעס אָנפירונג פראַנק און פריי. דאָס איז פּאַרגעקומען אין אַ יריד־טאָג, ווען דער מאַרק איז געווען פול מיט הונדערטער פויערים, פערד און וועגענער. משה, אונטער דער שוץ פון בונדישן „באַיעוואָי אָטריאַד", איז צוגעקומען צו דער פּאָמפּע וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק. איינגעוויקלט אין אַ באַשליק ארום האַלדז, האָט זיך דער קליינער, דאַרער,

טונקעלער משה גאלוש ארויפגעדראַפּעט אויף דער פּאָמפּע און זיך גע־
ווענדט צו די מאַרק פּויערים, טיטולירנדיק זיי: טאָווארישטשי גראַזש־
דאַניני.

משה האָט לאַנג גערעדט. פּויערים האָבן זיך געזאַמלט ארום דער
פּאָמפּע. די מאַסע איז געוואקסן פון מינוט צו מינוט. די אויפמערקזאמקייט
פון די פּויערים איז געווען גרויס און משהס ענטוזיאַזם איז געוואקסן.
גערעדט האָט ער צו זיי אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך. זיינע רייד האָבן דער־
גרייכט צו די נשמות פון די פּויערים, און ווען ער האָט פארענדיקט האָט
פון זייערע ברוסטן ארויסגעברויזט א באשטעטיקונג אויף זיינע רייד. דער
דערפאָלג האָט אריבערגעשטיגן אַלע דערווארטונגען. דער „באָיעוואָי אָט־
ריאַד״ איז געבליבן אָן ארבעט.

די פּויערים האָבן משהן אראָפּגענומען אויף די הענט פון דער פּאָמפּע.
זיי האָבן זיך געבעטן ביי אים, אז ער זאָל זיי פירן, וועלן זיי צעטראָגן דעם
טראַקטיר וואָס שטייט קעגנאיבער. משה האָט דערפילט, אז ער האָט נאָך
ניט גענוג דערגרייכט מיט זיין רעדע, און איז ווידער ארויף דער פּאָמפּע
זיי צו לערנען, צו געבן פארשטיין, אז סאָציאַליזם מיינט ניט ראַבעווען,
מיינט ניט צעשטערן, נאָר זיך איינפאַך באַפרייען פון יאָך פון אונטערדרי־
קער, פון יאָך פון צאַר וואָס ווערט געפירט דורך ראַספּוטינען.

און אזוי איז די ערשטע מאַסן־אַגיטאַציע פון בונד, אַ דאַנק משה
גאלושן, ארויס פון די יידישע ד׳ אמות אין דער עפנטלעכקייט, צום דאָרף,
צו די פּויערים. ער האָט זיי צום סוף איינגעשטילט, כאָטש די געמיטער
האָבן אין זיי געברויזט מיט צאָרן.

## די הושאַקעס

האַרט ביי דעם ראַמיסצער טייך איז געשטאַנען אַ הויז מיט אַ הויכן,
שטיינערנעם פונדאַמענט, און נאָך העכער — אַ הילצערנער גאַניק. געשטאַנען
איז דאָס הויז אָפּגעזונדערט פון אַלע איבעריקע הייזער, אזוי ווי ס׳וואָלט
ניט געוואָלט האָבן קיין מגע־ומשא מיט זיי. דאָס הויז איז אָבער געווען
פאַרבונדן מיטן טייך, און עס איז שווער געווען צו באַשטימען ווער צו
וועמען עס געהערט, דאָס הויז צו דעם טייך, אָדער פארקערט.

אין דער אמתן האָט דאָס הויז געהערט צו די הושאַקעס. לייבע הושאַק,
דער פאָטער, איז געווען אַ ייד אַ הויכער, איינער פון די העכסטע מאַנסבילן

אין שטעטל. זיין ווייב כוואַליע, מיט אַ קאָפּ נידעריקער, אָבער אויך אַ הויכע. פאַרמאָגט האָבן זיי דריי בנים, הויכע און געזונטע, ווי ריזן.

זעלטן ווען מ׳האָט די הושאקעס געזען אין שטעטל, אויסער יום־טובים, איבערהויפּט ראש־השנה און יום־כיפּור. דעמאָלט פלעגט דער טאַטע מיט די בנים זיך אַראָפּלאָזן אין דעם שניידערשן שולכל, ווו ביים אריינגאַנג, אויף אַן אָפּגעזונדערט טישל, פלעגן זיך די הושאקעס צעלייגן מיט זייערע גרויסע מחזורים פון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט טוכלע ריחות. און כאָטש דער אַלטער לייבע פלעגט יום־כיפּור זיך אויספּוצן אין אַ ווייסן קיטל מיט אַ זיידענער יארמלקע אויפן קאָפּ, פלעגט ער אָבער ביים דאַוונען קיינמאָל זיך ניט שלאָגן על חטא ווי אַלע אַנדערע יידן אין שולכל. און וועגן ארויסלאָזן כאָטש איין טרער, אפילו צום ונתנה תוקף — דאָס אויך ניט. ער איז געווען האַרט ווי אַ שטיין און ס׳האָבן אים ניט גענומען, ניט די ווייבערישע קלאָגערייען, ניט דעם חזנס ווייניגדיקע תפילות.

יידן פלעגן אויף לייבן טייטלען מיט די פינגער: דאָס איז גאָר קיין ייד ניט, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, דאָס האָט גאָר אַ גוישע נשמה. אָבער לייבע פלעגט בלייבן קאַלט: זאָלן זיך קלאַפּן „חטאתי״ די וואָס זינדיקן אַ גאַנץ יאָר, איך בין ריין פון חטאים.

די בנים פלעגן טאַקע אריינקוקן אין די גרויסע מחזורים, אָבער צי זיי האָבן געוווסט וואָס אין די מחזורים שטייט, האָט קיינער ניט געקענט זאָגן, ווייל מ׳האָט זיי חושד געווען, אז זיי קענען גאָר קיין עברי ניט.

## זייער אַרבעט

די הושאקעס זיינען געווען רואיקע און שטילע מענטשן. זייער גאַנצע וועלט איז געווען דער טייך, און זייער חיונה האָבן זיי טאַקע געצויגן פונעם טייך. אזוי האָבן געלעבט טאַטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס, און אזוי לעבן די אייניקלעך: טייך־מענטשן. געבוירן געוואָרן אַלע ביים טייך, געהאָדעוועט זיך און געוואַקסן ביים טייך, און דער טייך איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור.

אין אַ פאַרוואָרפענעם, אָפּגעלאָזטן ברעג פון טייך, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט פארשיידענע וואַסער־גרינסן און מיט גרויסע בלעטער באַדעקט, דאָרט האָבן די הושאקעס געהאַט זייערע פעסט־געבויטע הילצערנע קאַסטנס, ווו זיי האָבן געהאָדעוועט ראַקעס. דריי שיפלעך, פאַרשלאָסענע אויף קייטן

און צוגעבונדן צום ברעג, האָבן געהערט צו זייער באַלעבאַטישקייט. זומער־צייט, ווען דער טייך איז ניט געווען געפרוירן, פלעגן די יונגע הושאקעס עטלעכע מאָל אַ וואָך זיך אוועקלאָזן מיט די שיפלעך ערגעץ ווייט אין טייך אריין און זיך צוריקקערן מיט אָנגעלאָדענע שטרויענע קוישן פול מיט ראַקעס, וועלכע פלעגן קריכן הינטערווײַלעכץ, איינער אויפן אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן.

וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די ראַקעס, האָט קיינער ניט געוווּסט. נאָר גערעדט האָט מען אין שטעטל, אז די הושאקעס טראַנספּאָרטירן די ראַקעס ערגעץ ווו אין דייטשלאַנד. מען האָט דערציילט מיט חידוש, אז די דייטשן עסן ראַקעס, אָבער ניט אַלע האָבן געגלויבט אין דעם.

יינגלעך האָבן באַטראַכט די הושאַקעס, ווי עפּעס מאָדנע אויסטערלישע מענטשן. קיין מורא פאַר זיי האָט מען ניט געהאַט. און כאָטש זיי זיינען געווען גרויסע ווי ריזן, זיינען זיי אָבער געווען ווי לאַכמאַנע פערד. שטענדיק געשמייכלט צו די יינגלעך, זיי מקרב געווען. אָפט מכבד געווען מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער אין אַ הייסן טאָג. ווער רעדט נאָך, אז א יינגל האָט זיך איינגעשטעלט מיט אַ כוח ארויסצוהעלפן ביים פּאַקן די ראַקעס אין די גרויסע קאַסטנס, איז ער שוין געוואָרן אַן אמתער גאַסט ביי די הושאקעס און זיי האָבן אים אפילו ארייגענומען אין אַ שיפל זיך דורכצושיפלען פון איין ברעג צום צווייטן.

## יענקל הושאק

דער יינגסטער פון די דריי בנים איז געווען יענקל הושאק: אַ הויכער ברייט־פלייציקער יונג מיט אַ רויטן פּנים אָנגעפּיקעוועט מיט זומער־שפּרינקעלעך און גרויסע צעפלאָשעטע האָריקע הענט, אויך באַזייט מיט זומער־שפּרינקעלעך. ער איז שוין ניט געגאַנגען אין די דרכים פון זיין טאַטן און זיינע ברידער.

יענקל הושאק איז געוואָרן אַן אָפּטער אריינגייער אין שטעטל און האָט זיך געענומען חברן מיט די בעלי־מלאכות. הירשל נאָכעס און יואל פּנחס דעם קצבס, די אָנפירער פון בונד, האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף יענקל הושאק, זיך אין דער שטיל געטראָפן מיט אים, אָפּגעגעבן אים אַן „אַגיטאַציע" און יענקל איז געוואָרן אַ חבר פון בונד.

יענקל האָט מיט אינטערעס גענומען באַזוכן די געהיימע פאַרזאַמלונגען ערגעץ אין וואַלד. ווען אַן אָראַטאָר, אַ יונגערמאַן מיט לאַנגע האָר, אָנגע־טאָן אין אַ פעלערינע מיט ברילן איז אַראָפּגעקומען האַלטן אַ רעדע, איז שוין יענקל געשטאַנען אויף „פּאַטראָל״. ער האָט געגעבן צייכנס צו די בחורים און מיידלעך, וועלכע פלעגן כלומרשט גיין שפּאַצירן, און מיט אַ ווונק זיי אָנווייזן דעם וועג ווו די פאַרזאַמלונג קומט פאָר.

יענקל איז אפילו פאר א קורצע צייט געווען דער פירער פון „באָיע־וואָי אָטריאַד״ און האָט אַ סך אויפגעטאָן ביים אראָפּרייסן ציוניסטישע פאַר־זאַמלונגען אין בית־מדרש. ער מיט זיין אָטריאַד פלעגן ארײַנפאַלן מיט געשרייען: נידער מיטן ציוניזם! זאָל לעבן דער בונד! דאַלאָי צאַר ניקאָ־ליי! דאַזדראַסטוויעט סוואָבאָדאַ אי ראַבאָטשי נאַראָד! און דאָס פלעגט אָפט העלפן, ווייל די ציוניסטן האָבן זיך ניט געוואָלט ארײַנלאָזן אין גע־שלעגן. ניאָמע קוליע, דער דאַמסקער שניידער, האָט אפילו אַמאָל פּרובירט זיך לאָזן מיט דער קוליע אין דער רעכטער האַנט אויף צו פאַרפירן אַ גע־שלעג, אָבער דער עולם האָט דעם בלייכן ניאָמען מיט גוואַלד אוועקגעריסן פון יענקלען און דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

נאָך אזא סצענע, פלעגט שוין יואל פנחס, דעם קצבס זון, אַ געוועזענער משורר ביים חזן, פאַרציען אויף אַ הויכן טאָן: „ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט״, חברה בונדיסטן האָבן אונטערגעכאַפּט און זיגרייכע פלעגן זיי פאַרלאָזן דעם בית־מדרש.

## די הושאקעס קעגן יענקלען

דער שלום־בית ביי די הושאקעס איז צעשטערט געוואָרן. דער אַלטער לייבע מיט די צוויי עלטערע זין האָבן זיך אָפּט גענומען ארומקריגן מיט יענקלען, אים מוסרן, פאַרוואָס ער חברט זיך מיט די בונטאָווששיקעס, מיט די שוסטערלעך און מיט די שניידערלעך, פאַרוואָס ער וויל גאָר אראָפּוואַרפן דעם קייסער ניקאָליי.

אָבער יענקל האָט זיך איינגעעקשנט, אז ער וויל בשום אופן דעם קיסר ניט האָבן, אז מ׳קען גאַנץ גוט אויסקומען אָן אַ קייסער וואָס איז אַ דאַרמאָ־יעד, אַ באַנדיט און אַ פּאָגראָמשטשיק. און דאָס חברן זיך מיט די בעלי־מלאכות האַלט ער גאָר פאַר אַ כבוד.

„מיט וועמען דען“, האָט יענקל געטענהט, „זאָל איך זיך חברן, מיט די בורזשויסקע זינדעלעך וואָס גייען אום גאַנצענע טעג דרייענדיק מיטן שטעקל און טונקען קיין פינגער אין קאַלט וואַסער ניט איין? מיט אָט די פּוסטע־פּאַסניקעס, וואָס לעבן אויף יענעמס חשבון און זויגן פון דעם ארבעטער דאָס בלוט, ווי פּיאַווקעס?... ברידער“, האָט יענקל זיך געקאָכט, „עס זיינען שוין אוועק יענע יאָרן ווען דער ארבעטער איז געווען פינצטער! נייע צייטן קומען אָן. נייע פרילינג־ווינטן בלאָזן און די זון וועט אינגיכן אָנהויבן שיינען אויף פאַרן דערשלאָגענעם אַרבעטער, פאַרן האָרעפּאַשניק. לאָמיר נאָר אַראָפּוואַרפן דעם פאַרפלוכטן צאַר באַטיושקאָ און אַ נייע וועלט וועט זיך אָנהויבן; אפילו פאַר דיר, טאַטע, און פאַר איך ברידער, ווייל איר זייט אויך האָרעפּאַשניקעס!“

יענקל האָט זיך גענומען לערנען לייענען און שרייבן ביי דעם פּאַרטיי־לערער, וועלכער האָט אַלע אָפּגעשטאַנענע חברים געלערנט אָן געלט. ער האָט מיט אינטערעס און פלייסיקייט זיך צוגעכאַפּט שלינגען די ווערטער, וועלכע זיינען אים ביז איצט פרעמד געווען. מיט דער צייט האָט שוין יענקל אָנגעהויבן לייענען ביכלעך, וואָס די פּאַרטיי האָט ארויסגעגעבן, און יענקלס חשיבות האָט זיך גענומען אָנזען.

יענקל איז געוואָרן איבערגעגעבן דעם בונד מיט לייב און לעבן. זיין איינציקע שטרעבונג איז איצט געווען — ווערן אַ מיטגליד פון קאָמיטעט. אָבער ער האָט אליין געפילט, אז ער איז נאָך דערצו ניט דערוואקסן. צו זיין אַ מיטגליד אין קאָמיטעט, מוז מען ראשית קענען אָפּגעבן „אַן אַגיטאַציע“, אָדער פירן אַ דיסקוסיע מיט ציוניסטן, און אויף דעם פילט ער זיך נאָך צו שוואַך, האָט ער דעריבער באַשלאָסן זיך אַ נעם טאָן וואָס מער צום לייענען און מיטן לייענען קען אַ מענטש אַלץ דערגרייכן. ער וועט נאָך ווייזן דער פּאַרטיי וואָס פון אַ געוויינלעכן פשוטן בחור, וואָס קומט ארויס פון פּראָסטע עלטערן, קען ווערן. ער האָט בטחון, יענקל, און מיט בטחון קען מען אַלץ דערגרייכן.

## קלמן קומט צו זיך...

ווען קלמן האָט זיך אויפגעכאַפּט, נאָך אַ טיפן און לאַנגן שלאָף ביי אברהמל דעם פּראַטשעשניק אין שענק, האָט שוין געווען גענומען גראָען אויף טאָג. בשעת־מעשה האָט ער אפילו ניט געוווּסט ווו ער געפינט זיך און

וואָס פּאַר אַ טאָג עס איז. ער האָט מיט פּאַרווונדערונג אַריינגעגראָבן זיינע בליקן אין דער גראָקייט און זיך ארומגעקוקט.

ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען אויסשיילן די קאָנטורן פון אברהמלס „קדשי־קדשים". ארום אַ ליידיקער פלאַש זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן רעשט־לעך פון צובייסן. ער האָט לאַנגזאַם זיך גענומען דערמאָנען, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט דעם נעכטיקן אָוונט. ער האָט זיך דערמאָנט אַז כאַטשע און העטשע זיינען דאָ מיט אים געווען. ער האָט אָבער בשום אופן ניט געדענקט ווען זיי זיינען אַוועק און פאַרוואָס זיי האָבן אים איבערגעלאָזט איינעם אליין.

קלמן איז אויפגעשטאַנען פון טאַפּטשאַן. ער האָט אויסגעגלייכט די מי־דע גלידער, אויסגעצויגן די לאַנגע ידים, אזש זיי האָבן אַ קנאַק געטאָן, און ער האָט זיך אויסגעגענעצט מיט אַ פול מויל. ער האָט נאָך געפילט אז די ביינער ברעכן אים, נאָר געוווסט האָט ער אז פון דאַנען דאַרף ער זיך באַצייטנס אָפּטראָגן איידער ס'ווערט גרויסער טאָג. אין מויל האָט ער גע־פילט אַ ניט גוטקייט; דער קאָפּ האָט אים ווייי געטאָן.

מיט שטילע טריט, ווי אַ גנב, האָט ער זיך ארויסגעשאַרט און פאַמע־לעך פאַרמאַכט די טיר. די פרימאָרגנדיקע קילבלעכע לופט האָט אים ארומ־געכאַפּט מיט אַ פרישקייט. דער טשאַד פון זיין מוח האָט זיך גענומען אויסוועפן. ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט שנעלע טריט צום וואָקזאַל.

° * *

אויפן וואָקזאַל איז געווען שטיל און האַלב־טונקל, ווי תמיד אין דער צייט. די הילצערנע, לאַנגע און שמוציקע בענק זיינען געשטאַנען פאַר־שאָטנט און ליידיק, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף די מענטשן וואָס וועלן באַלד קומען זיצן אויף זיי.

דער פּעראָן איז אויך געווען ליידיק. אויפן האָריזאָנט האָט זיך אָנגע־הויבן ארויפקייקלען א פייערדיקע קויל, וואָס האָט אָנגעזאָגט אז אַ זוניק־שיינער טאָג וועט באַלד געבוירן ווערן. אין דער לופט האָט זיך קיין ווינ־טעלע ניט געפילט.

קלמן האָט זיך ברייט צעזעצט אויף אַ באַנק ביי דער וואַנט. געצויגן אין זיך מיט פולע לונגען די פרישע לופט און געטראַכט וועגן נעכטן פאַר־נאַכט ביי אברהמלען אין שענק. ס'האָבן זיך דערהערט פון דער ווייט טריט.

זיי זיינען אַלץ נענטער געקומען. אַ הויכע פיגור האָט געשפּרייזט צום וואָקזאַל. מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם איז דער ערשטער פּאַסאַזשיר גע־בליבן שטיין קעגנאיבער קלמנען. ס'איז געווען יענקל הושאק. ער האָט קלמנען אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק:

„אַזוי פרי אויפן וואָקזאַל, קלמן? און עפּעס זעסטו מיר אויס צו זיין ניט געזונט", האָט זיך יענקל אָנגעבויגן און אים אריינגעקוקט אין די אויגן. „זעסט מיר אויס, ווי דו וואָלסט אָקאָרשט פון אַ קראַנקן־בעט אַראָפּ. וואָס איז מיט דיר, קלמן?"

„עט, ניט גוט אויפן האַרצן", האָט קלמן אָנגעהויבן ארויסלייגן אלץ, ווי אַ ווידוי. „האָט מען זיך געטראָפן מיט כאַטשען און העטשען ביים פּראַ־טשעשניק. נו, ווייסט דאָך, מיסתמא אריבערגעכאפּט די מאָס... ברעכן די ביינער, טוט ווי דער קאָפּ... וואָלט זיך איצט געפּאַסט א „פּאַכמעל", יעי באָגו, נאָר ס'איז נאָך אַ ביסעלע צו פרי. דאַרף מען ווארטן, וואָס אנדערש קען מען טאָן? און דו, בראַטיעץ, ווו פאָרסטו עס אזוי פרי?"

„ניט ווייט, קלמן", האָט יענקל קורץ געענטפערט און גנביש אָנגע־ווונקען צום פּעקל אונטער זיין אָרעם, ווי איינער זאָגט: גלייכער אז מ'רעדט ניט דערפון.

קלמן האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ ממזרשן ווונק מיט אַן אייגל, וואָס האָט געזאָלט באַטייטן: קיין יאָלד בין איך ניט און קיין פינגער אין מויל דאַרף מען מיר ניט אריינלייגן.

דער פרימאָרגן האָט אויפגעגליט אין זיין גאַנצער פּראַכט, מיט לעבן און באוועגונג. אויפן וואָקזאַל האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן פּאַסאַזשירן, און אַלע ווינקעלעך זיינען פול געוואָרן מיט מענטשן, מיט הוהאַ, מיט טומל.

קלמן האָט נאָך אַ מאָל אַ ווונק געטאָן צו יענקלען, ווי ער וואָלט אים צווינטשן הצלחה, און ער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אויפן וואָקזאַל.

## די קיידערשע גאַס

אין קיידערשן געסל, וואָס איז געווען דורכאויס באַוווינט פון טאָטערס (קיידאַרים), האָט זיך שטענדיק געטראָגן אַ ריח פון פעל און פון קליי. זומערצייט, אין די גרויסע היצן, פלעגט מען שוין דעם ריח באַצייטנס דער־שמעקן אין די שכנותדיקע גאַסן. אַ חוץ אייניקע, רייכערע, האָבן די מערס־טע טאָטערס געלעבט אין דעם געסל. זיי האָבן זיך פאַרנומען אויסער מיט

ערד־אַרבעט, אויך מיט אויסאַרבעטן יוכטענע פעלן פאַר דער לעדער־אינ־דוסטריע, וואָס זייער גערוך איז געווען שאַרף און עסיק.

געלעבט האָבן די טאָטערס פון שטעטל כמעט ווי אָפּגעזונדערט פון די גויים, אָבער צוליב זייערע פּרנסות זיינען זיי געווען זייער אויסגעמישט מיט די יידן. יינגלעך האָבן דאָס אויסגעטייטשט, אַז זייער לעבן גוט מיט די יידן נעמט זיך דערפון וואָס זיי זיינען אונדזערע שוועסטער־קינדער — זיי קומען ארויס פון ישמעאלן, און ישמעאל איז דאָך געווען אונדזערס אַ לייבלעכער שוועסטער־קינד — דעריבער איז אזוי גרויס די פריינטשאַפט. אָבער יענקל הושאק האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער דאָזיקער קרובהשאפט און ער האָט דאָס אויסגעטייטשט גאָר אויף אַן אַנדער אופן, וואָס די יינגלעך איז דאָס געווען שווער צו פארשטיין.

לויט אים זיינען די גוטע באַציאונגען מיט די טאָטערס אַ פּועל־יוצא פון דער רעאַקציע, ווייל, האָט יענקל דערקלערט, די קיידאָרים זיינען אויך אַ פאַרשקלאַפט פאָלק אזוי ווי מיר יידן. דאָס הייסט, זיי האָבן ניט די זעלבע רעכט וואָס די פּראַוואָסלאַוונע האָבן און זיינען אויך אונטערדריקט אזוי ווי די יידן. דעריבער, האָט זיך יענקל באַמיט צו פאַרטייטשן, געהערן די קיידאָ־רים צום אונטערדריקטן קלאַס, און אַלע אונטערדריקטע קלאַסן האָבן דאָך די זעלבע אינטערעסן. אָט דערפון נעמט זיך טאַקע די פריינטשאַפט.

שוועסטער־קינדער זיינען טאַקע פריינט, ברידער — אוודאי, פונדעסט־וועגן שטערט עס ניט אז ברידער אָדער שוועסטער־קינדער זאָלן זיך רייסן איינער מיטן צווייטן. והראיה, אָט נעמט לייבען מיט שימשען — צוויי לייב־לעכע ברידער — האַלט עס זיי אָפּ אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק פון גע־שלעגן צווישן זיך, אזוי, אז די גאַנצע שטאָט לויפט זיך צונויף אויף דעם בייזן ווונדער? אַבי עס האָט נאָר צו טאָן מיט קאָנקורענץ, מיט פרנסה. נו, און די צוויי יידן זיינען דאָך אמתע ברידער. און צי לעבן דען אַלע יידן ווי ברידער? וועט זיך, למשל, חיים עוזרס חברן מיט אַ נאַש בראַט, אַ בעל־מלאכה? האָבן זיי דען די זעלבע אינטערעסן? וועט ער געבן געדרעכט אַ יידישן אַרבעטער, ווען ער וועט פאָדערן אַן 8 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, אָדער בעטן העכערן די שכירות? געוויס ניט! הייינט וואָס פאר אַ ברידער זיינען זיי?

די יינגלעך ווייסן טאַקע ניט וואָס צו ענטפערן אויף יענקלס מאָדנע תורה־ווערטער. אָבער איינער טוט אַ פרעג:

„יענקל, וואָס איז דאָס אזוינס רעאַקציע און קאָנקורענץ, דאָס זיינען אינאָסטראַנע ווערטער”, און יענקל דערקלערט די יינגלעך די ווערטער און זיי פאַרשטייען ווידער ניט.

* * *

דעם אַלטן קובאס זון, איבראַהים, איז שטענדיק געווען צווישן די יידי־שע בחורים און האָט אפילו אויסגעקוקט ווי אַ ייד. ווען איבראַהים פלעגט אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן ארומגיין אין דער יידישער גאַס, אויף דער בונדישער בירזשע, צוזאַמען מיט אַלע בונדיסטן, פלעגט אַ פרעמדן, אַן אריבערגעקומענעם חבר פון א צווייטן שטעטל קיינמאָל ניט איינפאַלן, אז איבראַהים איז ניט קיין ייד. דערנאָך פלעגט דער גאַסט מיט דרך־ארץ קוקן אויף איבראַהימען, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אז ער איז גאָר אַ קיידער.

איבראַהים האָט זיך געמישט מיט יידישע חברה, כאָטש ער האָט גע־ווינט אין דער קיידערשער גאַס, ניט ווייט פון מעטשעט. זיין טאַטע קובא איז שוין געווען זייער אַלט און איבראַהים האָט געאַרבעט אויף חיונה און אליין געפירט די באַלעבאַטישקייט. זייענדיק אַ חבר פון „בונד” האָט ער איבערגעגעבן זיין הויז אין דינסט פון דער פאַרטיי. און ווען אַ קליינער צוזאַמענטרעף האָט געדאַרפט פאָרקומען, ערגעץ אין דער שטיל, פלעגט שוין איבראַהים אריינפירן די „געסט” צו זיך אין שטוב, כלומרשט אויף צו פאַרברענגען. הינטער פאַרהאַנגענע פענצטער פלעגט מען דיסקוטירן און ס׳פלעגן אָנגענומען ווערן פאַרשיידענע רעזאָלוציעס.

אָט טאַקע צו דעם איבראַהים דעם קיידער אין אַלקער, האָט יענקל הו־שאק איינמאָל ארָאפּגעבראַכט קלמן בולאַן אים אָפּצוגעבן אַן אַגיטאַציע.

# 5






יענקל הושאַק האָט געבראַכט קלמנען צו איבראַהים דעם קיידער אין אַלקער, כדי אים דאָרט אָפּצוגעבן אַן אַגיטאַציע. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַן אַלטן, אויסגעקראָכענעם טאַפּטשאַן און יענקל האָט אָנגעהויבן אַריינצורײדן זיינע אַגיטאַציע־רייד אין אים. ער האָט גערעדט אָן אַן אויפהער, ווי אַ שטיל וואַסער וואָס האַלט אין איין קוועלן און וויל זיך גאָר ניט אָפּשטעלן.

„דו ווייסט, קלמן, ווען כ׳בין געזעסן אין באַן, אָט יענעם פרימאָרגן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אויפן וואָקזאַל, האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דיר. און ניט נאָר וועגן דיר האָב איך געטראַכט, נאָר וועגן נאָך אַזוינע צענדליקער ווי דו, וועגן הונדערטער און אפשר טויזנטער, וואָס זוכן אַ טרייסט אינעם ביטערן טראָפּן. דו מיינסט, אז כ׳קום דיר דאָ באַשול־דיקן, וואָס דו ביסט יענע נאַכט געלעגן ביי אברהמל דעם פּראַטשעשניק אין שענק א שיכורער און געיאָמערט אויף דיין גורל. ניין, קלמן, קיינער טאָר דיר ניט באַשולדיקן, ווייל דיין לעבן טרייבט דיך דערצו, נאָר שולדיק איז די מאַכט, די בורזשואַזע אָרדענונג אין וועלכער מיר לעבן. טאָקע זיי, די

בורזשויעס האָבן אויסגעטראַכט דעם מיטל פאַר אַלע אומצופרידענע, פאַר די אָרעמע מאַסן, וואָס זיין נאָמען איז דער ביטערער טראָפּן. איז אייך ניט גוט, האָט איר צרות און פּיין, טאָ נאָט אייך אַ שענק, גייט אריין און טרינקט זיך אָן, וועט איר פאַרגעסן אין אייערע שוועריקייטן און ס׳וועט זיך אייך דוכטן, אז איר זייט צופרידן. דו פאַרשטייסט, קלמן? אָט, אַ מענטש ווי דו, דו לעבסט אויף דער וועלט, אָבער וואָס האָסטו פון דיין לעבן? האָרעוועסט און פינצטערסט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און וואָס קריגסטו דערפאַר? אַ טרוקן שטיקל ברויט, דאָס אַלץ. און ווען דו קומסט אהיים נאָך דער אַרבעט, פאַלסטו אריין ביי כאַטשען אין פינצטערן אַלקער, ווו דו וואַלגערסט זיך אויפן שמוציקן טאַפּטשאַן. דאָרט קומט אפילו קיין ליכט־שטראַל ניט אריין, כאָטש דו גייסט אָנגעטאָן ווי אַ „מאַגנאַט״. נאָר די אמתע מאַגנאַטן האָבן אויך אהיים אַן אַנדער לעבן, און דו פירסט אַ שווערן האָרעפּאַשנעם לעבן און די פאַר אָפּגעשפּאָרטע גראָשן גיסטו אַוועק פאַר אברהמל דעם פראַטשעשניק. אָבער אפילו דו זאָלסט וועלן איינשפּאָרן דיינע אָרעמע קאָפּיקעס און לעבן א ביסעלע בעסער, לייטישער, זיך אָנטאָן שע־נער און זיין מיט מענטשן גלייך, איז וועט דיר ניט סטייען די חלה אויף א מוציא. און דאָס איז נאָך היינט, אז דו ביסט אַ בחור; וועסט דאָך אָבער איין מאָל חתונה האָבן און ברענגען קינדער אויף דער וועלט, אָט דעמאָלט וועסטו דיין שטיקל ברויט נאָך דאַרפן טיילן אין חלקים — וויפל קינדער אזוי פיל חלקים, קענסטו זיך שוין פאָרשטעלן ווי עס וועט אויסזען אזא לעבן. ווייל קינדער ווילן עסן און מ׳דאַרף זיי געבן! און וואָס קלערסטו וועלן דיי־נע קינדער ווערן ווען זיי וועלן אויסוואַקסן? ווידער שקלאַפן ביי די בור־זשויעס, ווייל קיין מענטשלעכע דערציאונג, ווי קינדער דאַרפן האָבן, וועסטו דאָך זיי ניט קענען געבן; און לערנען וועסטו דאָך זיי אויך ניט קענען שיקן, וועלן זיי אויסוואַקסן בעזגראַמאָטנע, כדי אויך אָפּצופינצטערן זייער לעבן פאַר אַ שטיקל טרוקן ברויט. ווידער וועסטו אויפהאָדעווען עטלעכע קנעכט פאַר די בורזשויעס און קונדן פאַר דעם שענק. מיינסט אוודאי, קלמן, אז איך רייד עס נאָר צו דיר און וועגן דיר? אָ, ניין! צו דיר איז דאָ נאָך א גרויסער שיכט אזעלכע ווי דו. נעם, למשל, די אַלע אָרעמע ארבעטער און די מאַסע בעלי־מלאכות, שוסטערס, שניידערס און גאַרבערס, וואָס אַרבעטן פאַר זייערע באַלעבאַטים, אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט, גאַנצע 10—12 שעה אַ טאָג און נאָך מער. זיי פינצטערן אָפּ אַ גאַנץ לעבן ניט האָבנדיק אָפּצועסן צו

דער זאַט, און זיי איז ניט בעסער פון דיר. אָט זע, די אַלע שניידער, וואָס נייען פון חושך ביז חושך, איז פאַר וועמען מיינסטו איז זייער גאַנצע אר־בעט ? זיי נייען פאַר די בורזשויעס, פאַר די רייכע, און זיי אליין גייען אום נאַקעט, מיט פאַרלאַטעטע הויזן ; אָדער נעם די אַלע שוסטערס, וואָס קלאַפּן גאַנצע טעג שטיפטן אין די זוילן, זיי טוען דאָס אויך ניט פאַר זיך אליין. זייערע קינדער לויפן ארום אַ גאַנצן זומער באָרוועס, און אין די פרעסט מיט כאַדאַקעס און שמאַטעס ארומגעוויקלט ארום די קליינע פיסעלעך. און האָסטו שוין געזען, אז דער שוסטער אליין זאָל האָבן אַן אייגענע פּאָר שיך ? און אזוי ווי מיטן שניידער און שוסטער, אזוי איז מיט אונדז אלעמען, קלמן. נעם טאַקע מיך אליין. איך האָרעווע גאַנצענע טעג אויפן טייך, האָדעווע ראַקעס, קלייב זיי אויף מיט די אייגענע הענט, וואָס זיינען שטענדיק צע־ביסן און צעבלוטיקט, מיינסטו אז איך ווייס דעם טעם פון זיי ? און ניט ווייל אין דער תורה שטייט, אז אַ ייד טאָר זיי ניט עסן, און אויב אפילו עס וואָלט כשר געווען, מיינסטו אז מיין טאַטע וואָלט זיך פאַרגינט אראָפּצונעמען כאָטש איין ראַק פאר דעם הויזגעזינט, פונקט טאַקע ווי ער פאַרגינט זיך ניט אַ רעכט פישל אהיים צו ברענגען. איז פאַר וועמען האָרעווען מיר דאָס אַלץ ? מיר האָרעווען נאָר פאר די גבירים, פאַר די בורזשויעס. אזוי איז עס !״

## קלמנען ציט גאָר צו זיין מיידל

קלמן איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך צוגעהערט צו יענקלס מבול רייד, פון וועלכע ער איז אַנטציקט געוואָרן. דאָך איז אים אויפגעקומען אַ פראַגע, וואָס ער האָט געהאָפט אז יענקל וועט זי פאַרענטפערן. ער האָט אים מיט אַ ניט זיכערקייט איבערגעריסן, ווי אַ פאַרשולדיקטער :

„אָבער יענקל, ביי מיר איז גאָר אַן אַנדער צרה... איך האָב געטראָפן אַ... אַ מיידל... אַ קראַסאַוויצע... איז זי אוועקגעפאָרן קיין אפריקע... ווייזט אויס זייער אַ געלערנטע... און איך האַלט אין איין טראַכטן, ווי אזוי מיט איר זיך צו טרעפן. כאָטש איך ווייס ניט צי זי וועט מיך וועלן... איז ניט גוט אויפן האַרצן, גיי איך דעריבער אין די טעג נאָך מער אין שענק. דו פאַר־שטייסט : פון זינען זיך ארויסשלאָגן מיינע פאַרדרוסן... זיך פאַרגעסן...״

„אָט דאָס זאָג איך דאָך, קלמן״, האָט זיך יענקל אָנגעכאַפּט אָן זיינע רייד, „אַ געלערנטע איז זי, זאָגסטו. איז מיינסטו, אז דו וועסט איר שוין יאָ

באַגעגענען, וועט זי זיך וועלן חברן מיט דיר? האָסט אַ טעות, ברודער. זיי, די געלערנטע, ווילן מיט אונדז פּראָסטע מענטשן קיין מגע־ומשא ניט האָבן. זיי שטייט ניט אָן, ווייל זיי שטאַמען פון רייכע, און רייכע זיינען יחס־נים — רייכע און אָרעמע, פאַרשטייסטו, זיינען צוויי באַזונדערע קלאַסן. זיי, די רייכע זיינען די אונטערדריקער, און מיר — די עקספּלואַטירטע. דאָס הייסט: זיי זיינען די אונטערדריקער, און מיר — די אונטערדריקטע, היינט ווי קומסטו צו איר, צו דער געלערנטער? פאַרגעס אזעלכע חלומות, קלמן!"

„איז אָבער וואָס בין איך שולדיק, אז איך בין ניט קיין געלערנטער?"

„אָט אָ דאָס פרעג איך דאָך ביי דיר?" האָט יענקל אויפגעכאַפּט קלמנס פאַרדראָסיקן זאָג: „טאַקע, וואָס ביסטו שולדיק, אז דיין טאַטע האָט דיר ניט געקענט געבן לערנען? און מיינסטו אוודאי אז דיין טאַטע איז אין דעם שולדיק? מאַכסטו אויך א טעות. דיין טאַטע איז ביים לעבן געווען אַן אָרע־מער וואַסער־טרעגער — וואָס האָט געטראָגן וואַסער פאַר די רייכע און אליין ניט געקענט אָפּשפּאָרן אויף אַ שטיקל חלה אויף שבת. נו, איז וואָס האָסטו געקענט פאַרלאַנגען פון אים, אז ער זאָל דיר נאָך געבן לערנען? לערנען, דאַרפסטו וויסן, קאָסט פיל געלט, און דאָס איז אַ צו טייערער ביסן פאַר אַן אָרעמאַן. און אין דעם זיינען אויך שולדיק זיי, די רייכע, וועלכע גייען האַנט אין האַנט מיט פּראַוויטעלסטוואָ, מיט מלכות, מיטן צאַר באַ־טיושקאַ. דו פאַרשטייסט, קלמן, זיי לוינט ניט אז דער אונטערדריקטער און פאַרשקלאַפּטער ארבעטער זאָל זיך לערנען, זיי האָבן מורא אז דער אָרעמאַן זאָל האָבן מער וויסן, ווייל אויב די אַרבעטער וועלן אָנהויבן לערנען און פאַרשטיין זייער לאַגע, וועלן זיי דאָך ווערן באַוווסטזיניק; אָמווייניקסטנס וועלן זיי פאַרשטיין ווער די אמתע שולדיקע זיינען און זיי וועלן זיך אנט־קעגנשטעלן זייער מלוכה. זיי וועלן מאַכן אַ בונט קעגן צאַר, אָנהויבן מאַכן רעוואָלוציעס, און אָט דערפאַר שרעקן זיי זיך. דעריבער האָבן זיי אזא זאַך ווי בילדונג געמאַכט אַ מאָנאָפּאָל נאָר פאַר די רייכע. זיי מיט זייערע קינ־דער מעגן זיין געבילדעט, אָבער די אָרעמע אַרבעטער דאַרפן בלייבן אומ־וויסנדיק. האָסטו פאַרשטאַנען איצט, קלמן?"

„אוודאי האָב איך פאַרשטאַנען, יענקל, דו ביסט טאַקע גערעכט, אָבער וואָס אַ שטייגער קען איך טאָן און וואָס קענסטו טאָן דערצו?"

„זייער ריכטיק, קלמן, דו און איך קענען טאַקע גאָרניט טאָן, אָבער ווען די אַלע ווי דו און איך וועלן זיך פאַראייניקן, צונויפנעמען אין די

טויזנטער, אין די מיליאָנען, וועלן מיר אַלע צוזאַמען עס יאָ קענען ענדערן. אָט טאַקע דעריבער איז אונדזער לאָזונג: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך. און אז אלע וועלן זיך פאַראייניקן וועט זיין זייער גרינג איבערצומאַכן די וועלט. זע, קלמן, וויפל אַ שטייגער זיינען פאַראַן ביי אונדז אין שטעטל בורזשויעס און וויפל ארבעטערס? זיי זיינען געציילטע, און מיר — מאַסן. און אויף דער וועלט איז אויך אזוי: אויף יעדן איינציקן בורזשוי זיינען פאראן טויזנטער אַרבעטער אין יעדן לאַנד, וואָס האָרעווען פאַר זיי; אויף דער וועלט זיינען פאַראַן מיליאָנען פארשקלאַפטע מענטשן, בו, איז ווי מיינסטו, אז די אַלע מיליאָנען אַרבעטער אין דער וועלט וועלן אין איין שיינעם טאָג אויפהויבן זייערע האָרעפּאַשנע הענט און אַ זאָג טאָן: גענוג! גענוג געאַרבעט פאר איך, איצט איז געקומען די צייט אז מיר זאָלן אַרבעטן פאַר זיך אליין און געניסן פון דאָס וואָס מיר האָרעווען, איז ווי מיינסטו, וואָס פאַר אַ פּנים וועלן דעמאָלט האָבן די פעטע בייכער, האַ? זיי וועלן דאָך ניט ווילנדיק זיך מוזן אונטערגעבן די פּראָלעטאַריער, ווייל קעגן אַ פאַראייניקטן כוח קענען זיי זיך ניט האַלטן".

## די מעשה מיט די פירברידער

קלמן האָט געשוויגן. ער האָט נאָר לייכט געשמייכלט און פּאַמעלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ צייכן פון הסכמה מיט יענקלס רייד. ער האָט איצט באַטראַכט יענקלס צעהיצט פּנים מיט די צעפינקלטע אויגן, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אז אַ פייערל האָט זיך אין זיי אָנגעצונדן.

יענקל האָט זיך אויפגעשטעלט, מכבד געווען קלמנען מיט אַ פּאַפּיראָס, אליין פאַררויכערט. אז ער האָט אַ פּאָר מאָל שטאַרק פאַרצויגן, האָט ער פון זיין בוזעם־קעשענע ארויסגעשלעפּט אַ דין ביכעלע מיט רויטע טאָוולען און האָט זיך געווענדט צו קלמנען:

„זעסט, קלמן, אָט דאָס ביכעלע דאַרף יעדער לייענען. איך בין געווען אַ בעזגראַמאָטנער אזוי ווי דו, ניט געקענט לייענען און שרייבן, נאָר אַ דאַנק דער פּאַרטיי און מיט מיין גוטן ווילן האָב איך זיך אויסגעלערנט. איצט וועל איך פאַר דיר פאַרלייענען דאָס ביכעלע". און יענקל האָט פאַר קלמנען געלייענט אַ מעשה פון פיר ברידער, וואָס האָבן זיך געהאָדעוועט אין אַ וואַלד און ניט געוווּסט וועגן דער עקסיסטענץ פון דער וועלט, פון מענטשן, חוץ זיי. זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי אַ טייל פון וואַלד און גלייכע מיט די

חיות, וועלכע לעבן דאָרט. אָבער איין טאָג האָט פּאַסירט, אַז איינער פון די ברידער האָט פאַרבלאָנדזשעט, ער איז ארויס פון וואַלד און דערזען גאָר אַ נייע וועלט, אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט פאַר זיך, ווו מענטשן אַרבעטן אויף זייערע פעלדער מיטן שווייס פון זייער געזיכט און זינגען דערביי טרויעריקע לידער. און די מענטשן זיינען אזעלכע ווי ער, ווי זיינע ברידער. מיט אמאָל איז אויף אַ קאַרעטע מיט 2 פערד אָנגעפאָרן אַ מאַן, שיין געקליידט און מיט אַ דיקן סיגאַר צווישן די ליפּן. די אַרבעטער זיינען געלאָפן צום שיין־געקליידטן מאַן, געפאַלן אויף די קני און געקושט זיינע הענט. אין זייערע אויגן איז געווען שרעק. דער מאַן האָט געשריען אויף זיי און געפאָדערט מער אַרבעט. ער האָט זיי מיט דער בייטש געיאָגט צו זייער פּראַצע און אליין זיך באַקוועם געמאַכט אין דער בלאַנק־געפּוצטער קאַרעטע. די פערד האָבן אין גאַלאָפּ אָנגעהויבן יאָגן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך גאַנצע קנוילן שטויב.

דער פאַרבלאָנדזשעטער ברודער האָט זיך געוווּנדערט: וואָס קומט דאָ פאָר? פאַרוואָס האָט דער איין מענטש געמאַכט אזא רעש? פאַרוואָס האָבן אזוי פיל אַרבעטער זיך געבויגן פאַר אים? די אָרעמע אַרבעטער האָבן אים דערקלערט, אז דער רייכער מאַן איז זייער בעל־הבית, פאַר וועמען זיי אַלע ארבעטן. און די תבואה אויף די פעלדער געהערט צו אים אליין. זיי באַקומען פאַר זייער אַרבעט קנאַפּע פּאָרציעס ברויט, אויף אזוי פיל אז עס קלעקט קוים צו דערהאַלטן די נשמה אין גוף, כדי צו האָבן כוח ווייטער צו ארבעטן פאַר דעם בעל־הבית.

אז דער פאַרבלאָנדזשעטער ברודער האָט דערהערט זייערע רייד, האָט ער זיך ביטער צעוויינט פון דער גרויסער אומגערעכטיקייט צו די אָרעמע מענטשן. נאָך דעם האָט ער זיך ווידער אומגעקערט אין וואַלד, כדי אויפצוזוכן זיינע ברידער און דערציילן זיי וועגן דער אנדער וועלט, וואָס ער האָט געזען.

## די ווירקונג אויף קלמנען

קלמן איז ווידער געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל. מיט אויפגעריסענע אויגן האָט ער געקוקט אויף יענקלס ליפּן. ער האָט געשלונגען יעדן וואָרט. ווען יענקל האָט געענדיקט דאָס רויטע ביכעלע, האָט קלמן פאַר גרויס באַ־

גייסטערונג ארומגעכאַפּט יענקלען און אים ארײנגערעדט אין אויער אריין וואָס ער האָט געפּילט:

„יענקל, אויף נאמנות, כ׳האָב דאָך דיר ניט געקענט ביז היינט. איך האָב אַלץ געמיינט אז דו ביסט אַ פּראָסטער יונג, אָט ווי איך, ווי כאַטשע און העטשע. נאָר דו ביסט דאָך גאָר אַ געלערנטער מענטש, און כ׳בין זיכער אז דו קענסט אפילו אָנשרייבן אַן אַדרעס אויך... אוי, יענקל, ווי איך בין דיר מקנא!"

יענקל האָט זיך באַפרייט פון קלמנס ארומנעמען אים, האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

„נאָר אָן התפּעלות, קלמן, אזוי געלערנט ווי איך, קענסטו אויך זיין אויב דו וועסט נאָר וועלן".

„אוודאי וועל איך וועלן!" האָט זיך קלמן אָנגעכאַפּט אָן יענקלס ווערטער. „נו, אָבער ווי אזוי? ווער וועט מיך וועלן לערנען אָן געלט?"

„און ווער האָט מיך געלערנט?" האָט יענקל צוריקגעפרעגט. „כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט: די פּאַרטיי! די פּאַרטיי וואָס הייסט „בונד" — און דער לערער איז משה גאלוש. דאָס איז די אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער. און וועגן דעם טאַקע האָב איך דיר היינט אַהער דאָ מיטגענומען, כדי זיך דורכצושמועסן. איצט וויל איך, אז דו זאָלסט זיך פאַרשרייבן פאַר אַ חבר פון בונד!"

## קלמן ווערט אַ בונדאָוועץ

דעם ערשטן מאָל האָט יענקל קלמנען גענומען צו דער געהיימער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען טיף אין וואַלד. דאָ האָט ער מיט איין מאָל פאַר זיך דערזען אַ נייע וועלט. און כאָטש פיל פון די פנימער פון די פאַרזאַמלטע זיינען אים ניט געווען באַקאַנט, דאָך האָט ער צו יעדן פון זיי דערפילט אַ מאָדנע נאָענטקייט.

יענקל האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר יעדערן באַזונדער און האָט אים דערביי אָנגערופן ביי זיין אמתן נאָמען, וועלכן קלמן אליין האָט שוין באַלד געהאַט פאַרגעסן. דורך קלמנסביינער איז דורכגעלאָפן אַן אָנגענעמער ציטער פון די צערטלדיקע רייד.

„קלמן טראַיעוויצקי, אונדזער נייער חבר — אַ העלדישער בחור! זייט באַקאַנט".

קלמן האָט יעדערן געגעבן שלום־עליכם, מיט צופרידנקייט איידל גע־דריקט זייערע הענט. צו די מיידלעך האָט ער זיך אַ ביסל געשעמט צוגיין נאָענט, אָבער יענקל האָט אים אונטערגעשטופּט און גערעדט צו אים זיינע פשוטע רייד:

„קום נענטער, חבר טראַיעוויצקי, דאָ זיינען אַלע גלייכע מענטשן, אַלע די זעלבע חברים! ביטאָ פאר ווענען און מיט וואָס זיך צו שעמען".

צום רעדנער האָט זיך קלמן צוגעהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, אָבער ניט אַלץ וואָס יענער האָט געזאָגט האָט קלמן געקענט פאַרשטיין. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און מורא געהאַט זיך צו באַ־וועגן, טאָמער פאַרהערט ער אַ וואָרט. ווען דער רעדנער האָט געענדיקט און אַלע האָבן אָנגעהויבן פּאַטשן בראַוואָ, האָט זיך קלמן אויך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און הילכיקער ווי אַלע אַנדערע געפּאַטשט מיט זיינע גע־זונטע דלאָניעס.

צווישן די, וואָס האָבן דעם רעדנער געשטעלט פראַגן, איז אויך געווען יענקל. איז יענקלס חשיבות אין קלמנס אויגן מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן: איין קלייניקייט, ער האָט געשטעלט דעם רעדנער אַ פראַגע! און ער האָט יענקלען אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ גרויסן מענטשן פון דער פּאַרטיי.

צום סוף האָט דער וואַלד אָפּגעקלונגען מיט אַ שוואַכן ווידערקול פון די געדעמפּטע טענער פון דער בונדישער שבועה. מיט אַ פּאַרציטערט האַרץ האָט קלמן זיך צוגעהערט צום געזאַנג, און אויך אליין די ווערטער געפּרעפּלט, ווי ער וואָלט געדאַוונט. גייענדיק אהיים האָט ער אָפּגעמאכט ביי זיך, אז ער וועט אַלעמאָל זיין טריי די בונד־פּאַרטיי און איר שבועה, אז ער וועט קעמפן אויף לעבן און טויט, ווי די חברים האָבן געזונגען. אין די אויערן האָט אים לאַנג געזשומט דער ניגון.

## קלמן לערנט זיך

כאָטש קלמן איז שוין געווען שטאַרק פאַרנומען מיט פּאַרטייאישע פליכטן, ווי אַ מיטגליד פון „באָיעוואָי אָטריאַד" פון בונד, פונדעסטוועגן איז אים דאָס מיידל פון דער באַגעגעניש אויפן וואָקזאַל ניט ארויס פון קאָפּ. ער האָט גאַנצע טעג און נעכט געטראַכט וועגן דער סאָניע שאַפּיראָ און ארומגעגאַנגען ערנסט, ווי אַן אומגעביטענער.

ער האָט זיך געפּלייסט צו לערנען גוט אויף די קורסן פון דער פּאַרטיי, וואָס פלעגן פאָרקומען אין די אָוונטן. גלייך נאָך דער אַרבעט פלעגט ער שנעל אָפּכאַפּן דאָס עסן, זיך אָנטאָן אין די שבתדיקע בגדים און לויפן צו זיין קלאַס. אין עטלעכע וואָכן האָט ער געמאַכט אַ פיינעם פּאָרשריט, שוין לאַנגזאַם געלייענט און געשריבן. גאָר אין גיכן, טראַכט ער אַ צופרידענער, וועט ער שוין אַליין קענען אָנשרייבן אַ בריוו — וועט ער צו איר שרייבן און זיך האָבן מיט וואָס צו ווייזן. און שפּעטער וועט געוויס קומען די צייט ווען זיי וועלן זיך טרעפן דאָרטן, אין אפריקע.

די איינציקע שטערונג, וואָס איז אים ביז איצט געשטאַנען אין וועג, איז דאָס וואָס זי, סאָניע, איז אַ געלערנטע. אָבער איצט, האָט ער געזען, ווי די דאָזיקע מניעה הייבט אָן ביסלעכוויַיז פאַרשווינדן. יאָ, ער וועט ביי־קומען אַלע שוועריקייטן. ער לערנט טאַקע פאַר איר, זי זאָל זען אַז ער קען אויך. ווי האָט אים יענקל געזאָגט: אַבי מ׳וויל נאָר עפּעס דערגרייכן און מ׳האָט אַ שטאַרקן ווילן דערצו — קען מען עס דערגרייכן.

כאַטשע און העטשע האָבן פאַרחידושט געקוקט ווי דער בולאַן לויפט עס יעדן אָוונט צו די קורסן. זיי האָבן געלאַכט פון זיין משוגעת, אָבער אין האַרצן האָבן זיי באַקומען דרך־ארץ פאַר אים. כאַטשע האָט מיט אָפענער צופרידנקייט, געמישט מיט חוזק, געזאָגט:

„דער בולאַן איז משוגע... ער וועט נאָך ווערן אַ דיין און פּסקענען שאלות...״

„וואָס קען עס שאַטן?״ האָט העטשע אָפּגעפרעגט כאַטשעס חוזק מיט אַ ביסעלע פאַרדרוס: „ער וועט זיך אויסלערנען שרייבן אַן אַדרעס, הלוואי וואָלט איך עס געקענט״.

„צו וואָס דאַרפן זיי בכלל די לומדות? זיך שלאָגן מיט ניקאָלייען קען מען אָן דעם אויך. און קיין אַדרעס אָנשרייבן צום צאַר וועט דער בולאַן ניט דאַרפן...״ האָט זיך כאַטשע מיט הנאה געחכמעט.

קלמן האָט געפילט, אַז ער איז נאָך ניט דערוואַקסן צו דערקלערן דעם ענין. אָט, יענקל וואָלט שוין כאַטשען צורעכטגעמאַכט ווי ס׳געהער צו זיין. דעריבער האָט ער זיך מיט כאַטשען און העטשען קיינמאָל ניט אריינגע־לאָזן אין צו גרויסע חקירות וועגן בונדישע זאַכן, וועגן קייסער און זיין סאמאָדערזשאַוויע, וואָס שמעקט מיט „דאַלאָי״ און מיט רעוואָלוציע. און אז כאַטשע איז אַמאָל צוגעשטאַנען צו קלמנען, אז ער זאָל אים דערקלערן

פּאַרוואָס ער איז פּלוצעם געוואָרן אַ בונדאָוועץ, האָט קלמן מיט אַ זיכערן מאַך פון זיין ברייטער אויסגעהאָרעוועטער דלאָניע אָפּגעענטפערט:

„דאָס לעבן האָט מיך געטריבן דערצו", און ער האָט געפילט אז ער האָט עס גוט געזאָגט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

אָבער אז כאטשע האָט געוואָלט וויסן וואָס ער מיינט דערמיט, האָט קלמן זיך פאַרפּלאָנטערט און געגנוי ניט געקענט דערקלערן דעם ענין, כאָטש ס'האָט אים הנאה געטאָן וואָס כאטשע פרעגט אים אזעלכע וויכטיקע זאַכן.

## אין אַ געשלעג מיט ציוניסטן

קלמן איז געוואָרן שטאַרק אַקטיוו אין „באָיעוואָי אָטריאַד" און האָט שוין געהאַט אַ גרויסן אויפטו אויף זיין חשבון. דאָס איז געווען אין אַ שבת נאָך מעריב. אין גרויסן בית־מדרש האָבן געברענט אַלע בליצלאָמפּן. ס'האָט געזאָלט פאָרקומען אַ ציוניסטישע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז ספּעציעל אראָפּגעקומען פון מינסק אַ באַקאַנטער רעדנער. אַ גרויסער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן און מ'האָט אויסגעהערט די רעדע, ווי דעם חזן ביי אַ שטילער שמונה־עשרה. סאָ'יז געווען אַ רעפעראַט וועגן ארץ ישראל און די חלוצים, וואָס זיינען אַוועק פון גלות און בויען מיט זייער שוויס דאָס לאַנד פון אונדזערע האָפענונגען.

נאָכן רעפעראַט איז ארויף אויף דער בימה ניאָמקע קוליע, וועלכער האָט געפירט אַן אויסגעדאַרט יינגעלע. דאָס יאַטל האָט אין דער פייערלעכער שטילקייט אויסגעזונגען אויף זיין שיין, קינדיש שטימעלע:

שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר,
אז מיר גייען אין גלות ארום,
מיר ליידן צרות פיל,
און מיר מוזן שוויגן שטיל.
מ'טרייבט און מ'יאָגט
פון אַלע זייטן,
מ'הרגעט, מ'שלאָגט
אין אַלע צייטן. אא"וו.

ביי די רעפריינס האָט דער עולם אונטערגעכאַפּט מיט התלהבות: „אהיים, אהיים, אהיים, אַלע צוזאַמען, אַהיים, אַהיים, אַהיים, אַהיים, צו דער אַלטער מאַמען"

די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. דער ציוניסטישער עולם איז געווען באַגייסטערט פון קליינעם זינגערל ניט ווייניקער ווי פון רעדנער. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך אריינגעריסן אין דער אַטמאָספער פון פייערלעכ־קייט אַ וואָכיקער אויסרוף: נידער מיטן ציוניזם! זאָל לעבן דער סאָציאַ־ליזם! און סאָ׳יז געוואָרן אין בית־מדרש אַ טומל אזש דער סופיט האָט זיך געטרייסלט.

ניאָמקע קוליע, אַ בלייכער און אויפגערעגטער, האָט זיך מיט זיין חברה זיידענע יונגעמאַנטשיקעס אַ לאָז געטאָן צו דער טיר פון וואַנען די אויס־געשרייען זיינען געקומען. מיט בלאַסע, פאַרקוועטשטע פויסטלעך האָבן זיי זיך אַ שפּאַר געטאָן אין פאָליש, ווו זיי האָבן שוין געטראָפן די בונדישע פירער מיט זייער „באָיעוואָי אָטריאַד״. הירשל, נאָכע דעם שוסטערס, יואל דעם קצבס און יענקל הושאק זיינען געשטאַנען אין דער ערשטער ריי. הינטער זיי האָט קלמן בולאַן, א צעהיצטער, געפירט דעם „באָיעוואָי אָטריאַד״.

מ׳האָט קלמנען געוואָרנט, אז די ציוניסטן וועלן זיך ניט לאָזן שפייען אין קאַשע, אָבער איידער וואָס ווען האָבן אָנגעהויבן פליען קולאַקעס איבער קעפּ און ס׳איז געוואָרן א געשלעג סכנות נפשות. און דאָ טאַקע האָט קלמן צום ערשטן מאָל געוויזן זיינע חברים וואָס ער קען. דורך דעם וואָס ער וועט זיך אויסצייכענען, האָט ער געטראַכט, וועט מען זען זיין איבערגע־געבנקייט צום בונד.

גלייך האָבן זיך די געשלעגן אריבערגעטראָגן אין גרופּקעס, אין בית־מדרש גופא. קלמן איז געוואָרן אזוי צעקאָכט, אז ער האָט אָפּגעבראָכן אַ פיסל פון אַ הינקעדיקן טיש און עס געלאָזט אין גאַנג. מענטשן האָבן גע־קרעכצט, אַנטלאָפן, זיך געקוועטשט אין די ווינקלען. און ווער ווייס מיט וואָס די מלחמה צווישן די בונדיסטן און ציוניסטן וואָלט זיך פאַרענדיקט, ווען ניט טאַרלאַקאָ דער אוראַדניק מיט זיינע פּאָר גויישע זשאַנדאַרן, וואָס זיינען אָנגעקומען צום רעכטן געדיכטן.

## קלמן מיט די פירער אין קאָזע

די בונדיסטן האָבן נאָך דעם חושד געווען די ציוניסטן, אז זיי האָבן שוין געהאַט פון פאַרויס באַשטעלט די צאַרסקע זשאַנדאַרמעריע, כדי עס זאָלן פאַלן קרבנות פון בונד... טאַראַלאַקאָ מיט זיינע חברה האָבן ניט נאָר

צעטריבן דעם עולם, נאָר אויך די אָנפירער פון געשלעג אַרעסטירט אויף אַן אָרט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט מען קלמנען געטריבן אין „קאָזע". און אין דער געזעלשאַפט פון יענקל הושאק, יואל דעם קצבס און הירשל נאָכעס, האָט ער איבערגעשלאָפן אין חד־גדיא.

צום גליק האָט טאַרלאַקאָ זיך ניט געוואָלט פאַרדרייען זיין שכורן קאָפ מיט די עטלעכע יונגען, וואָס דאָס וואָלט געמיינט פאַר אים אַ „סוד", מיט שרייבן און מעקן. האָט ער זיי אויף מאָרגן אַלעמען געלאָזט גיין אהיים.

ווען קלמן האָט זיך נאָך דעם באַוויזן אויף דער בונדישער בירזשע, האָבן אים זיינע חברים באַגעגנט מיט אַ הוראַ און אים געדריקט חבריש די האַנט. איבערהויפט האָט זיך מיט אים איבערגענומען איבראַהים דער קיי־דער, וואָס האָט אין אים אריינגערעדט מיט אָפענער קנאה:

„קלמן, דו האָסט אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער פּאַרטיי. אָט, קוק מיך אָן", האָט ער אים גענומען אונטערן אָרעם און אים אריינגעסודעט, „ווען איך בין אפילו אַ ייד, וואָלט איך אויך געווען דער ערשטער אין דער שקאָלע, אָבער ווייסט דאָך, קלמן, אפילו אין דער בורזשויסקער פּראַוויטעלסטוואָ זיי־נען נאָך פאַראַן אונטערשיידן אפילו צווישן יידן און טאַטאַרן, שוין אָפּגע־רעדט פון קריסטן. ווען מיר וועלן אַראָפּוואַרפן דעם קייסער דעמאָלט וועלן קיין רעליגיעס מער ניט זיין. זיי וועלן אין גאַנצן פאַרשווינדן און אַלע וועלן זיין גלייך, אַלע גלייכע מענטשן".

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט קלמן זיך דערפילט ווירדיק און דערהויבן. ער האָט געזען ווי אַלע באַטראַכטן זיין טאַט ווי אַ גבורה, און ער האָט זיך אליין גענומען באַטראַכטן ווי אַ מענטש, וואָס לעבט פאַר עפּעס אַ ציל. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער נאַכט, וואָס ער איז געזעסן פאַר־שפּאַרט אין „קאָזע" מיט הירשל נאָכעס, יואל דעם קצבס און יענקל הושאַק. ער, קלמן בולאַן, איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט ארעסטירט צוזאַמען מיט די פירער פון בונד. זיי האָבן כסדר גערעדט, אָבער ניט אַלץ האָט ער פאַר־שטאַנען און אפילו ניט צו אַלץ זיך צוגעהערט. ווי זיי איז ער אויך ניט געשלאָפן, זיך איינגעהערט אין די סודותדיקע רייד פון זיינע פּאַרטיי־פירער און זיך געפילט ווי אַ גלייייכער צווישן גלייכע. האָט ער דאָך שוין געטאָן עפּעס פאַר דער פּאַרטיי. און צוליב דעם טאַקע געווען מיט זיי צו־גלייך אַרעסטירט. עס איז אים געווען אָנגענעם צו הערן, ווי די אַנדערע ריידן צו אים אזוי פריינדלעך און זאָגן אים כסדר חבר טראַיעוויצקי, ווי זיין

נאָמען קלמן בולאַן וואָלט פאַר זיי געווען אומבאַקאַנט. בשעת מעשה האָט ער טאַקע געטראַכט, אז ער וואָלט גאָר ניט וועלן ארויסגיין פון אָט דעם פינצטערן קאַמער, אז ער וואָלט גרייט זיין צו זיצן מיט אָט די געבילדעטע, אינטעליגענטע מענטשן אַ גאַנץ לעבן און הערן זיין נאָמען דערמאָנען...

ביינאַכט איז קלמן נאָכדעם געלעגן אין זיין אַלקער, אַ פאַרמאַטערטער פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, און האָט הנאה געהאט ווידער זיך פאָרשטעלן די בילדער פון יענער נאַכט. און שפעט איז ער אַ רואיקער איינגעשלאָפן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, ווי אַ גליקלעך קינד וואָס האָט זיך אָנגעשפּילט צו זאַט.

# 6

## יענטע דעם וואַסער־טרעגערס

זינט בערל דער וואַסער־טרעגער איז אָפּגעשטאָרבן און יענטע איז געבליבן אַליין אויף דער וועלט מיט איר בן־יחיד קלמנקען, האָט זי געמוזט, נעבעך, אָנהייבן שלעפּן אויף אירע מאָגערע פּלייצעס דעם גאַנצן עול פון חיונה. זי איז געבליבן אַן אלמנה נאָך אין רעכטן בלי פון אירע יאָרן און זי האָט אין שטעטל ניט געהאַט ניט קיין גואל און ניט קיין קרוב.

זי איז געווען ניט הויך אין וווקס און ברייט צעגאָסן, ניט מחמת ווילטאָג, פון אַ גוטן לעבן און געשמאַקע פעטע עסנס, נאָר גיכער פון אַלץ פון איר כסדרדיקן מעוברת זיין. וואָרעם מיטן בן־יחידל קלמן וואָלט ניט יענטע און ניט בערל דער וואַסער־טרעגער זיך באַגנוגנט. דעריבער האָט טאַקע יענטע יעדן יאָר געטראָגן — געטראָגן און באַגראָבן, אויף שונאי ציון.

קינדער האָבן זיך ביי בערלען און יענטען ניט געהאַלטן, זיי האָבן זיך געהאָדעוועט ביז ארום אַ האַלב יאָר און זיינען אַוועק — ווער פריער, ווער שפּעטער. אברהמל דער קברות־מאַן האָט שוין געוווסט, אַז אויב יענטע די וואַסער־טרעגערקע האָט זיך געריכט אין בעט אריין און געבוירן אַ קינד,

דאָס רוב זיינען עס געווען מיידלעך, וועט ער שוין אַ ליאַדע טאָג גערופן ווערן עס צוצונעמען. פלעגט ער, אברהמל דער קבורת־מאַן, זיך שטילער־הייט אריינשלייכן צו בערלען אין אַלקערל, ווו ס׳איז געהאַנגען אויף אַ שטריק, אָנגעטשעפּעט צו דער סטעליע, אַ הילצערנע וויגעלע, און פלעגט דאָס טויטע נפשל ארויסנעמען פון דאָרט, עס איינוויקלען אין פאָלע פון זיין קאַפּאָטע און דערמיט פארשווינדן.

## יענטעס פרנסות

נאָך בערלס טויט האָט יענטע, ווי דער שטייגער פון איר מין אָרעמע ווייבער, געפּרוווט אָנהייבן וואַשן פּאָדלאָגעס ביי די רייכע אין די הייזער. דאָס איז איר אָבער געפאַלן שווער צוליב איר פונאַנדערגעגאָסענעם גוף. האָט זי זיך איינמאָל באַקלאָגט פאַר שיינע־דבורהן דער בעל־מצווה־ניצע, וועלכע איז אלע מאָל גרייט געווען אַ געפאַלענעם אַ טובה צו טאָן. האָט איר שיינע־דבורה געבראַכט אַ גאָלדענעם 5 רובל־שטיק און האָט איר אַן עצה געגעבן, אז זי זאָל פון היינט אָן אָנהייבן האַנדלען — גיין אין די נאָענטע דערפער, אויפקויפן הינער און עס ווידער פאַרקויפן צו די שטאָטי־שע בעלי־בתים. און אזוי איז פון יענטע די וואַסער־פירערקע געוואָרן יענטע די קורעלאַפּניצע.

יענטע וואָלט דעם הינער־האַנדל קיין מאָל ניט אָפּגעלאָזן. זי איז גע־ווען צופרידן פון דער אָרעמער פרנסה, ווייל צו פיל האָט זי פאַר זיך און קלמנקען ניט געדאַרפט. און קלמן אליין איז שוין אונטערגעוואַקסן און אויך אָנגעהויבן צו פאַרדינען — האָבן זיי ביידע צוזאַמען פאַרדינט זייער שטיקל אָרעם ברויט.

מיטאַמאָל האָט זיך אויף אירע פיס בלויע אָדערן גענומען באַווייזן, און וואָס אַ טאָג מער איז פאַר איר דאָס גיין געוואָרן שווערער. איז איר איינגעפאַלן ווידער ריידן מיט שיינע־דבורהן, באשר די פיס אירע ווילן שוין ניט דינען און עס פאַלט איר שווער דאָס גיין איבער די דערפער, טאָ זאָל איר שיינע־דבורה אַן עצה געבן, מחמת זי ווייס פשוט ניט וואָס אָנהייבן צו טאָן.

האָט איר שיינע דבורה ווידער ארויסגעהאָלפן און איינגעאָרדנט צווישן די זיצערינס אין מאַרק. זי האָט איר פאַרזאָרגט מיט אַ טישל, אַ בענקל, אַ פּאָר שטרויענע קוישן מיט אַ וואָגשאָל, און יענטע איז געוואָרן אַ זיצערין

אויפֿן מאַרק — זומער מיט פֿאַרשיידענע גרינסן און פּרוכטן, און ווינטער — מיט געפּרווירענע עפּל.

אָפּזיצנדיק אַזוי שיינע עטלעכע ווינטערס אויפֿן מאַרק, אין שנייען און קעלטן, אין ביטערע פּרעסט און זאַווערוכעס, האָט איין טאָג יענטע דער־פֿילט אַז זי איז עפּעס ניט מיט אַלעמען. האָט זי זיך אָנגעהויבן אונטערגעבן און גענומען טראַכטן וועגן אַ ווייטערדיקן תּכלית — אַ מער גרינגערע און „וואַרעמערע" פּרנסה.

## טיפֿוס אין שטעטל

יענטע האָט נאָך אָבער אַלץ געוואַרט. זי האָט איר זיצפּלאַץ אויפֿן מאַרק ניט אָפּגעלאָזן, ביז איין מאָל, אין אַ ווינטערדיקן ברענענדיקן פֿראָסט, האָט איר אַ כאַפּ געטאָן אַ שטעכעניש אין אַלע אבֿרים. קוים מיט מאַטער־ניש האָט זי זיך דערשלעפּט אַהיים, פֿאַרקראָכן הינטערן פּערענע, וואָס אי׳ז נאָך געבליבן פֿון איר אויסשטייער, און דערפֿילט אַז זי ברענט ווי אַ בראַנד־פֿייער.

יענטע די קורעלאַפּניצע איז געוואָרן דער אָנהייב פֿון אַן עפּידעמיע, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די אָרעמע־לייט. און קיין איינציק הויז איז ניט פֿאַרבליבן, ווו ס׳איז ניט געווען קיין חולה. די קראַנקייט איז געווען טיפֿוס. ביקור חולים און לינת הצדק האָבן פֿונאַנדערגעקלעפּט מודעות אין די בתּי־מדרשים און קלויזן, ווו מען ווענדט זיך צו ייִדן, בני־רחמנים, אין אַ גרויסע שעת־צרה, נאָך הילף.

דאָס שטעטל האָט זיך אָפּגערופֿן. בעלי־בתּים, וואָס די הויט האָט אויף זיי געציטערט, האָבן געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט. בחורים און מיידלעך האָבן זיך אָנגעבאָטן צו העלפֿן. לינת הצדק האָט געזאָרגט פֿאַר רפֿואות. מיידלעך האָבן געהיט די צייט פֿון געבן די קראַנקע זייער מעדיצין, און בחורים זיינען געגאַנגען איבערזיצן ביי די קראַנקע דורך די נעכט און אַכטונג געבן אויף זיי.

איבערהויפּט איז געווען פֿאַרנומען שיינע־דבֿורה. זי איז געלאָפֿן פֿון איין חולה צום אַנדערן, זי האָט באַזאָרגט אַ ריין העמד און אַ ציך. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס, נאָר מיט די לעצטע כּוחות אַלץ געשמייעט און ניט נאָכגעגעבן. און שטענדיק, ווען זי האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו דער קראַנקער יענטען, פֿלעגט זי גלייך געבן קלמנען זיין שבֿח:

„זאָלסט מיר געזונט זיין, קלמנקע, ביסט מכבד דער מאַמען און פאַסט איר אויף ווי אַ גוטער זון — דאָס איז אַ גרויסע מצווה. חוץ דעם פאַר־שפאָרסטו מיר אַ סך אַרבעט און איך קען שוין לויפן ווייטער". זי פלעגט אַ קוק טאָן צו דער קראַנקער, איר ארומטאַפּן און גלייך טאַקע לויפן צו אירע אַנדערע חולאים.

## קלמן צו הילף שיינע־דבורהן

קלמן איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיין קראַנקער מאַמעס בעט. ער איז געזעסן ביי איר טאָג און נאַכט און אפילו ניט צוגעלאָזט קיין לינת הצדק טוערינס צו איר:

„איך קען אליין באַשטיין אַכטונג צו געבן אויף מיין מאַמען", פלעגט ער טענהן מיט פשוטע ווערטער און אַ ביסל גראָבלעך, „נישקשה, איך בין געזונט ווי אַ פערד און קען דאָס אַלץ אריבערטראָגן".

אז יענטע, נאָך פיר וואָכן ליגן, האָט זיך אָנגעהויבן ארומשלעפּן אין שטוב מיט וואַקלדיקע טריט, האָט זי שוין ווידער אַמאָל געוואָלט גיין צו שיינע־דבורהן זיך אַן עצה האַלטן וואָס מ׳טוט ווייטער, ווייל דאָס שטיקל ברויט אין שטוב ווערט וויניקער כאָטש אפילו צוויי מיילער מוזן עסן. דאָס מאָל אָבער האָט זיך קלמן איינגעשפּאַרט און געטענהט צו דער מאַמען:

„מאַמע, דו האָסט זיך שוין גענוג אָנגעהאָרעוועט אויף דיין לעבן. אין דיין עלטער איז שוין צייט אז דו זאָלסט זיך אָפּרוען. איך, מאַמע, וועל דיר אויסהאַלטן! אז עס סטייעט פאַר מיר, וועט אויך סטייען פאַר דיר". און ער האָט זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט, ווי צו וועלן איבערצייגן דער מאַ־מען אין זיינע כוחות: „איך בין יונג און האָב גענוג כוחות צו שלעפּן די טשעמאָדאַנעס אויפן וואָקזאַל, און פּאַסאַזשירן זיינען דאָ אַלע טאָג. און אז איך וועל וויסן אז כ׳דאַרף אַ מאַמען נאָך אויסהאַלטן, וועל איך אַ ביסל מער אונטערבויגן מיינע פּלייצעס. נישקשה, מ׳וועט פון הונגער ניט שטאַרבן, פארשטייסט, מאַמע!"

„ווילסט מיר מאַכן אויף דער עלטער פאַר אַ פּריצטע, זון מיינער". האָט יענטע ניט געוואָלט הערן פון אַזאַ פאָרשלאַג, אָבער זיינע רייד זיינען געווען פאַר איר אַ נחת. „איך בין צו אַזעלכע וויגאָדעס ניט געוווינט, קלמנקע, און כ׳וועל ניט קענען אויסזיצן אַ גאַנצן טאָג אין שטוב. איך וועל משוגע ווערן פון זיך ארומדרייען אין ענגען קעמערל און איבער די

גאַסן גאָר ניט טוענדיק. פאָלג מיך, קלמן, דיינע איינפאַלן קענען גאָר מיך פאַרשאַטן. לאָז דיין מאַמען גיין טאָן עפּעס".

ווער ווייסט ווי לאַנג די אַמפּערייען צווישן דער מאַמען און זון וואָלטן אָנגעהאַלטן, ווען כאַטשע וואָלט זיך ניט אריינגעמישט. ער, ווי קלמנס א חבר, איז געפאַלן אויף דעם ריכטיקן פּלאַן. זיין עצה איז געווען אז מ׳זאָל אָפּדינגען דאָס הילצערנע קרעמל ביי נאָכע דעם בעזדיעטניק, דאָרט אריינפירן אַ פּאָר פּעסלעך דזשעגעכץ און מאַזש און דאָרט לאָזן שטיין יענטען — וועט זי אי האָבן עפּעס צו טאָן און אי זי וועט פאַרדינען פאַר זיך אַ פּאָר גראָשן. איז כאַטשעס עצה געפעלןביידן — אי יענטען און אי קלמנען. און מען איז גלייך אוועק לייען אַ גמילות־חסד ביי שיינע־דבורהן אויף צו עפענען דאָס קרעמל.

## יענטע ווערט אַ מאַזשניצע

אין אַ וואָך ארום איז שוין יענטע געזעסן אין קרעמל און שטעטל האָט איר שוין געקרוינט מיט אַ נייעם נאָמען — יענטע די מאַזשניצע. אז זי איז אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן אין קרעמל האָט מען זי שוין כמעט ניט דערקענט. איר אייביק־איינציקע קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אין דער וואָכן, סיי זומער, סיי ווינטער, ווען זי איז נאָך געווען אַ מאַרק־זיצערין, איז געוואָרן באַצויגן מיט אַ שוואַרץ גלאַנציקער פעטקייט. ביי דער לינקער זייט האָט זי געהאַט אָנגעטשעפּעט אַ לעדערנע געלט־בייטל, וואָס איז אויך געווען שוואַרץ און גלאַנציק פון פעט, און די אייבערשטע טיילן פון די הענט, איבערהויפּט די נעגל און צווישן די נעגל, זיינען תמיד געווען אויסגעשמירט אין סמאָלע און אַנדערע שמירעכצן. אפילו די זייטן פון איר קאָפּטיכל, ביי די שלייפן, זיינען אויך געווען שוואַרץ און גלאַנציק. און אז יענטע די מאַזשניצע פלעגט אין אַ הייסן זומער־פאַרנאַכט גיין פון קרעמל צו זיך אהיים, אויפן שולהויף, אין קהלשן געסל, האָט מען אין יעדן הויז, ווו נאָר אַ פענצטער איז אָפן געווען, דערשמעקט אז יענטע די מאַזשניצע גייט שוין אהיים.

יענטען האָבן אָבער די ריחות ניט געאַרט. פאַרקערט גאָר, זי איז געווען פון זיך שטאַרק צופרידן, וואָס אויף דער עלטער האָט זי אַ דאַנק איר בן־יחידל קלמנקע, זאָל ער נאָר געזונט זיין, זיך דערשלאָגן צו אַ מער גרינגערע און בכבודיקערע פּרנסה. זי האָט געדאַנקט די הענט אומגעוואַשן, וואָס אויף אירע עלטערע יאָרן פאַרדינט זי פאַר זיך דאָס שטיקל ברויט און

דאַרף מער ניט אָנקומען צו שיינע־דבורהן. דאָס איינציקע, וואָס דאָס בי־סעלע געזונט האָט איר לעצטנס גענומען אַ קאָפּעלע מאַטערן. זינט זי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער פאַרשאַלטענער קרענק, וואָס מ׳רופט טיפוס, דוכט זיך איר אז זי איז ניט דאָס וואָס געווען. זי קען צו זיך ניט קומען. איר קול, דוכט זיך איר, האָט זיך אויך אַ ביסל געביטן און דאָס ריידן פאַלט איר שווער. זי פילט, אז ווען זי רעדט שרייט זי איצט, אָבער פאַרוואָס זי טוט עס ווייס זי אליין ניט. ווי זי וואָלט געווען מיט פאַרשטאָפּטע אויערן. און גאָר לעצטנס האָט זי אָנגעהויבן באַמערקן איז עס געוואָרן נאָך ערגער. אָט, ווען אַ פויער גייט אריין אין קרעמל אָנפילן אַן עמערל מאַזש, הייבט זיך אָן אַ דינגעניש צוליב גאָרניט. זי בעט 5 קאָפּיקעס און דער פויער באָט איר אָן עפּעס אַ מקח און זי הערט ניט וויפל, אוןביידע שרייען זיך געוווג אָן ביז וואַנען מ׳ווערט מושווה. האָט יענטע דעם ענין לאַנג דורכגע־טראַכט און געהאַט מיט זיך אליין אַ ישוב־הדעת, ביז זי איז געקומען צום באַשלוס אז זי איז טויב...

„טויב ווי די וואַנט״, האָט כאַטשע געזאָגט צו העטשען, ווען זיי זיינען אַמאָל אַ פרייטיק פאַרנאַכט אריין צו יענטען קויפן פאַר אַ קאָפּעקע טראָן אויף אויסצושמירן די שטיוול לכבוד שבת.

„מיסתמא האָט זי, ווען זי איז געווען אַ יונגע מיידל, פאַרפעלט הערן שופר בלאָזן״, האָט העטשע זיך געוויצלט אויף דער אלטערס חשבון, וואָס האָט סיי ווי ניט געהערט וואָס קלמנקעס צוויי חברים רעדן צווישן זיך. „נאָך אַלעמען״, האָט העטשע צוגעגעבן פילאָסאָפיש, „אז מיר וועלן ווערן אזוי אַלט, וועלן מיר מיסתמא אויך טויב ווערן. און יענטע איז שוין גאָר קיין יונגיטשקע ניט — זי טראָגט שוין א היפּש פּעקל יאָרן אויף אירע דאַרע פּלייצעס, קיין טאָטער אפילו וועט זי שוין ניט העלפן״.

יענטע האָט פון זייער שמועס אַ וואָרט ניט געהערט, נאָר זי איז גע־שטאַנען לעבן די צוויי יונגאַטשעס און מיט אירע פלינקע אייגעלעך אכטונג געגעבן, אז זיי זאָלן איר חלילה קיין צו פיל טראָן ניט אויסנוצן, ניט איבער־כאַפּן די מאָס פון אַ מעסטל.

## יענטע טראַכט וועגן אַ תכלית פאַר קלמנען

מיט דער צייט האָט יענטע זיך צוגעוווינט צו דער טויבקייט, ווי זי האָט זיך צוגעוווינט צום ריח פון סמאָלע, און ס׳האָט איר שוין גאָר ניט געאַרט.

מאַלע וויפל טויבע מענטשן עס לעבן אויף דער וועלט. אָט, למשל, איר בעל־הבית פון קרעמל, נאָכע דער בעזדיעטניק, איז אויך טויב, אַ סברא, טויבער נאָך פון איר, איז וואָס איז דערפון צו דרינגען — לעבט ער דען ניט? און ער האָט נאָך געלט אויף פּראָצענט. שרייט ער אַ ביסעלע העכער, אָבער חוץ זיין שאָדן אויף איר מיט קלמנקען געזאָגט געוואָרן.

און יענטע דערמאָנט זיך מיט אַ מאָל וועגן איר קלמנקען און ס׳ווערט איר מאָדנע באַנג. שוין, כ׳לעבן, צייט געוועזן צו האָבן נחת פון אים. ער איז אויסגעוואַקסן, איר בן־יחידל, קיין עין־הרע, ווי אַ יונגע דעמבע אין וואַלד, און וואָס איז דער תכלית? הויך, ברייט און געזונט, טראַכט יענטע און שפּייט אויס דריי מאָל: קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן! אָבער ער קלערט גאָר ניט וועגן חתונה האָבן, ווי עס ווייזט אויס, גריזשעט זיך יענטע מיט ערגערניש. און גאָט ווייס צי אויף אירע עלטערע יאָרן וועט זי נאָך דערלעבן נחת צו האָבן פון אַן אייניקל. און יענטע ווישט אויס די טרערן פון אירע אויגן און פאַררייבט זיי אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן איר טרויער.

אז יענטע פּרווט אַ מאָל ריידן מיט קלמנקען וועגן אַ תכלית, אַ שידוך, ווערט ער צעקאָכט ווי זי וואָלט אים אָפּגעבריט מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער. ער צעשרייט זיך אויף דער מאַמען אַז זי זאָל וועגן אים ניט זאָרגן, ער וויל דאָ אין שטעטל ניט חתונה האָבן, ווייל ער האָט ניט מיט וועמען. און אז ער באַרואיקט זיך אַ ביסל, דאַן הייבט ער אָן ריידן געלאַסענער און דערקלערט דער מאַמען, אז ער וועט חתונה האָבן אין דער ווייטער וועלט, וווּ ער קלערט צו פאָרן, און קיינער וועט אים דאַרט ניט טייטלען מיט די פינגער ווער זיין ווייב איז. בשעת מעשה פאַרקאַשערט ער מיט זיינע גראָבע הענט דער מאַמעס שמוציק קאָפּטיכל און שרייט איר אריין אין אויער:

„כ׳בעט דיך, מאַמינקע, רייד מער ניט וועגן דעם. היינט האַלט איך נאָך ניט דערביי, און אז ס׳וועט קומען די צייט וועט מען זען...״

דער מאַמען פאַרדריקט דאָס האַרץ פון זונס לאַסקעס און זי האַלט זיך איין ניט ארויסצופלאַצן אין טרערן. זי שאָקלט נאָר צו מיטן קאָפּ און ווישט זיך בגניבה מיט אַ ברעג פון איר פאַרשמאָלצן קאָפּטיכל די פאַרטרערטע אויגן. קלמנען ענטפערט זי ניט אויף זיינע רייד, נאָר מאַכט אָפּ ביי זיך אז זי וועט בעסער איבעררײדן די זאַך מיט קלמנס חברים, כאַטשע און העטשע. אויב דאָס וועט אויך ניט העלפן וועט זי ריידן מיט שיינע־דבורהן. שיי־

נע־דבורה האָט שטענדיק אויסגעפירט אירס, און זי וועט אויספירן אפילו ביי איר קלמנען.

## קלמן קלערט וועגן סאָניען

קלמן איז נאָך דער צופעליקער באַגעגעניש מיט סאָניע שאַפּיראָ זיכער געווען, אז פאַר אים איז דאָס ווייטערדיקע לעבן אין שטעטל געענדיקט. איצט האָט אים אַן אומדערקלערלעך געפיל אונטערגעזאָגט, אז זיין בייע היים וועט טאַקע זיין אַפריקע. אוודאי וועט סאָניע שאַפּיראָ האַלטן איר צו־זאָג: זי וועט אויספּועלן ביי איר שוואָגער, אים, קלמנען, אריבערצונעמען אַהין. זי האָט אים דעמאָלט, פאַר איר אָפּפאָר, פאַרזיכערט אז זי וועט עס טאָן. און ער, קלמן, גלויבט בשום אופן ניט, אז זי זאָל פאַרגעסן אָן אים.

מסתמא האָט זיך דאָרט עפּעס געמאַכט, וואָס די גאַנצע צייט איז פון איר קיין איינגעטונקטע פעדער ניטאָ. אפילו דער פעטער שרייבט ניט. און קלמן דערמאָנט זיך, אז די פאַר מאָל וואָס ער האָט זיך געטראָפן מיט פריילין שאַפּיראָ, האָט זי זייער פריינדלעך גערעדט צו אים, געווען אפילו צוגעלאָזן. אין האַרצן טוט עפּעס אַ ציטער און ער דערפילט ווידער דאָס גליק, ווי זי וואָלט דאָ איצט געשטאַנען און גערעדט מיט אים. אָך, ווען זי וואָלט פילן כאָטש אַ העלפט פון דעם וואָס ער פילט צו איר. און מיט יעדן טאָג ווערט די ציעניש צו איר אַלץ שטאַרקער.

קלמן וואָלט געקענט שווערן, אז ס'איז ניט אריבער קיין איין טאָג ער זאָל ניט טראַכטן פון איר. ער איז גרייט אוועקצוגעבן אַ טייל פון זיין לעבן צו וויסן אויב זי, סאָניע, טראַכט אויך פון אים אזוי פיל. וואָס טוט סאָניע אין דער גרויסער שטאָט? אין יאָהאַנעסבורג?

אין זיינע מחשבות מאָלט ער זיך אויס יאָהאַנעסבורג מיט הויכע מויערן ביז אין הימל אריין. ווערליק ער האָט געהערט די מעשיות פון ר' הערצל דעם שוסטער וועגן אפריקע, זיינען דאָרט די גאַסן ברייטע, גלאַטע און די וועגן זיינען באַדעקט מיט אזא הארטע קאָרע וואָס מ'רופט אַספאַלט. די אויטאָמאָבילן זיינע גלאַנציקע ווי שפּיגלען און פליען משוגענערווייז. מ'זאָל ניט היטן דאָס פּעקל ביינער קען עס אין איין סעקונדע צעשאָטן ווערן אויף פיצלעך. און ווי הערצל דערציילט וועגן די קראָמען מיט אלערליי סחורות, איז דאָרט איין קראָם גרעסער ווי דער גאַנצער שטעטלשער מאַרק. איז עס ממש ניט צו גלויבן. ער זאָגט, אז אין אזא קראָם קען מען אריינגיין אַן אָפּ־

געריסענער, ווי אַ בעטלער, און אין אַ האַלב שעה ארום ארויסגיין אַן אויס־געפוצטער, ווי אַ גראַף.

קלמנען גייט דורך אַ סקרוך איבערן רוקן פון אזא עשירות. איז וואָס קען דאָרט איצט סאָניע טאָן? פאַר איר פאַסט טאַקע אזא שטאָט, זי איז דאָך אַ געלערנטע, אַן אינטעליגענטקע. אָבער ער, קלמן, וואָס וועט ער דאָרט טאָן, אין אזא גרויסער שטאָט? און ווער ווייס צי סאָניע וועט זיך גאָר וועלן פריינדלען מיט אים? אפשר וועט זי אים אפילו ניט וועלן אָנקוקן?

ניין, יעדער האָט זיין פלאַץ, אפילו אין דער גרויסער שטאָט, טראַכט קלמן. אָט, ווי הערצל האָט אָפגעמאָלט זיין פעטער, דעם מיסטער מייקל, ווי ער רופט אים — איז ער טאַקע אַ רייכער ייד, אַ גביר־אדיר, „אָבער אַ פּראָסטער מענטש און — נאָך אַ חזיר דערצו", מיט די ווערטער האָט אים הערצל מכבד געווען. אפשר איז א סברא, פאַלט קלמנען איין, אז דער פּע־טער האָט גאָר סאָניען משלח געווען אויף אַרבעט. פאַר אים, פאַר קלמנען, וואָלט עס אפשר בעסער געווען, ווייל ער וועט דאָך אויך גלייך ביים אָנ־קומען אַהין מוזן גיין ארבעטן, און ווי נאָך וועט ער מוזן פּראַצעווען! און דעמאָלט, אז סאָניע ארבעט אויך, וואָלטן שוין ביידע געווען אַ גלייכע זאַך. אַן אַרבעטער מיט אַן אַרבעטער קענען זיך גיכער צונויפריידן, ווי אַן אַר־בעטער מיט אַן אינטעליגענט, דערמאָנט ער זיך אָן אַ שטיקל בונדישע פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס יענקל הושאַק האָט אים אריינגעקלאַפּט אין קאָפּ.

און ס'ווערט אים מיט אַמאָל לייכטער, אזוי לייכט, אז ער וואָלט זיך אָט שוין אויפגעהויבן און געפלויגן צו סאָניען, אין דער ווייטער אפריקע. זאָל ער נאָר קומען דאָרט, וועט ער שוין זען ער זאָל איר געפעלן. ער וועט טאָן אלצדינג אין דער וועלט, וואָס נאָר זי וועט פאַרלאַנגען פון אים, כדי איר צו געפעלן. און זי וועט זיך זיכער ניט האָבן וואָס צו שעמען מיט אים.

ביי די געדאַנקען פלעגט זיך קלמן מיטאַמאָל דערפילן דערהויבן, דרייס־טער, אפילו חוצפּהדיקער. אין אזא מאָמענט פלעגט ער קענען אַ זאָג טאָן מיט ביטול צו די מענטשן ארום, ווי ער וואָלט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אפריקע: אויך מיר מענטשן דאָ, די קליינשטעטלדיקע ברואים, וואָס ווייסן זיי פון אַ לעבן אויף דער וועלט? זיי קריכן טיפער, ווי ווערעם אין ביטערן כריין, און מיינען אז קיין זיסערס איז גאָר ניטאָ. קענטיק, אז די בונדישע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך צו קלמנען געהאַט גוט צוגעקלעפּט. ער האָט אויף דעם אופן געזען אַלע שטעטלשע מענטשן, וועלכע טראַכטן אפילו ניט פון

וועלן פֿאַרבעסערן דאָס שמוציקע לעבן אין שמוציקן שטעטל. קלמן האָט אפילו ניט געפילט, אז אויך דאָס איז אַ שטיקל איבערגעדרייטע בונדישע תורה וועגן דעם אומבאַוווסטזיניקן אַרבעטער, ארויסגענומען פון אַ בראָ־שורקע.

קלמן האָט אָבער פֿאַרשטאַנען, אז אויך ער ווייס ניט פון קיין בעסערן לעבן. דערפאַר האָט ער זיך מיט זיין גאַנצער קראַפט געוואָלט ארויסרייסן פון שטעטל, פון זיין ענגשאַפט — צו אַ ניי לעבן, צו דער גרויסער, אָפענער וועלט. איז ער ארומגעגאַנגען א פֿאַרקלערטער, פול מיט בענקשאפט.

# 7

# שיינע־דבורה די בעל־מצווהניצע

אן אויסטערלישער פרייטיקדיקער טאָג אין אַ מיטן תמוז איז דעמאָלט געווען. פון סאַמע באַגינען האָט שוין די זון געברענט און גע־בראָטן. קיין ווינטעלע האָט ניט אַ בלאָז געטאָן. ביימער זיינען געשטאַנען שטייף אויסגעצויגן, ווי די טעלעגראַף־סלופּעס, ביי די זייטן פון וועג, און האָבן זיך אַ מינדסטן ריר ניט געטאָן. פאַרשפּעטיקטע און פויל האָבן די קי געצויגן אין פעלד אריין. הינט, מיט אָפענע מיילער און ארויסגעשטעקטע צינגער, האָבן שווער געסאָפּעט און זיך לאַנגזאַם באַוועגט. קעץ זיינען פאַר־קראָכן אין די שאָטנס פון דעכער און מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן געדרעמלט. דער גאַנצער ארום איז געווען אָנגעגאָסן ווי מיט בליי.

אויף די מענטשן האָבן דעם פרייטיק אויסגעקוקט אַנדערש, געגאַנגען פּאַמעלעך און שטיל. פון לייבע דעם שמידס קוזשניע האָט מען דאָס קלאַפּן פון האַמערס כמעט ווי ניט געהערט. צוליב דער גוואַלדיקער חמימה אין דרויסן האָט מען דאָרט דעם בלאָזאַק ניט אונטערגעצונדן, און לייבע מיט

די בנים האָבן זיך אויסגעזוכט א מער לייכטערע ארבעט ביז דער שבת וועט אַראָפּנידערן איבער די יידישע געסלעך.

עטלעכע פורלעך זיינען געשטאַנען צעוואָרפן איבערן מאַרק און די פערדלעך האָבן געכראָמשקעט דעם האָבער און געטריבן מיט די עקן די זשלידנע פליגן, וואָס האָבן געזשומט אין דער שטילקייט. אַ פּאַראיינזאַמט פויערל איז אָנגעפּאָרן מיט אַ מאָגער פערדל, וואָס א ווייסער שוים האָט אים געשלאָגן פון מויל און די פעל איז געווען גלאַנציק־פּיכט פון שוויס. אין אזעלכע טעג זיינען די פּויערים געווען פאַרנומען אויף די פעלדער מיטן איינזאַמלען אין די שייערן דעם תבואה־שניט איידער די גרויסע רעגנס קומען. ביז נאָך דעם שניט האָבן פּויערטעס איבערגעלאָזט דאָס איינקויפן געבלימטן ציץ אויף קליידער, און דעריבער איז ביי די שניט־קרעמער, אויף דער זוניקער זייט גאַס, געווען אינגאַנצן ליידיק.

## שניט־קרעמערקעס ריידן וועגן די בונטאָווטשיקעס

די שניט־קרעמערקעס האָבן זיך פאַרקליבן אויף דער שאָטנדיקער זייט גאַס, ביי פרעמדע טירן זיך צעזעצט און דערציילט מעשיות און נייעס, וואָס יעדע האָט באַפּוצט מיט אייגן צוגעטראַכטע שטיקלעך. מ׳האָט געשמועסט, כמעט סודותדיק, וועגן די סטאַטשקעניקעס אין שטעטל און וועגן די ארבע־טער ביי די בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען.

איינע פון די קרעמערקעס האָט ארויסגעוויזן אירע ידיעות און מיט אַ ניגון, ווי פון דער תחינה אייגעטענהט, אז פון דעם אַלעם וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען. די בחורים האָבן זיך צופיל צעהוליעט, און מ׳דערציילט, האָט זי מיט אַ פאַרטרוילעכן קול געשעפּטשעט אין קרייזל אריין, אז אפילו דער גאָרדאָוואָי טאַרלאַקאָ האָט פאַר זיי מורא. זיי האָבן זיך איזניוכעט מיט חברה שלעגערס און מ׳האָט שוין אין אַ פינצטערער נאַכט אים אָנגע־בראָכן די ביינער, אזוי ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ס׳איז טאַקע אַ מצווה אויף אים, נאָר ער וועט ניט שווייגן. איר׳ט זען מיינע ווערטער, פאַרזיכערט זי. אָט איז שוין אפילו שיינע־דבורה אויך געגאַנגען ריידן מיט זייערע טאַטע־מאַמעס, נאָר איז דען ביי די דאָזיקע חברה פאַראַן כאָטש אַ ביסל כיבוד אב ואם ? פרעגט זי ביי די ווייבער און אַלע שאָקלען צו מיט די קעפּ צו אירע רייד : גאָט ווייס... גאָט ווייס...

# אַ שטורעם

נאָך האַלבן טאָג האָט זיך אָבער מיט איין מאָל אַלץ געביטן. אַ ווינט פון צפון האָט אָנגעהויבן בלאָזן און אויפן הימל האָבן זיך גענומען באַווייזן פלעקן. צו ערשט זיינען די פלעקן געווען ווייסע און קליינע, אַ ווײַלע שפּע־טער זיינען זיי געוואָרן גרוי, און נאָך שפּעטער איז דער הימל פאַרצויגן געוואָרן מיט גרויסע כמאַרעס, ווי מיט שוואַרצע טיכער.

דער ווינט האָט געטריבן די וואָלקנס פון איין אָרט צום צווייטן. זיי האָבן זיך געיאָגט איינע איבער די אַנדערע און דער לעצטער שטראַל פון דער זון איז פאַרשוווּנדן. אַ פינצטערניש האָט זיך צעשפּרייט איבער די איינגעהויקערטע הייזלעך פון שטעטל. מיטאַמאָל איז אַ שטורעם געוואָרן, גאַנצע קופּעס זאַמד האָבן זיך געהויבן אין דער לופט און צוריק זיך גע־שאָטן אויף דער ערד. די דונערן זיינען אַלץ נענטער געקומען, שטאַרקער געוואָרן. דער גאַנצער הימל איז געוואָרן איין שטיק בלייאיקע מאַסע, און דעם שוואַרצן בליי האָבן גענומען די בליצן צעשניידן, און גרויסע טראָפּנס זיינען געפאַלן, ווי דורך אַ שיטערער זיפּ. באַלד זיינען די טראָפּנס געדיכטער געוואָרן, האַסטיקער, ביז ס׳האָט גענומען גיסן עמערווייז. צוערשט זיינען פול געוואָרן די ריִנעס, דאַן האָט אויסגעפּלייצט די גאַנצע גאַס מיט אַ רוישיק שוימיקן וואַסער, וואָס האָט מיטגעשלעפּט מיט זיין שטראָם דעם גאַנצן אָפּפאַל.

קיין לעבעדיק נפש איז ניט געווען צו זען אויף דער גאַס. דורכגייער האָבן זיך שנעל באַהאַלטן אונטער אַ דעכל ערגעץ, צי אין אַ פירהויז. פון די הייזער און קראָמען האָבן אומעטיקע אויגן ארויסגעקוקט צום דרויסן. דער רעגן האָט געפּויקט ווי מיט בייטשן איבער דער ערד. אויב ער איז פאַר אַ רגע שוואַכער געוואָרן, האָט ער אָבער באַלד מיט פרישע כוחות זיך צעלאָזן, באַגלייט פון שטאַרקע דונערן און בליצן. פון אַ הינטער די טאָמ־בענק האָבן זיך פרומע ווייבער געטראַכט: אַן אמתער מבול, ווי דער אוי־בערשטער וואָלט זיין צוזאָג פאַרגעסן... ווער ווייס פאַר וועמענס זינד דער וואָלקנבראָך איז היינט געקומען? אז די קינדער גייען אוועק פון גאָטס וועגן...

די דאָזיקע מחשבות האָט פלוצעם איבערגעריסן דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון אַ האַמער אין טירן. נייגעריקע קעפּ האָבן זיך ארויסגערוקט דורך

טיר־ און פענצטער־שפּאַלטן. מער דרייסטערע האָבן זיך גענומען ארויס־שאַרן אין דרויסן, ווער אָנשטעלנדיק דעם קאָלנער, און ווער איבערדעקנדיק זיך איבערן קאָפּ מיט אַן אַלטן מלבוש. מען איז געשפּרונגען איבער די שטיינער, וואָס זיינען געווען פאַרזונקען אין דער בלאָטע פון גאַס, און איי־נער ביים אנדערן געוואָלט דערגיין די נייעס פון פּלוצלונגדיקן קלאַפּן אין די לאָדנס.

* * *

מרדכי פּיזשיק, דער שמש פון בית־מדרש, דורכגענעצט ביז צום לייב, איז געלאָפן פון הויז צו הויז און האָט מיט זיין האַמער איבערגעשטיגן דאָס קלאַפּן פון רעגן. פון זיין אַלט־צעלעכערטן קאַפּעליוש זיינען גערונען ריטשקעלעך וואַסער אויף זיין באָרד און ארונטערגעקאַפּעט אויף זיינע נאַסע גלאַנציקע מלבושים.

דער ווינט האָט געהויבן די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע, אז פון דער ווייטנס האָט זיך געדוכט, ווי אַ מלאך מיט שוואַרצע פליגל וואָלט זיך טראָגן דורך דעם שטורעם פון הויז צו הויז. גייענדיק איבערן ברוק האָבן די וואַסער־בלעזלעך געטאַנצט אויף זיינע אָפּגעפּאָרענע שטיוול. יידן זיינען אים אַנטקעגנגעלאָפן און מיט פאַרוווּנדערטע אויגן געפרעגט:

„וואָס האָט געטראָפן, ר׳ מרדכי? ס׳איז דאָך נאָך כמעט גאַנצע 4 שעה צו ליכט־בענטשן?"

## שיינע־דבורה איז געשטאָרבן

ווי די בליצן פון הימל האָט זיך אין שטעטל ארייגעשניטן די טרויערי־קע ידיעה: שיינע־דבורה די בעל־מצווהניצע איז פּלוצלינג געשטאָרבן. און שטיל האָט מען פון אויער צו אויער זיך ארייגעשעפּטשעט די מעשה פון שמש, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער מיט הייליקן ציטער. און אזוי איז געגאַנגען די מעשה פון איינעם צום צווייטן:

דער שמש האָט צוגעגרייט דעם בית־מדרש אויף שבת, ווען דער שטו־רעם איז אויסגעבראָכן. ער האָט ארויסגעקוקט דורכן פענצטער צום הימל און מיטאַמאָל דערזען עפּעס אזוינס, וואָס ער האָט זיינע אויגן קוים גע־גלויבט: אין מיטן גוסרעגן, צווישן די בליצן און דונערן, איז געלאָפן אַ קליינע, דאַרע פרויען־געשטאַלט מיט אַ פּעקל אין האַנט. אין דער ערשטער רגע האָט ער זי ניט דערקענט, נאָר ווען אַ בליץ האָט דורכגעשניטן דעם

הימל, האָט די געשטאַלט אויפגעלויכטן, ווי אין א הימלישן פייער, און ער האָט דערקענט שיינע־דבורהן. און ווען אַ דונער האָט אַ קלאַפּ געטאָן, האָט שיינע־דבורה אין מיטן איר געאייל זיך אַ גליטש געטאָן, אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און געבליבן אויסגעצויגן אונטער דעם רעגן. ער איז ארויסגעלאָפן פון בית־מדרש און אין איין אָטעם צוגעלאָפן צו איר, אָבער שיינע דבורה איז שוין געלעגן טויט. ער האָט מיט מאַטערניש דעם אויסגעדאַרטן און נאַסן קערפּער אריינגעטראָגן אין פּאָליש. ער האָט באַלד מודיע געווען דעם רב, און מען גרייט שוין די קבורה.

„אַ צדקנית — אויף שבת וועט זי זיין אין גן־עדן מיט די אבות", האָבן זיך די ווייבער געסודעט מיט ערפורכט.

קינד און קייט האָט זיך געצויגן צום שולהויף. יאָ רעגן, ניט רעגן, האָט מען געכאפּט עפּעס צו פאַרדעקן די פּלייצעס און מ׳איז געלאָפן אָפּ־געבן דעם לעצטן כבוד שיינע־דבורהן. בעלי־מלאכות האָבן שוין דעם פריי־טיק ניט אויסגעענדיקט זייער אַרבעט: אפילו די שניידער־געזעלן האָבן אוועקגעשטעלט די אָנגעגליטע פּרעס־אייזנס און זיי געלאָזט קאַלט ווערן; אויף די שוין פאַרטיקע שיך, אָפּצושיקן צו די קונדן, האָבן די שוסטערס דעם לעצטן גלאַנץ ניט ארויפגעלייגט. אַלץ איז געבליבן אין מיטן. די וואַר־שטאַטן זיינען געוואָרן פּוסט. אויף גיך האָט מען ארומגעווישט דעם שטויב פון דער אַרבעט, ארויפגעצויגן די שבתדיקע קאַפּאָטעס און אויף שנעל גע־לאָפן צום בית־מדרש. גבאים און חשובע בעלי־בתים האָבן אָנגעפילט דעם רבס הויז.

## ביים רב

דערווייל האָט זיך דער שבת אָנגערוקט נענטער. ניט לאַנג איז געבליבן צו ליכט־בענטשן. אויפן שול־הויף זיינען געשטאַנען רעדלעך יידן און מ׳האָט איינער ביים אַנדערן געפרעגט: וואָס וועט זיין? ס׳ווערט שפּעט. צי וועט נאָך היינט פאַרקומען די קבורה? עס איז דאָך אַ חילול־המת איבער־צולאָזן אַ בר־מינן ליגן איבער שבת אָן קבורה, בפרט אזא אישה צנועה און אַ צדיקת ווי שיינע־דבורה. מענטשן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס. דער רב מיט די דיינים זיינען אָבער געזעסן פאַרשפּאַרט אין אַ חדר מיוחד און באַטראַכט דעם ענין. פון דאָרט האָט עס עולם אָן אָטעם דערוואַרט די נייעס וועגן דער קבורה.

ענדלעך האָט זיך די טיר פון רבס חדר געעפנט. צוערשט האָט זיך באַוויזן דער רב, הינטער אים זיינען געשטאַנען די דיינים און די פּרנסים. דעם רבס פּנים איז געווען בלייך, ווי יום־כיפּור צו נעילה. די פאַרזאַמלטע יידן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ארום האָט זיך אויסגעלייגט אַ מוראדיקע שטילקייט. מיט פאַרזאָרגטע בליקן האָט דער רב ארומגענומען דעם גרויסן עולם, און מיט אַ געבראָכענער, טרויעריקער שטים האָט ער געזאָגט:

„רבותי, מיר האָבן היינט געהאַט א גרויסע אבידה: האשה הצנועה והכשרה מרת שיינע־דבורה איז פון אונדז אוועקגענומען געוואָרן צו דער פמליה של מעלה; זי איז געווען א טייערער פערל, וואָס אונדזער ק״ק האָט פאַרמאָגט. זי איז געלאָפן אין שטורעם טאָן א מצווה — טראָגן אַ פרישע חלה, וואָס זי אליין האָט געבאַקן, פון אירע בידנע גראָשנס, פאַר אן אָרעמען חולה אויף שבת, און איז אַוועקגעפאַלן. מען וויל איר האָבן אין הימל... על כן, האָט דער בית־דין צדק מיט די חשובע בעלי־בתים געפּסקנט, אז מיר זאָלן דעם מת ניט לאָזן איבער שבת אָן קבורה. עס איז שוין טאַקע ניט ווייט צו זמן־הדלקת הנרות, וועלן מיר זיך אַלע מוזן צואיילן. נאָר אויב עס וועט זיך חלילה ארייננציען אַ ביסל אין שבת אריין, וועלן מיר מוזן מקבל־שבת זיין תיכף נאָך דער קבורה, טאַקע אויפן הייליקן אָרט, און אין זכות האשה מרת שיינע־דבורה, וואָס וועט קומען פאַרן כסא־הכבוד אין דעם הייליקן טאָג פון שבת, וועט אונדז דער אל מלא רחום וחנון מוחל זיין״.

איינער פון די דיינים האָט געשיקט דעם שמש זאָגן, אז די חברה קדישא זאָל זיך צואיילן און ברענגען דעם הייליקן גוף.

* * *

דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ביים בית־מדרש. דער עולם איז געשטאַנען שטיל און געוואַרט. ווייבער האָבן אויפן קול געשלוכצט, געזאָגט פון אויסווייניק שטיקער תחינה און תפילות אין עברי־טייטש. יידן האָבן געמורמלט פאַר זיך קאַפּיטלעך תהילים.

דער ווינט איז רואיקער געוואָרן. דער רעגן האָט אויפגעהערט און די וואָלקנס זיינען פון מינוט צו מינוט דינער געוואָרן. דער האָריזאָנט האָט זיך גענומען לייטערן, און ווען מען האָט דעם ארון ארויסגעבראַכט, האָט די זון אַ שיין־געטאָן אויף דער שוואַרצקייט פון ארון און באַשאָטן דעם אומעטיקן עולם מיט ליכטיקע שטראַלן.

דעם ארון האָט מען געטראָגן דעם גאַנצן וועג ביז צום בית עולם. אַלע, אָרעם און רייך, גרויס און קליין, יעדער האָט געוואָלט טראָגן דעם לייכטן גוף עטלעכע שפאַן, פאַרדינען די מצווה פון אליין טראָגן די צדיקת צו דער קבורה. און ווען דער לעצטער גראָבאייזן מיט דער פייכטער ערד איז געפאַלן אויף דעם קבר פון שיינע־דבורהן, האָבן זיך אין מערב־זייט די לעצטע גינגאָלדענע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון געטונקט.

דער רב, די בעלי־בתים און נאָך זיי די גאַנצע עדה יידן האָבן זיך גע־איילט צוריק, צום בית־מדרש, צו קבלת־שבת.

## דער זעלבער פרייטיק אין הימל

דעם זעלבן פרייטיק האָט אין הימל אויך פאַסירט אַן אויסטערלישע זאַך: אזוי איז אַלץ פאַרלאָפן ווי תמיד, ווען מ׳איז זיך מכין אויפן הימל מקבל צו זיין דעם הייליקן טאָג פון שבת.

אַ ליכטיקער מלאך מיט אַ זילבערנע קרוין אויפן קאָפּ, מיט שניי־ווייסע זילבערנע פליגל, אָנגעטאָן אין אַ ברייטן קיטל מיט זילבער־פעדעם גע־וועבט, האָט גענומען רשות ביי דעם כסא־הכבוד און איז ווי יעדן פרייטיק צוגעפלויגן צו דער נשמה־יתירה־פאָרטקע, פון וואַנען אַלע פרייטיק, צו ליכט־בענטשן, לאָזט ער ארויס לויט אַ סדר די נשמות.

צוויי יונגע ווייסינקע מלאכימלעך, וואָס האָבן באַוואַכט די פאָרטקע, האָבן זיך פאַרנויגט פאַר דעם עלטערן מלאך און גענומען רשות ביי אים אויסצושטעלן די נשמה־יתירהס און לאָזן זיי אַראָפּנידערן אויף דער ערד, צו באַהעפטן זיך מיט יידישע גופים לכבוד שבת. דער הייליקער ערב שבתדיקער פאַראַד האָט זיך ווי שטענדיק אָנגעהויבן: די צוויי יונגע מלאכימלעך זיינען אָפּגעפלויגן און שנעל זיך אומגעקערט מיט זעקס און דרייסיק נשמהלעך, וואָס האָבן זיי נאָכגעשוועבט דורכזיכטיק־לייכט. 36 נשמות פון ריינסטן גינגאָלד מיט איינגעפאַסטע דימענטן, וואָס האָבן פאַר־בלענדט מיט זייער ליכט. דאָס זיינען געווען די נשמות פון די ל״ו צדיקים.

דער עלטערער מלאך האָט אויפגעלויכטן פון שמחה און ער האָט זיך גענומען אויסשטעלן די נשמות אויף זייערע פלעצער. דאָס איז געווען די שווערסטע זאַך וואָס אַ מלאך האָט געקענט טאָן, ווייל די 36 נשמות האָבן ניט געהאַט קיין ערשטן אָדער צווייטן ראַנג, נאָר אַלע זיינען געווען אין דער זעלבער מדרגה און איינע האָט ניט געקענט איבערשטייגן די אַנדערע.

יעדן פרייטיק פלעגט דער ליכטיקער מלאך מיט חכמה איינטיילן די לויטערע נשמות פון די ל״ו צדיקים אין רייען, ווער עס זאָל פריער אראָפּ־נידערן אויף דער ערד צו קבלת שבת און ווער שפּעטער. עס פלעגט ניט איין מאָל טרעפן, אז אַ נשמהלע פלעגט זיך פאַררוקן אין די הינטערשטע רייען מיט גרויס עניוות, כדי די אַנדערע זאָלן נידערן פריער.

ווידער האָבן די יונגע מלאכימלעך געגומען רשות ביים עלטערן מלאך און פאַרשוואונדן אין די וויטענישן פון רקיע. און באַלד האָבן זיך געגומען באַווייזן גאַנצע מחנות נשמות און נשמהלעך. פאָרויס האָבן געשוועבט זיל־בערנע נשמות מיט גאָלדענעם שימער, נשמהלעך מיט דימענטענעם גלאַנץ, וואָס האָבן זיך צעשטעלט אין רייען הינטער די נשמות פון די ל״ו. דאָס זיינען געווען נשמות פון גרויסע צדיקים, פון גרויסע רבנים און סתם גאָטספאָרכטיקע יידן, וואָס יעדע האָט שוין געהאַט איר שטענדיקן פּלאַץ, לויט דער מדרגה פון פרומקייט. נאָך זיי זיינען געקומען צושוועבן אַ מחנה ווייס־פּוכיקע נשמהלעך און זיך אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייען. דאָס זיינען געווען די נשמות פון פראָסטן המון, פון אָרעמע מענטשן און האָרעפּאַשני־קעס, קלאָרע ריינינקע נשמהלעך פון אָרנטלעכע און ערלעכע יידן מיט גוטע און פילבאַרע הערצער.

הינטער זיי האָבן זיך געצויגן אין גרויסע שערענגעס פאַרפלעקטע נשמות: ווייס, שוואַרץ און גרוי האָבן זיך דאָ אויסגעמישט. די געפלעקטע נשמות זיינען געווען אָן אַ צאָל, אָבער צווישן זיי זיינען אויך געווען אינגאַנצן גרויע, וואָכיקע נשמות פון די פּראָסטע יידן, מיט מער עבירות ווי מצוות. ביי אנדערע האָט אויך געטראָפן אז די מצוות האָבן עטוואָס אריבערגעוויגן די עבירות, אָדער דאָס צינגל פון וואָגשאָל איז געבליבן אין מיטן — גלייך אויף גלייך — זיינען זיי געווען ווייס־גרוילעך.

מיט אַ מאָל האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ מחנה רויט־געפלעקטע נשמות. אין טייל האָט זיך דורכגעפינטלט אויף אַ ביסל ווייסער שימער, אין אַנדערע אַ גרויער שאָטן, אָבער די מערסטע זיינען געווען אין גאַנצן רויט. דאָס זיינען געווען די נשמות פון אויפגעקומענע גבירים, סתם יחסנים און עשי־רים מופלגים, וואָס זיינען אויף דער זינדיקער ערד רייך געוואָרן ניט מיט קיין צו אָרנטלעכע מיטלען, ניט זעלטן אויפן חשבון פון אָרעמאַן.

צום סוף זיינען אָנגעפלויגן מיט רעש, אין אַ גרויסן געזעמל, אין איי־לעניש, ווי פאַרשפּעטיקטע, שוואַרצע נשמות מיט רויטע און גרויע פלעקן,

אָבער דאָס רוב זיינען געווען שוואַרץ ווי די פינצטערע נאַכט — נשמות פון גנבים, פאַרברעכער און מערדער.

דער עלטערער מלאך איז געשטאַנען פאָרויס, ביי דער פאָרטקע דורך וועלכער די נשמות דאַרפן ארויסשוועבן, און זיך געשפּיגלט אין הייליקן ליכט פון די ל״ו צדיקים. די יונגע מלאכימלעך האָבן אכטונג געגעבן אויפן גאַנצן המון נשמהלעך. זיי האָבן שוין מיט זייערע געניטע אויגן דערקענט יעדע פון זיי און איר געהעריקן פּלאַץ. ווען יעדע נשמהלע איז שוין געווען אויף איר אָרט האָבן די צוויי יונגע מלאכימלעך אויסגעזונגען מיט זייערע פידל־שטימעלעך אַ הלל צום בורא עולם פאַר זיין חסד מיט די צדיקים און פאַר זיין רחמים אויף די רשעים, וואָס ער, ברוך הוא, האָט פאַרביידע מחנות באַשאַפן דעם הייליקן רו־טאָג, דעם שבת.

## לכבוד שבת

די פראַכטפולע מאַניפעסטאַציע פון די נשמות האָט פאַרנומען כמעט אַ האַלבן רקיע — די מיליאָניקע ארמיי פון נשמות. דער עלטערער מלאך האָט באַפוילן די ל״ו נשמות זיך אָפּטיילן פון די אַנדערע און זיין גרייט פליען צו דער ערד מקבל שבת זיין. נאָך דעם האָט ער באַפוילן, אז אַלע אַנדערע נשמות זאָלן זיך צוגרייטן צו דעם הייליקן שבת, וואָס ברענגט רו און שלום אין יידישע הייזער. און מוצאי שבת, ווען יידן וועלן מאַכן הבדלה, זאָלן זיי זיך אַלע אומקערן אין הימל אריין אויף זייערע ערטער.

שוועבן אום די נשמהלעך שטיל, צעשטראַלט, ארום ליכטיקן מלאך. אפילו די רויטע און שוואַרצע זינדיקע נשמות ווערן לכבוד שבת העלער, ריינער. אַלע וואַרטן אַז דער מלאך זאָל עפענען די פאָרטקע פון הימל. דער מלאך עפנט פאָרזיכטיק אַ שפּעלטעלע און טוט אַ קוק אַראָפּ צו דער ערד און זעט: די זון לויכט נאָך אויף דער ערד. מאַכט ער צו די פאָרטקע צוריק, ביז די שקיעה וועט זיך רויט צעצינדן אויף מערב־זייט.

* * *

אין אַלע הימלען ווערן געמאַכט די הכנות לכבוד שבת. נאָר ביים כסא־הכבוד איז מען שוין פאַרטיק מיט אַלע צוגרייטונגען. דער מלאכים־כאָר האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ארום גאָטס טראָן. דוד המלך קומט אָן מיט זיין פידעלע און פאַרנעמט אַ פּלאַץ אויבן אָן, ביי די טרעפּ פון כסא־הכבוד. די מלאכים שטייען מיט איינגעדעקטע פּנימער פאַר דער שיין פון הקדוש ברוך

הוא. און אָט קומט צושוועבן מיט שבת־פּלאַטערנדיקן ציטער די מלכה שבת — די פּרימאַדאָנע פון אַלע זיבן טעג פון דער וואָך. דוד המלך גיט אַ הויב זיין פידעלע און די סטרונעס הויבן אָן אויסשפּילן אין די דינסטע טענער די געטלעכע מוזיק פון שיר־השירים. דער הימלישער כאָר זינגט די פסוקים פון שלמה המלך. מרים הנביאה טאַנצט אַנטקעגן דער מלכה שבת און די פּאַסטושקע שולמית שפּילט פאַרליבט אויף איר האַרף. די טענער וויקלען זיך ווי זיידענע שטראַלן ארום כסא הכבוד און צעקלינגען זיך ווי זילבערנע גלעקלעך איבער אַלע זיבן הימלען. און ווען די פריידיקע שבת־שירה האָט דערגרייכט צום אויסערסטן ווינקל פון אַלע הימלען, ווו ס׳איז אָפּגעטיילט דער אור פון חושך, דער גרענעץ פון גן־עדן און גיהנום — האָבן מיט איין מאָל די בייזע מלאכים פאַרלוירן זייער שליטה איבער די רשעים און די פאַרחושכטע און געפּייניקטע נשמות האָבן זיך איינגעהילט אין מנוחה פון שבת.

די גיהנום־שמשים האָבן אין דער רגע אָפּגעשטעלט אַלע ארבעט. די סמאָלע־גיסער האָבן שנעל אויסגעליידיקט זייערע קאָכיקע פעסער און די פאַרמוטשעטע נשמות פון די רשעים האָבן זיך גענומען אונטערהאַלטן דעם הייליקן ניגון פון שיר השירים. פאַר אַ גאַנצן מעת־לעת נידערט אַראָפּ די שבתדיקע רו איבער דעם צעפלאַקערטן גיהנום און די רשעים זיינע.

אין גן־עדן האָט שוין געשמעקט מיט שבתדיקן לויתן, וואָס איז געווען צוגעפּראַוועט מיט די פיינסטע בשמים. ארום זיינען אויף גילדענע שטולן געזעסן אָנגעלענט די צדיקים פון אַלע דורות. אין גאָלדענע לייכטער האָבן געוואַרט ליכט, ווי שטערן אין הימל, אויף דער מוטער שרה וואָס וועט מאַכן איר ברכה איבער זיי. און ווי אברהם און שרה האָבן זיך באַוויזן מיט זייערע לויכטנדיקע פּנימער האָבן זיך אַלע צדיקים אויפגעשטעלט פאַר זיי.

## די זון האָט פאַרשפּעטיקט

דעם פרייטיק נאָך מיטאָג איז אַלץ אין הימל געווען גרייט ארויסצובאַגלייטן די מלכה שבת גלייך ווי די מלאכים וועלן ענדיקן זינגען שיר השי־רים. און אָט דערגרייכן שוין צום ליכטיקן מלאך די לעצטע טענער. ווי זילבערנע כוואַליעס גלעקלט דאָס געזאַנג, און דער מלאך בויגט ארויס זיין זילבערנעם קאָפּ פון דער פאָרטקע אַ קוק צו טאָן ווי ווייט ס׳איז נאָך צו

שקיעת־החמה, נאָר ער בלייבט פאַרוואונדערט: פאַרוואָס פאַרשפּעטיקט זיך היינט די זון?

ער ווייס עס ניט דער מלאך. ווייל ווען ער איז געווען פאַרנומען מיט די ל״ו נשמות פון די צדיקים, האָט דער מלאך־המוות אומבאַמערקט זיך אַ גליטש ארויס געטאָן דורך דער פאָרטקע און איז נעלם געוואָרן אויף דער ערד. הימל און ערד זיינען דאַן געווען אָפּגעטיילט דורך אַ מחיצה פון גע־דיכטע און שוואַרצע וואָלקנס. דער „בעל־דבר״ האָט אויסגענוצט די גע־לעגנהייט, וואָס איז געווען די בעסטע צייט זיך צו דערשלאָגן צו שיינע־דבורה דער בעל־מצוהניצעס נשמה. רשות ארויפצוברענגען איר נשמה אין הימל האָט ער פון דער פמליה של מעלה שוין לאַנג געהאַט באַקומען, אָבער אַ תנאי האָט מען אויסגענומען אז ער מוז עס טאָן ווען זי וועט זיך ניט עוסק זיין במצוות.

מיט שיינע־דבורהן האָט דער „בעל־דבר״ געהאַט אַ שווערע עובדה. ווי נאָר ער פלעגט זיך גרייטן אָפּצוטאָן זיין שטיקל אַרבעט, איז תמיד שיינע־דבורה געווען פאַרטאָן אין אַ מצווה. זי איז געווען אַזוי פיל פאַרנומען מיט צדקה, אז זי האָט כמעט קיין צייט ניט געהאַט צום שלאָפן. אויב ער האָט שוין געוואָלט אַמאָל אַ כאַפּ טאָן איר נשמה בעת אַ מצווה אפילו, האָט אָבער דער מלאך פון שיינע־דבורהן אויפן הימל געהאַלטן אַן אויג אויף זיין יעדע באַוועגונג. איז דעריבער טאַקע ניט געווען קיין בעסערע געלעגנהייט ווי דעם פרייטיק, ווען הימל און ערד זיינען געווען צעטיילט.

* * *

דעם פרייטיק פאַר שקיעת־החמה, ווען דער גאַנצער הימל איז געווען פאַרטאָן מיט הכנות לכבוד שבת־קודש, איז די ערד געווען באַדעקט מיט גע־דיכטע כמאַרעס און אַ מבול האָט געפּלייצט פון הימל. איצט איז די צייט פאַר שיינע־דבורהס נשמה! האָט דער מלאך־המוות באַשלאָסן און זיך אַ ריס גע־טאָן דורך דער פאָרטקע און שוין געווען אויף יענער זייט. חוץ דער פאַר־גייענדיקער זון האָט עס קיינער ניט באַמערקט. און שפּעטער אַ ווײַלע, ווען די זון האָט געזען אַן עדה יידן באַגלייט שיינע־דבורהן צו איר לוויה אין גרויס איילעניש, ניט אריינצוציען אין שבת אריין, האָט זיך די זון ניט גע־איילט מיטן אונטערגיין. זי האָט פאַרלאַנגזאַמט איר גאַנג, אז איר שקיעה זאָל צונויפפאַלן מיט קבלת־שבת.

און אז דער מלאכים־כאָר האָט פאַרענדיקט דעם לעצטן פסוק פון שיר־השירים, און אז די מוטער שרה האָט שוין געבענטשט ליכט און אַ זוניקע פרייד האָט זיך צעשפרייט איבער די פּנימער פון די צדיקים, דעמאָלט האָט די מלכה שבת גענומען רשות ביים כסא־הכבוד אָפּצושווענקען און ברענגען יידן זייער שבת־רו. אָט פלאַטערט זי שוין אַנטקעגן ליכטיקן מלאך צו דער פאָרטקע, נאָר דער מלאך שטייט פאַרזאָרגט לעבן דער פאַרמאַכטער פאָרטקע און קען ניט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט אז די זון איז געבליבן הענגען אין הימל און רירט זיך ניט. ער שטעקט נאָכאַמאָל ארויס זיין קאָפּ און זעט, אז די זון האָט נאָך ניט גענומען אָפּשייד פון דער ערד. זי שטייט אויפן האָריזאָנט און אירע לעצטע שטראַלן באַלויכטן נאָך די ערד. זינט דער בורא עולם האָט באַשאַפן הימל און ערד און ער, דער מלאך, איינער פון די עלטסטע מלאכי השרת, געדענקט ניט אז עפּעס אזוינס זאָל שוין האָבן וועןפּאַסירט. עפּעס אויסטערליש האָט געוויס פּאַסירט אויף דער ערד, אז די זון האָט אויפגעהערט זיך באַוועגן און האַלט אָפּ דעם שבת. און דער מלאך ווענדט זיינע אומרואיקע בליקן צו דער מלכה שבת, וועלכע פלאַטערט צעשראָקן ארום אים, דערנאָך שיקט ער אַ פאַרצווייפלטן בליק צום אויבן, ווו דעם כסא־הכבוד שטייט אויף גאָלדענע זיילן און ער זוכט אַ באַשייד פאַר דער רעטעניש: פאַרוואָס האָט דער שבת דאָרט אויף דער ערד פאַרשפּעטיקט?

## שיינע־דבורהס נשמה קומט אין הימל

נאָר דאָ האָט איין נשמהלע פון די ל״ו צדיקים זיך אָפּגעטיילט פון די אַנדערע, זי האָט אַ שוועב געטאָן צום מלאך און פארנויגנדיק זיך אים מודיע געווען: „הנה, זיי וויסן, ליכטיקער מלאך, אז כ׳האָב דערפילט אז מיין צייט איז פאַרענדיקט. די ערדישע נשמה פון האשה מרת שיינע־דבורה, וואָס איך בין געווען איר באַשיצער אין הימל, האָט זיך אָפּגעטיילט פון איר גוף און פליט אַצינד אין הימל אריין און ס׳וועט לאַנג ניט נעמען ביז זי וועט זיך באַהעפטן אין מיר. איצט קומט דאָרט פאַר איר לוויה און אַן עדה יידן זאָגן קדיש פאַר איר לויטערער נשמה״.

האָט שוין דער מלאך געוווסט דעם באַשייד פון דער אויסטערלישער זון־פאַרשפּעטיקונג. האָט ער ווידער ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ און אראָפּגעקוקט צו דער ערד. דער כמאַרע־צודעק איבער דער ערד איז שוין געווען

אין גאַנצן אַוועק. די לופט איז געווען דורכזיכטיק־בלוי, און די ערד, נאָכן רעגן, האָט געשימערט אין זון מיט אַ פייכטן גלאַנץ. אַלץ ארום איז געווען אויסגעוואַשן, ריין, און דער מלאך האָט געזען מיט אַ קלאָרן בליק, ווי אַן עדה יידן יאָגט זיך צוריק פון בית־עולם צום בית־מדרש מקבל שבת זיין. און די זון וואַרט — —

אין די אָפּוואַרט־רגעס האָט די פאַרשפּעטיקטע זון באַגלייט שיינע־דבורהס ריינע נשמה צו די הימלען. זי האָט באַלויכטן דעם וועג פון דער נשמהס פלאַטערן צום כסא־הכבוד. און אז דער עלטסטער מלאך האָט געעפנט די פאָרטקע ביים אויסגאַנג פון די גאָר לעצטע שקיעה־שטראַלן ביים ראַנד פון הימל און ערד, כדי ארויסצולאָזן די פאַרשפּעטיקטע שבת מלכה, איז דאַן גראָדע אָנגעפלויגן די נשמה פון שיינע־דבורה די צדיקת, וואָס האָט גע־לויכטן ווי אַ זון אין הימל. די מלכה פון אַלע טעג אין דער וואָך האָט פאַר־בייגעשוועבט אין דער עפענונג פון דער פאָרטקע פאַרביי דער נשמה פון שיינע־דבורהן. ביידע האָבן געשיינט מיט וווּנדערלעך ליכט פון זיוו השכי־נה. די מלכה שבת האָט געשוועבט אַראָפּ צו ברענגען רו פאַר יידן, די נשמה פון דער צדיקת האָט געשוועבט ארויף, צו געפינען רו און לייטזעליקייט ביי די פיס פון אל רחום וחנון.

8

# הערצל דער שוסטער

## אָרעמע־לייט פרייען זיך

ערצל דער שוסטער איז צוריקגעקומען פון אפריקע!

די נייעס האָט געבראַכט כאַטשע: ער האָט אליין געזען, ווי נאָכן דער בעל־עגלה איז צוגעפאָרן צו כאַשע הערצלס און פון בויד איז ארויסגעקראָכן מיט אַ שיינענדיק פּנים טאַקע הערצל אליין.

נאָכן דאַוונען איז דער עולם געלאָפן אויף חידושים: איז דאָס טאַקע דער זעלבער הערצל, וועלכער האָט מיט זיבן יאָר צוריק איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קליינע קינדערלעך, מיטגענומען זיין עלטערן זון מאָטקען און זיך אוועקגעלאָזט מיט אים אין דער ווייטער וועלט אריין, אַזש קיין אַפריקע, צו פאַרדינען געלט און ברענגען צוריק אַן אפּותיקי, כדי ער זאָל קענען פונאַנ־דערנעמען אַ האַנט אין צדקה־זאַכן?

הערצל איז געווען ביי יעדערן אויף די ליפּן. די, וואָס האָבן אים שוין געזען, האָבן אויסגעמאָלט זיין אויסזען: דער זעלבער הערצל, נאָר דאָך, עפּעס אַ ביסעלע אַנדערש. זיין שפּיציק בערדל צוגעגלייכט, אָנגעטאָן אין

אַ האַרטע שליאַפּע, מאָדנע האַלבע קאַמאַשן מיט ברייטע נעזער־שפּיצן, און די הויזן — מיט אַראָפּגעלאָזטע קאַלאָשעס. ער טראָגט אַ קורצן רעקל, ווי אַ דייטש, להבדיל, און א זשילעט, אויף וועלכער עס ליגט רחבותדיק אויסגע־שפּרייט אַ גרויסע גאָלדענע קייט, און אויף דער קייט איז אָנגעטשעפּעט אַן אמתער גאָלדענער זייגער. אינמיטן דער קייט הענגט אַן אויסגעצאַצקעוועט גלאַנציק בלעכעלע מיט אַ פּאָרטרעט, אויף וועלכן עס איז אונטערגעשריבן „פּאָול קרוגער״...

* * *

יידן האָבן גלייך באַלאַגערט הערצלס הויז. געווונטשן זיין ווייב כאַשען „מזל טוב״ און בשעת מעשה זיך געקוויקט מיטן ווישניאַק, וואָס הערצל האָט יעדן אין הויז מכבד געווען לכבוד זיין אָנקומען.

איבערהויפּט האָבן זיך געפרייט די אָרעמע־לייט פון שטעטל. זיי זיינען טאַקע געווען די אמתע מחותנים מיט הערצלען. ווייל וועלכער אָרעמאַן גע־דענקט עס ניט וואָס הערצל האָט געטאָן פאַר אים איידער ער איז אוועקגע־פאָרן פון שטעטל ? הערצל איז טאַקע געווען דער גוטער טאַטע פון די אָרע־מעלייט : אליין אַ ייד אַ טרוד, וועלכער האָט געדאַרפט פון זיין וואַרשטאַט שפּייזן אַ געזינד זאַלבענייניט, קיין עין הרע, האָט ער דאָך תמיד געפונען צייט און אַ מעגלעכקייט צו העלפן יעדן יידן, וועלכער האָט זיך צו אים גע־ווענדט.

זיין שטוב איז שטענדיק אָפן געווען פאַר יעדן. כל דכפין ייתא ויאכל, האָט הערצל געטענהט, דאַרף ניט געזאָגט ווערן נאָר פּסח צום סדר, נאָר אַלע טעג פון יאָר, און מיטן זאָגן אליין דאַרף אַ ייד ניט יוצא זיין.

## שטעטל קאָכט מיט ליבע

האָט זיך אַמאָל געטראָפן, נאָך איידער הערצל האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, אַז אַ געוויסער זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ ווילעלערנער און אַן עילוי, איז געשטרויכלט געוואָרן — ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ דאַמסקן שניידערס אַ טאָכטער. פלעגט ער זיך מיט איר בשתיקה טרעפן אין דעם קיידערשן געסל. חברה האָט זיי טאַקע דאָרט אַמאָל געפּאַקט שפּאַצירנדיק ארומגענומען, אָרעם אין אָרעם. אין שטעטל האָט זיך געטאָן חושך, עס האָט גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק. ווייבער האָבן זיך געשושקעט, איבער־געגעבן איינע דער צווייטער די נייעס בסוד. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט דעם

גאַנצן ענין מגזם געווען, אז באשר מען זאָגט, אז דעם שניידערס טאָכטער איז שוין אפילו מעוברת... און בשעת־מעשה האָבן ווייבער פאַרבראָכן די הענט, פאַרקרימט די פיסקעס און האָבן אליין ניט געוווסט, צי די געשיכטע זאָל זיי הנאה טאָן, אָדער מ׳דאַרף האָבן פאַרדרוס.

רייכע, בעל־הבתישע ווייבער האָבן גערעדט מיט רוגזה, זיך געבייזערט און געשאָלטן דאָס פאַרליבטע פּאָרל, איבערהויפּט דעם שניידערס טאָכטער. וואָס איר האָט זיך ניט אַנדערש פאַרוואָלט נאָר דאָס טעלערל פון הימל. אנדערש פּאַסט איר ניט, דער שניידערוכע, האָבן זיי געטענהט, קראַנק גע־ווען זיך אויסזוכן עפּעס אירס גלייכן, אַ שניידערוק, און ניט מאַכן קיין ליי־טיש געלעכטער.

חשובע בעלי־בתים זיינען געגאַנגען צום רב זיך מיט אים אַן עצה האלטן, ווי אזוי דאָס שטעטל זאָל אויסמיידן בזיונות. דער רב האָט פאַררופן צו זיך דעם דאַמסקן שניידער, אים אריינגענומען אין זיין חדר מיוחד, און האָט מיט אים שעהן איינגעטענהט. ווען דער דאַמסקער איז ארויס פון רבס צימער איז ער געווען שוואַרץ ווי די בראַנד, און האָט זיך קוים געהאַלטן אויף זיינע פיס. אויף מאָרגן האָט דער רב פאַררופן צו זיך דעם יונגנמאַן און זיך מיט אים פאַרשפּאַרט עטלעכע שעה. און גערעדט האָט מען, אז דער בחור האָט געוויינט, זיך מתוודה געווען פאַרן רב און האָט אים צוגעזאָגט תשובה צו טאָן.

דאָס שטעטל איז דערווייל געגאַנגען אויף רעדלעך: בעלי־בתים האָבן באַרעדט דאָס מיידל, אויסגערופן אויף איר וואָס אין דער קאָרט שטייט, און בעלי־מלאכות האָבן פאַרקערט — באַשולדיקט דעם בחור און פאַר־טיידיקט דאָס מיידל.

די גאַנצע געשיכטע האָט זיך אָבער, סוף־כל־סוף, פאַרענדיקט מיט גאָר־ניט. עס זיינען פארביי די ניין מאָנאַטן און — דעם שניידערס טאָכטער האָט ווי אַלעמאָל געפלירטעוועט מיט יונגעלייט, געשמייכלט ווי תמיד, און זיך געהנדלט צו די בעל־הבתישע בחורים, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט.

## הערצלס מחשבות

הערצל האָט געהאַלטן מיטביידע צדדים: מען דאַרף ניט מאַכן פון דעם גאַנצן ענין קיין צו גרויסן טראַסק, האָט ער געטענהט. אזוינע זאַכן טרעפן זיך, ווייל דער יצר־הרע ווייסט ניט פון אָרעם און רייך און מאַכט ניט קיין חילוק צווישן בעל־הבית און בעל־מלאכה. יונגע חברה האָבן זיך אַ ביסל

פֿאַרליובעט, לאָזט מען זיי. זיי וועלן זיך מיט דער צייט אויסטשוכען און יעדער וועט בלייבן דאָס וואָס ער איז.

ביי זיך אין האַרצן האָט אָבער הערצל געגעבן אומגערעכט די בעלי־בתים!

באשר בכן, אז דער טאַטע איז אַ דאַמסקער שניידער און גאָט האָט אים דווקא געבענטשט מיט אַ שיין טעכטערל, איז וואָס? מוז זי טאַקע חתונה האָבן מיט אַ שניידער? און ווו שטייט עס אין דער תורה געשריבן, אז אַ שניידערס טאָכטער טאָר ניט פֿארקנסט ווערן צו אַ למדן?

און בשעת מעשה גיט הערצל אַ טראַכט וועגן זיין עלטערער טאָכטער: די יאָרן לויפֿן און מ׳וועט באַלד דאַרפֿן זען אַ שידוך פֿאר איר, וועט ער דען אויך באַדאַרפֿן אויסשטיין בזיונות דערפֿאַר ווייל ער איז אַ שוסטער? איי, ער האָט באַוויזן דער וועלט, אז אַ שוסטער קען אויך פֿירן אַ באַלעבאַטיש לעבן און געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. און אין הערצלס מחשבות גייט דורך די סדרה פֿון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן:

אַלע אינדערפֿרי, נאָכן דאַווענען, זוכט ער אויס אין בית־מדרש אַן אָרע־מאַן, ברענגט אים מיט כבוד צו זיך אהיים, ווו זיין ווייב באַזעצט אים אויבנאָן, איז אים מכבד מיט דאָס שענסטע און בעסטע און באגלייט אים ארויס בכבוד. דעם גרעסטן טייל פֿון טאָג, ווי נאָר ער פֿאַרטיקט זיך אָפּ מיט אָפּגעבן ארבעט פֿאַר זיינע ארבעטער, טוט ער אָן זיין וואָכעדיקע, ריינע קאַפּאָטע, זיין זיידן היטל, און לאָזט זיך ארויס אין שטעטל וועגן קהלשע ענינים.

דעם ערשטן וויזיט מאַכט ער אין הקדש. געווען איז דאָס אַמאָל אַן איינגעפֿאַלענע חורבה, אין ווינקל פֿון שולהויף, וואָס האָט געדאַרפֿט דינען דעם שטעטל פֿאַר אַ קראַנקן־הויז — איז עס אָבער מיט דער צייט פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אכסניה, אין וועלכער עס פֿלעגן געפֿינען אַ דאַך איבערן קאָפּ דורכגייענדיקע אָרעמע־לייט. דער הקדש איז אָבער געוואָרן אזוי פֿאַרלאָזן, אזוי אומריין, אז אין שיינעם פֿרימאָרגן האָט דער פּריסטאַוו ארטיעמיעוו געוואָרפֿן אַן אויג אויף אָט דער דאָזיקער חורבה און פֿארחתמעט די טיר. איז דער הקדש פֿון דעמאָלט געבליבן שטיין ליידיק און האָט גע־שראָקן אין פֿינצטערע נעכט ווייבער און חדר־יינגלעך.

אין ווינטערדיקע פֿרייטיקן, ווי נאָר די יינגלעך האָבן מעביר געווען די סדרה, פֿלעגן די ווייסע חברהניקעס באַפֿאַלן דעם הקדש: ברעכן, שטעכן און אָפּטאָן דאָרט כל דבר אסור. דאָס גלייכן שבת נאָכן קוגל. מענטשן

פלעגן ווייכן פאַרבייציוגיין דעם הקדש. די קולות, די קוויטשערייען פון חברה יונגאַטשעס, וועלכע האָבן זיך דאָרט אריינבאקומען דורך לעכער און צע־בראָכענע פענצטער, פלעגט אָנוואַרפן אַן אימה אויף די פאַרבייגייער. און אנדערע מאָל האָט זיך באמת געדוכט, אז פאַרשיידענע מלאכי־חבלה, שדים און רוחות שרייען פון הקדש ארויס.... פאַר די ווילע יונגען האָט דער הקדש געדינט אויף אָפּצוטאָן דאָרטן זייערע זינדיקע שטיקלעך.

## הערצל לאָזט ניט לייענען

און ווער ווייסט וואָס פון דעם הקדש וואָלט ארויסגעקומען ווען ניט הערצל. איינמאָל א שבת האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש פון באַלעמער און האָט ניט געלאָזט לייענען, ביז קהל וועט ניט מאַכן אַ טאָלק מיטן הקדש.

אין בית־מדרש איז געוואָרן אַ טומל. בעלי־בתים האָבן זיך געאַמפּערט און צו קיין טאָלק איז מען ניט געקומען. ביז חיים דער גבאי האָט ארייגגע־טראָגן א פאָרשלאַג, באשר די צייט שטייט ניט, יידן זיינען הונגעריק און מען דאַרף זיך שטעלן צו קריאת־התורה, דעריבער לייגט ער פאָר, אז מען זאָל דעם ענין הקדש איבערגעבן אין די הענט פון הערצלען און זאָל ר׳ הערצל טאָן מיטן הקדש לויט זיין רצון און פאַרשטאַנד. יידן האָבן גע־שאָקלט מיט די קעפּ, מ׳האָט זיך געשטעלט לייענען און מיט מוסף האָט מען טאַקע מכבד געווען ר׳ הערצלען. הערצל האָט מיט התלהבות אויסגעדרייט דעם נעריצך, און איז געווען צופרידן וואָס דער הקדש איז בהסכם הקהל פאַרבליבן אין זיין רשות. דער הקדש איז געווען א חילול השם בפרהסיה און ער האָט עס גענומען אויף זיך די מצווה אים צו פאַרריכטן.

קודם כל האָט ער זיך גענומען אויסרייניקן דעם שמוץ, וואָס האָט זיך פאַר יאָרן אָנגעקליבן. ער האָט אַראָפּגעבראַכט מענדל דעם פאַרבער, אַ הויי־כער ייד, וועלכער האָט זעלטן גענוצט אַ לייטער אין אַ יידישער הויז. מ׳איז משווה געוואָרן אז מענדל זאָל פאַרשמירן די לעכער אין די ווענט, נאָכדעם אויסקאַלכן די ווענט מיט געלאָשענעם קאַלך, אויספאַרבן די פענצטער מיט די טירן.

„ר׳ מענדל״, האָט הערצל אים פאַרזיכערט, „איך וועל אייך אליין באַ־צאָלן. נאָר ניט אָפּנאַרן קהל, מאַכט אַן אָרנטלעכע שטיקל ארבעט, אזוי אז פון דער חורבה זאָל ווערן אַ לייט...״

„ר׳ הערצל, דער הקדש וועט זיין פימסנהאָליך״, האָט מענדל דער פאַר־בער אים פאַרזיכערט, מער מיט דער גאָרבאַטער נאָז, ווי מיטן מויל...

אָפּגעפּטערט מיט מענדל דעם פאַרבער, האָט הערצל אראָפּגעבראַכט יונה דעם גלעזער און באַשטעלט שויבן פאַר די פענצטער.

דורך דער צייט ווען דער הקדש איז רעמאָנטירט געוואָרן, איז הערצל פון דאָרט ניט אָפּגעטראָטן. ער איז ארומגעלאָפן איבערן שטאָט, געזאמלט קישנס, פערענעס, פעדערן. ער האָט באַשטעלט הילצערנע בעטן ביי זיין שכן, נחום דעם סטאָליער. ער האָט מיט אַלעמען זיך אויסגעדונגען ביז דער לעצטער קאָפּיקע און זיך פאַרשולדיקט ביז איבער די אויערן.

אין אַ פּאָר חדשים ארום האָט הערצל מיט א שמייכלדיק פּנים און מיט שיינענדיקע אויגן ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש פון באַלעמער. עולם האָט דערפילט אז ער קומט אָנזאָגן אַ גוטע בשורה, און מ׳האָט אָנגעשטעלט אוי־ערן אים אויסצוהאָרכן.

„רבותי״, האָט הערצל אַ פריידיקער אויסגערופן, „איך קען אייך מודיע זיין, אז דער אלטער הקדש איז מער ניטאָ. אויף זיין אָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הכנסת־אורחים. על כן, פאַרבעט איך אַלע בעלי־בתים, און קיי־נער זאָל זיך ניט לאָזן בעטן, צו קומען נאָכן דאַוונען, טאַקע אין הכנסת־אורחים, אויף לעקעך און בראָנפן״.

## פון הקדש — אַן הכנסת־אורחים

נאָכן לייענען איז הערצל ווידער, ווי יענעם שבת בעת ער האָט ניט געלאָזט לייענען, געגאַנגען צום עמוד, ווי אַ גענעראַל וואָס נעמט איין א פעסטונג־שטאָט. דעם מוסף האָט ער טאַקע אויסגעצאַצקעט גאָר אויף אַ נייעם שטייגער און מיט אזא מתיקות, אז בעלי־בתים האָבן אים אפילו אונ־טערגעהאָלפן.

פיל מסירות־נפש האָט הערצל ארויסגעוויזן אויך דער חברה קדישא. ווייל ווי וואָלט די חברה אויסגעזען אָן אים? ווען עס קומט אַ שטייגער צו אַ שווערן, ניט אָנגענעמען בר־מינן און קיינער וויל זיך צו אים ניט צורירן, כאָטש חברה האָט שוין א גוטן שנאַפּס געמאַכט, איז שוין הערצל ביים בר־מינן, איינער אליין. ער בעט ביי קיינעם קיין הילף ניט.

חושך האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטל, ווען מ׳האָט „קושקע מיט די גלעק־לעך״ ארויסגעוואָרפן פון זיין שטיבעלע פאַר ניט צאָלן קיין דירה־געלט.

אַ גרויסער אָרעמאַן געווען, נעבעך, אָט דער „קושקע מיט די גלעקלעך". ער האָט זיך מפרנס געווען פון דעם, וואָס ער פלעגט טראָגן פורים שלח־מנות און צו דער סעודה פלעגט ער פּראָווען פורים־שפּיל. אַמאָל פלעגט ער זיך פאַרשטעלן פאַר מרדכין, אַמאָל פאַר המנען. פון דעם פלעגט ער טאַקע אָנ־קלייבן אַן אפּותיקי, אָבער ניט אַלע טאָג איז פורים, און פאַר אַ גאַנצן יאָר האָט עס קיינמאָל ניט געסטייעט. זיין צווייטע פּרנסה איז געווען — שינדן פעלן פון געפאַלענע פערד, איז ער אָבער צו אַלט געוואָרן פאַר דעם. עס פלעגט אויך טרעפן, אז די שטעטלדיקע קאַפּעליע פלעגט אים אַמאָל מצרף זיין צו קלאַפּן מיט דער פּויק אויף אַ חתונה, ווייל קושקע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מנגן, און כאָטש קיין נאָטן האָט ער ניט געקענט, פלעגט ער אָבער שטענדיק קלאַפּן צום טאַקט. אָבער פון די אַלע פּרנסות האָט קושקע נע־בעך געליטן הונגער און ניט געקענט צאָלן קיין דירה־געלט.

זיצט אזוי „קושקע מיט די גלעקלעך" אויף זיין ארויסגעשטעלט בעטל, די עטלעכע בעבעכעס וואַלגערן זיך אין בלאָטע, און ער באַגיסט זיך מיט טרערן. פאַרבייגייער, איבערהויפּט ייִנגלעך, האָבן גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם טרויעריקן ספּעקטאַקל, ביז הערצל האָט פונאַנדערגעטריבן די גרויסע מיט די קליינע, און גענומען קושקען אין הכנסת־אורחים, און זיינע קינדער האָבן אים נאָכגעטראָגן די פּאָר טעפּעלעך.

אָבער אז ער גיט אַ טראַכט, אז ניט קוקנדיק אויף אַלע זיינע מעשים־טובים, וועט דאָך זיין שוסטעריי אים שטערן צו אַ שידוך, ווערט אים טרויע־ריק אויפן האַרצן.

## הערצל פאָרט קיין אפריקע

פלוצעם האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג: הערצל פאָרט קיין דרום אפ־ריקע. דער קלאַנג האָט זיך פאַרשטאַרקט. מענטשן האָבן באַדויערט און זיך געבראָכן די קעפּ אויפצוקלערן דאָס דאָזיקע רעטעניש. אָבער אלע האָבן די זאַך פאַרשטאַנען: הערצל איז נעבעך צוליב זיינע כסדרדיקע זאָרגן לטובת הכלל, געקומען צו אָרעמקייט אין זיין אייגענעם לעבן, איז מסתמא האָט ער באַשלאָסן עמיגרירן קיין אַפריקע, דאָרטן אָנקלייבן אַ ביסל געלט, און ווען ער וועט, אם ירצה השם, קומען צוריק, וועט ער וויזן וואָס הערצל קען.

אויסער זיין וויב כאַשען, האָט הערצל קיינעם קיין אויפקלערונג וועגן זיין ווייטער נסיעה ניט געמאַכט. נאָר די אָרעמע־לייט פון שטעטל, וואָס ער

איז געווען זייער טאַטע, האָט ער געהאַלטן אין איין באַרואיקן: „זאָרגט אייך ניט, מיין ווייבס הויז וועט זיין פאַר אייך אָפן ווי געווען. איך וועל שוין דערפאַר פון אפריקע זאָרגן. איר בלייבט ניט אויף הפקר!"

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן יענעם פאַרנאַכט אויפן מאַרק, ווען הערצל האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, איז אין לשער: אָרעמע־לייט האָבן געמאַכט אַ גאַנצן פאַראַד; כאַטשע און העטשע האָבן געהאַלטן אָרדענונג. גויים האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, מיינענדיק אז אַ גרויסער „ראַבין" דאַרף קומען אין שטעטל, און דער אוריאַדניק האָט אַ פרעג געטאָן וואָס דאָס איז פאַר אַ „סאָבראַניע". האָט מען אים דערקלערט, אז הערצקאָ פאָרט אוועק. האָט ער אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרשיכורטע אויגן און מיט ביטול אַ זאָג געטאָן:

„און איך האָב געמיינט אז אַ וועליקי ראַבין פאָרט דאָס אַוועק, און צום סוף גאָר הערצקאָ סאַפּאָזשניק..."

„הערצקאָ סאַפּאָזשניק איז ביי אונדז ,טשוט ניע ראַבין'" (כמעט ווי אַ רב), האָט אים דערקלערט מאָטל, שימשעס איידעם, וועלכער איז געווען אַ גאַנצער ר' שמעלקע מיט דעם אוראַדניק. אָבער דער אוראַדניק האָט שטאַרקער פאַרדרייט זיינע וואָנצעס, האָט אַ שפּיי געטאָן און מיט שטייפע טריט אַוועק.

ווען נחמן דעם בעל־עגלהס בויד האָט זיך באַוויזן אויפן מאַרק מיט הערצלען צווישן אַ פול אָנגעפּאַקטער בויד מיט פּאַסאַזשירן, האָט דער עולם באַגעגנט הערצלען מיט אַ „הורא". ווייבער האָבן מיט פאַרטעכער גע־שנייצט די נעזער, זיך געווישט די אויגן און געטרייסט כאַשען, אז מירצע־שעם, גאָט וועט העלפן, ער וועט אָנקומען בשלום. מ'זאָל נאָר זיין געזונט.

און אַזוי האָט הערצל פאַרלאָזט זיין ווייב מיט די אָרעמע־לייט. און איצט, נאָך עטלעכע יאָר זייענדיק אין אפריקע, איז ער געקומען אהיים. שטעטל רעדט, אז ער איז א גרויסער גביר.

## שבת אין בית־מדרש

אז הערצל איז דעם ערשטן שבת געקומען אין בית־מדרש אריין, אָנגע־טאָן אין אזא מאָדנעם, געקעסטלטן גאַרניטער, מיט אַ האַרטער שליאַפּע, איז אים חיים דער גבאי אנטקעגן געגאַנגען מיט אַ ברייטן שלום־עליכם און אים באַזעצט אין מזרח, טאַקע ניט ווייט פון רב. און ווען דער בעל־קריאה, מאָט־

קע דער מלמד, האָט ביים לייענען אויסגעזונגען זיין יעמוד ר׳ הערץ בר׳ משה מפטיר, איז אין בית־מדרש געוואָרן שטיל. אַ עדה יידן האָבן געווענדט זייערע בליקן אָנצוקוקן גוט הערצלען אין פּנים אריין, זען ווי ער גייט ארויף אויף דער בימה, הערן זיינע ברכות און זיין לייענען די הפטורה.

זיין בעבור שנדב האָט געמאַכט אַ רושם אין גאַנצן בית מדרש. הערצל האָט מנדב געווען פאַר אַלע צדקה־אַנשטאַלטן, און ווען ער האָט געענדיקט די ברכות, איז ער אַ ווײַלע שטיל געבליבן, דערנאָך האָט ער מודיע געווען דעם עולם אז ער האָט בדעה איבערצובויען דעם הקדש אויף אַ ריכטיקן בית־חולים און אלע הוצאות וועט ער אליין דעקן. פאַרשטייט זיך, אז מוסף האָט געדאַוונט פאַרן עמוד טאַקע ר׳ הערצל אליין, און עפּעס גאָר מיט אַ נייעם געשמאַקן נוסח. בעלי־בתים האָבן די פינגער געלעקט.

הערצל האָט געעפנט אַ גאַרבעריי. ער האָט צעקלעפּט מודעות אין אַלע בתי־מדרשים, אז אַלע אָרעמע ייִנגלעך, וועלכע ווילן זיך לערנען אַ פאַך, איז ער גרייט אריינצונעמען אין זיין גאַרבעריי. צו דעם צוועק האָט ער אָפּגעדונגען אַ גרויס הויז אין דער קיידערשער גאַס. ער האָט אראָפּגעבראַכט פון אַ גרויסער שטאָט אַ גאַרבער, אַ ספּעציאַליסט, און מ׳האָט זיך געשטעלט אויסאַרבעטן פון רויע פעלן יוכט־לעדער, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרן קיין טיף־רוסלאַנד. פאַר זיינע אַרבעטער און לערן־ייִנגלעך האָט הערצל איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע קיך, ווו זיי האָבן געגעסן בעת דער אַרבעט. אַנשטאָט 12 שעה א טאָג אַרבעט, ווי עס האָט זיך געפירט אין שטעטל, האָט מען ביי הערצלען געאַרבעט נאָר 10 שעה. די זעלבע קיך האָט אויך געדינט שבתים פאַר אָרעמעלייט. און הערצל, נאָכדעם ווי ער האָט איינגעשטעלט זיין גאַרבעריי ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, האָט זיך ווידער אַ נעם געטאָן מיטן גאַנצן ברען צו די שטאָטישע ענינים.

## די חברה קדישא־סעודה

שבת חזון, ווען עס פאַלט אויס די יערלעכע סעודה פון חברה־קדישא, האָט הערצל מודיע געווען, אז דער עולם ווערט פאַרבעטן צו אים אין הויז, נאָכן דאַוונען, צו דער סעודה, וואָס ער וועט פראַווען אויף זיין אייגענעם חשבון.

נאָך פון דאָנערשטיק פרי האָבן שוין קעכינס געקאָכט גרויסע טעפּ פון אַלדאָס גוטס. הערצל האָט פונאַנדערגענומען ווענט, צונויפגעשטעלט טישן

פון ברעטער, וועלכע ער האָט אויסגעבאָרגט אַקעגנאיבער ביי נחום דעם סטאָליער, און האָט זיי אויסגעשטעלט אין דער לענג פון זיין הויז, נאָכדעם האָט ער פאַרפוצט זיין הויז מיט קאָלירטע פּאַפּירן און בלומען. זיין ווייב מיט די עלטערע קינדער האָבן צוגעגרייט די געשמאַקסטע מאכלים. שבת נאָכן דאַווענען איז מען געשטאַנען אויף די קעפּ אונטער הערצלס פענצטער, ווי די גרעסטע חתונה וואָלט פאָרגעקומען.

פאַר זיין געהילף צו סאַרווערן און האַלטן אָרדענונג האָט הערצל פאַרבעטן קלמן בולאַן.

„אָבער היט זיך פון אליין טרינקען", האָט הערצל אייניקע מאָל איבערגעחזרט פאַר קלמנען, „דו מוזט האָבן דיין קאָפּ אויף די פּלייצעס, דו הערסט!"

„ר' הערץ, פאַרלאָזט זיך אויף מיר", האָט קלמן הערצלען פאַרזיכערט, „קלמנס אַ צוזאָג איז הייליק, ווי איר זעט מיך לעבן. און פאַר אייך, ר' הערץ, וועל איך גיין אין פייער און אין וואַסער".

בראָנפן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, און הערצל אליין איז ארומגעלאָפן פון איינעם צום צווייטן, אכטונג געגעבן, אז קיינער זאָל ניט אוועקגיין אהיים מיט ליידיקן און מיטנעמען פאַר ווייב און קינד חלקים לעקעך.

די גרעסטע סענסאַציע איז אָבער געווען אין שטעטל ערב יום־כיפּור, ווען הערצל איז פאַר מנחה אראָפּגעקומען טיילן צדקה און זיך לאָזן שלאָגן מלקות.

אין פּאָליש פון די בתי־מדרשים זיינען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע טישן, און חשובע בעלי־בתים זיינען געזעסן ארום זיי מיט קערות פאַר פאַרשיידענע צדקה־זאַכן.

הערצל איז אריינגעקומען מיט אַ זעקל אָנגעפּאַקט מיט זילבער. ער האָט קיין חילוק ניט געמאַכט, לויט דער ריי, האָט ער, ניט געציילטערהייט, געשאָטן אין יעדער קערה, ביז דאָס זעקל איז געבליבן ליידיק. יידן זיינען געשטאַנען, געקוקט און געגאַפט. און ווען ר' הערצל האָט זיך נאָך מנחה אוועקגעלייגט אויף די קני, מיט די הענט פאַרשטעלט די אויגן, און ר' אברהם־בער, אַ ייד אין די 70קער, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, האָט גענומען ציילן די שמיץ מיט די רימענע לאַקשן איבער הערצלס אחור, זאָגנדיק אויפן קול והוא רחום יכפּר עון, האָט מען געזען, אז ר' אברהם־בער טוט עס מיט אמתער, הייליקער כוונה...

# 9

# חוליגאַנעס און קאַמף

## שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס

כאָטש אַרכאַנגעלסט ליגט טיף אין רוסלאַנד, און עס איז אַ גאַנץ ווייטער מהלך פון שטעטל, איז אָבער דאָך אַרכאַנגעלסק פּלוצעם אזוי נאָענט געוואָרן צום שטעטל, ווי בײדע וואָלטן זיך געגרענעצט.

און פּאַסירט האָט עס אזוי: אָנהייב 1905. דער בונד, וואָס זיינע מיט־גלידער זיינען באַשטאַנען אין זייער גרעסטער מערהייט פון בעלי־מלאכות, שוסטערס, שניידערס, סטאָליערס און אנדערע, איז געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג דרייסטער. אנשטאָט די קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען, ערגעץ אין אַ באַ־האַלטענעם ווינקל פון וואַלד, האָבן זיך די פאַרזאַמלונגען גענומען אָפטער אריבערקלייבן אין שטעטל גופא.

ווינטער. דער וואַלד שטייט איינגעזונקען אין פראָסט. די ביימער טראָגן אויף זיך זייערע שנייאיקע מלבושים. יעדעס צווייגעלע האָט, אנ־שטאָט זיינע זומערדיקע בלעטער, זיך אָנגעפּעלצט אין ווייסן. די נאָדל־ביימער שטייען פון וואָכן־לאַנג אויסגעפּוצט מיט פינקלדיקע זילבער־דיי־מענטלעך. דער פראָסט האָט ניט בדעה שוואַכער צו ווערן, פאַרקערט גאָר

— ער שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. די יידישע גאַס, ווו ס'איז געווען די בונדישע בירזשע, איז רואיקער און שטילער ווי געוויינלעך. האָט דער קאָ־מיטעט פון בונד, נאָך לאַנגע ישוב הדעתן, באַשלאָסן איבערצופירן די פאַר־זאַמלונגען פון וואַלד אין שטעטל גופא. און געמאַכט זאָל עס ווערן אויף אזא אופן: איינאָרדענען פאַרשטעלטע „חתונות" און „תנאים": אַ חבר פון דער פאַרטיי ווערט כלומרשט פאַרקנסט און מען פראַוועט אַ „שמחה". אויף אָט דער „שמחה" ברענגט מען אַראָפּ אַ רעדנער, מכלומרשט אַ קרוב פון דעם „חתן", אָדער פון דער „כלה", און מען פירט דורך די פאַרזאַמלונג. מען פאַרברענגט אויף אַ בונדישן אופן, מען פאַרענדיקט מיט דער „שבועה" און מען צעגייט זיך, ניט באַהאַלטענערהייט, אהיים.

אויסער דעם האָבן זיך גענומען מערן שטרייקן אין שטעטל. מען האָט גענומען קעמפן פאַר אַ העכערן לוין און אַ קלענערן ארבעטס־טאָג. בעלי־בתים האָבן ניט געוואָלט נאָכגעבן, האָט מען אַגיטירט צווישן די ארבעטער מ'זאָל דערקלערן אַ שטרייק. הירשל נאַכעס און יואל־פּינחס דעם קצבס זיינען ארומגעגאַנגען פון וואַרשטאַט צו וואַרשטאַט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. און טאָמער האָבן זיך געפונען אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט צושטיין צום שטרייק, איז געקומען צו הילף יענקל הושאַק מיט זיין „באַיעוואָי אָטריאַד"; בלית ברירה האָבן שוין בעלי־מלאכות אוועקגעלייגט שער־און־אייזן, האַמער און קאָוואַדלע און פאַר מורא געוואָרפן די אַרבעט, ביז בעלי־בתים האָבן צוגעוואָרפן אַביינדל — און דער שטרייק איז אָפּגערופן געוואָרן.

די שטרייקן האָבן געפירט צו אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס איבער די יידישע גאַסן: יונגע „רעוואָלוציאָנערן", ווי זיי האָבן זיך גערופן, האָבן ארומגעהאַוועט. דער „באַיעוואָי־אָטריאַד" האָט זיך באַזאַרגט מיט אזוינע לע־דערנע בייטשן, נאַהייקעס, וואָס צו די לעדער־ברעגעס זיינען אָנגעגנייט גע־וואָרן שטיקלעך בליי. מיידלעך זיינען געווען באַשעפּטיקט מיט נייען רויטע פענער, מיטן איינזינגען לידער, און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָבן זיך חברה בונדיסטן אוועקגעלאָזט איבער די גאַסן מיט רויטע פענער, זינ־גענדיק „ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט", די מאַרסעליעזע און אנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער. ווען אַרטעמיעוו, דער פּריסטאַוו, האָט זיך דערוווּסט וועגן דער ערשטער דעמאָנסטראַציע, וואָס גייט דורך די גאַסן, האָט ער גלייך ארויסגעשיקט זיין געהילף, דעם אוראַדניק מיט צוויי סטראַזש־

ניקעס — זיין „אַרמיי" וואָס ער האָט פאַרמאָגט — זיי זאָלן צעטרייבן די דעמאָנסטראַציע. אָבער חברה, באַגייסטערט פון זייער אויפטו, האָבן זיך קעגנגעשטעלט. זיי האָבן די דריי גויים נאָך באַגלייט מיט זידל־ווערטער, אז יענע האָבן זיך קוים אָפּגעטראָגן.

די בונדיסטן זיינען געוואָרן דרייסטער. זייערע דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך גענומען גאַנץ אָפּט איבערחזרן, און דערגאַנגען די יאָרן דעם פּריסטאַוו אַרטעמיעוו. אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז דער „באַיעוואָי אָטריאַד" האָט אמאָל ביינאַכט אָפּגעטשאַטעוועט אַרטעמיעוון, אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער, אויסגעריסן אַלע מעשענע קנעפּלעך פון זיין מונדיר, אראָפּגעריסן די קוקאַרדע און אים געלאָזט גיין... דער פּריסטאַוו האָט זיך טאַקע נאָכדעם לאַנג ניט באַוויזן, און דער אוראַדניק איז ארומגעגאַנגען בייז ווי אַ טיגער. אַרטעמיעוו האָט שוין אָבער ניט גערוט. ער האָט געשריבן פּראָשעניעס אין די „הויכע פענצטער", אז ער איז הילפלאָז קעגן די יידישע בונטאָווטשיקעס, און געבעטן הילף.

## אַ בונדישע חתונה

דאָס איז געווען אַ שבת־צונאַכט. אין שטעטל איז פאָרגעקומען א בונדישע „חתונה". חברטע דינה איז געווען די „כלה" און דער „חתן" האָט געזאָלט זיין דער „חבר סאמסאָן", וועלכער איז אראָפּגעקומען פון סלוצק האַלטן אַ רעפעראַט.

„חבר סאמסאָן" איז געווען גוט באַקאַנט צווישן די בונדישע קרייזן. אַ יונגערמאַן פון מיטלוווקס, שטענדיק געטראָגן אַ פּעלערינע, אַ קיילעכדיקע שליאַפּע, אַ פּאָר פּענסנע, פון וועלכע עס איז אראָפּגעהאַנגען אַ גאָלדן שנירעלע צוגעשפּיליעט צו דער פּעלערינע, און לאַנגע, שוואַרצע, גלאַנציקע האָר זיינען ארויסגעקראָכן פון אונטערן קאַפּעליוש, אזוי ווי ביי אַ רוסישן גלח, להבדיל.

די חברים האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַרן חבר סאמסאָן. טאַקע צוליב זיין אויסטערלישן אויסזען, און איבערהויפּט פאַר זיין גוטן ריידן. אַ זעלטענער רעדנער געווען, וואָס פלעגט מיט די פּשוטסטע ווערטער ממש אריינלייגן אין מויל די געדאַנקען, אז יעדער האָט אים געקענט פאַרשטיין. צו דעם האָט ער זיך נאָך אויסגעצייכנט אין זיינע דיסקוסיעס מיט די ציוניסטישע אָפּאָנענטן. מיט זיי האָט ער אָבער שוין ניט גענוצט קיין פּשוטע

ווערטער, נאָר ער פלעגט זיי פאַרוואַרפן מיט פסוקים פון תנ״ך, פון גמרא און פוסקים, אז יידן, בעלי־בתים און לערנער, פלעגן קוועטשן מיט די פלייצעס:

„אָט דאָס איז זייער בונטאָווטשטשיק? ער האָט דאָך גיכער געקענט זיין אַ דיין אין אַ שטעטל".

יענע שבת־צונאַכטיקע „חתונה" מיטן חבר סאמסאָן אַלס „חתן", איז טאַקע געווען גאָר אַ געהויבענע. אַלע חברים און חברטעס זיינען געווען דערביי. צוליבן באַוווּסטן „חתן" זיינען אויך געקומען אַ סך סימפּאַטיקער, וועלכע האָבן זיך נאָך געקווענקלט צי זיי זאָלן ווערן חברים אין בונד, אָדער ניט.

ביי הירשל נאָכעס איז לכבוד דער חתונה די שטוב געווען אויסגעפוצט מיט קאָלירטע פּאַפּירן. דער טיש איז געווען אויסגעשפּרייט מיט אַ קלאָר־ווייסן טישטעך און סערווירט מיט לעקעך און אמתע בראָנפן. חבר סאַמסאָן האָט שוין געענדיקט זיין רעפעראַט און עס זיינען פאָרגעקומען דיסקוסיעס. חברים האָבן געשטעלט פראַגן, און פון צייט־צו־צייט טאַקע אויף אַן אמת גענומען א גלעזעלע משקה און פאַרביסן. די שטימונג איז געווען גאָר אַ געהויבענע. נייע חברים האָבן זיך פאַרשריבן, נייע לידער האָט מען געזונגען.

## פּאָליציי אויף דער חתונה

אין מיטן פון דער שמחה האָט זיך מיטאַמאָל פון דרויסן דערהערט אַ שיי־סעריי. און איידער די פאַרזאַמלטע זיינען געקומען צו זיך פון שרעק, האָט זיך שוין די טיר אויפגעפּראַלט: אַרטעמיעוו, דער אוראַדניק, הינטער אים אַ גאַנצע ראָטע קאָזאַקן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, גרייט צום שיסן, האָבן זיך אריינגעריסן אין הויז.

„בלייבן אויף די ערטער, מיט אויפגעהויבענע הענט!" איז געקומען דער באַפעל פון פּריסטאַוו. אַלע זיינען געבליבן בלייכע און דערשראָקענע. דעם באַפעל האָט מען אויסגעפירט מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס.

„געגנוג געהוליאַנקעוועט, געפּראַוועט כלומרשט כאַשלערעס, געסטאַטשקעוועט און געלאָפן מיט רויטע פענדעלעך! איר וועט שוין, זשידקי, ביי מיר אויף אַ ווײַלע זיצן אין כודער־מודער" — האָט אַרטעמיעוו מיט רוגזה אויסגערופן. „אַביסקעווען זיי!"

די קאָזאַקן מיט די סטראַזשניקעס האָבן יעדן איינעם אונטערזוכט און אוועקגעשטעלט אָן אַ זייט. נאָכן אונטערזוכן אַלעמען, האָט מען די „חתונה־לייט" אויסגעשטעלט אין צוויי רייען און מיט אַ קאָמאַנדע זיי אָפּגעפירט צום פּריסטאַוו, אין קאַנצעלאַריע.

אַרטעמיעוו האָט זיך אָבער דערמיט ניט באַגנוגנט. מיט אַ צעטל אין האַנט איז ער, מיט אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן, אַוועק לויט אַן אָנגעמערקטן פּלאַן: ער האָט רוגזהדיק געקלאַפּט אין טירן, אויפגעוועקט יונג און אַלט און גע־זוכט, געניזשטערט אין די קעלערס, אויף ביידעמער — און ארעסטירט אַלע־מען אויף וועמען עס איז נאָר געפאַלן אַ חשד.

אַ גאָר באַזונדערע אויפנאַמע האָט געקראָגן דער פּאָפּולערער בונדיסט משהל דודס. מיט פּאַראַד האָט מען אים געפירט באַזונדער, און דעם גאַנצן וועג מכבד געווען מיט פריקלאַדן, לויט די אָנווייזונגען פון אַרטעמיעוון.

דאָס שטעטל איז שוין יענע נאַכט ניט געשלאָפן. יידן מיט אָנגעשטעל־טע קאָלנערס, ווייבער איינגעוויקלט אין פּאַטשיילעס, ביי וועמען אַ זון, אַ טאָכטער, אַ ברודער איז אַרעסטירט געוואָרן, און סתם נייגעריקע — אַלץ האָט זיך געצויגן צום פּריסטאַווס קאַנצעלאַריע, זען וואָס דאָרט טוט זיך.

און צו זען איז טאַקע געווען וואָס:

קאָזאַקן האָבן ניט געזשאַלעוועט זייערע פריקלאַדן, זיי געלאָזט אין גאַנג. ווער עס האָט געקראָגן ווייניקער, ווער מער — דורכגעלאָזט האָט מען קיינעם ניט. הירשל נאַכעס איז געווען צעשלאָגן ווי אַן עפּל. אויף משהל דודס איז געווען אַ צער צו קוקן. מיט אים האָט זיך אָפּגערעכנט דער פּריסטאַוו אליין.

אינדערפרי האָט מען דעם עולם צעטריבן. די פרויען ארויסגעלאָזט, און די מענער פאַרשפּאַרט. אין אַ פּאָר טעג ארום האָט מען אַלע אַרעסטיר־טע, מיט צעביילטע פּנימער, אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אין אויעזד אריין, אין סלוצק.

## מיטן עטאַפּ

אַ גרויסער עטאַפּ געווען. די אַרעסטירטע זיינען געווען ארומגערינגלט פון קאָזאַקן אויף פערד. הינטער זיי איז נאָכגעלאָפן אַ מחנה טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער און סתם נייגעריקע. ווייבער האָבן גע־וויינט, געכליפּעט, זיך שטום געזעגנט מיט זייערע נאָענטע — און קאָזאַקן

האָבן געכוואָשטשעט מיט נאַהייקעס. די פּראָצעסיע האָט זיך אַזוי געצויגן פֿון מאַרק, דורך דער הויפּט־גאַס, אַרויס פֿון שטעטל. און ווען יידן האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע היימען, האָט מען געפּראַוועט אַ צווייטן תשעה באב...

חיים דער גבאי, הערצל דער שוסטער און אַלע שטעטלדיקע כלל־טוער האָבן דאָס שטעטל אויף די פֿיס געשטעלט, איינגעלייגט וועלטן. מען האָט אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע זיך משתדל זיין ביים איספּראַווניק, מען האָט אפילו פּרובירט שרייבן אַ פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר אַליין. קיין זאַך האָט אָבער ניט געהאָלפֿן.

אין אַ וואָך אַרום איז פֿאָרגעקומען דער פּראָצעס און מען האָט אַלעמען פֿאַרמשפּט צו פֿאַרשיקן קיין אַרכאַנגעלסק, אויף פֿאַרשיידענע טערמינען — צו צוויי, דריי און מער יאָרן. אַז מען האָט די אַרעסטירטע דורכגעפֿירט צוריק, מיטן עטאַפּ, דורכן שטעטל, אויפֿן וועג קיין אַרכאַנגעלסק, האָט זיך אין שטעטל געטאָן חושך: די גאַסן זיינען געווען שוואַרץ, בעלי־מלאכות האָבן געלאָזן זייערע וואַרשטאַטן, קרעמער האָבן געשלאָסן זייערע קראָמען. קינד און קייט האָבן זיי אָפּגעוואַרט, כאַפּן אַ לעצטן קוק אויף די אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן. וויבער זיינען געשטאַנען מיט פּעקלעך אָנגעגרייט איבער־צוגעבן פֿאַר די דורכגייענדיקע, די מענער אָדער די ברידער, און זיך באַ־גאָסן מיט טרערן. און ווען דער עטאַפּ האָט זיך באַוויזן פֿון דערווייטנס, האָבן די פֿרויען אויסגעבראָכן מיט אזא יללה, אַז אפילו מענער האָבן זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אויך מיטגעהאָלפֿן וויינען.

און פּורים, וואָס איז אויסגעפֿאַלן גלייך נאָכדעם, איז אין שטעטל גע־ווען אַזוי חושך, אַז ניט מ׳האָט געשיקט שלח־מנות און גאָר ווייניק סעודות זיינען געפּראַוועט געוואָרן.

„קושקע מיט די גלעקלעך” האָט אזא שלעכטן פּורים ניט געהאַט זינט ער געדענקט. נאָר קלמן בולאַן האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון גאַנצן קאַפּודל. ער איז גראָד יענע נאַכט אין דער היים ניט געווען. זיינע בעסטע חברים, כאַטשע און העטשע, די צוויי ברידער פֿערד־הענדלער, האָבן שוין אים אָפּ־געוואַרט אויפֿן וועג און אים אָנגעזאָגט די בשורה בזה הלשון:

„בולאַן, אויב דו ווילסט ניט אַריינפֿאַלן אין ניקאָלייקעס ידים אַריין, אין קאָטשומענט, זאָלסטו אויפֿהערן פּראַווען דיינע ריזיקע און זיך ניט דערוועגן קומען אהיים שלאָפֿן. ווער לינק, בולאַן איינער, וואָרעם מען שניידט ווי אין

קרויט, מען גיט קלעפּ אז גאַנצע האַלאַוועשקעס פליען. דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר, לאַנגיזע איינער, אויב דו האָסט נאָר גאָט אין האַרצן? א ניט ביסטו א קדוש!״

קלמן בולאַן איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. האָט זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן און האָט צוגעזאָגט כאַטשען און העטשען נעלם צו ווערן.

„איך וועל שוין באַגראָבן ווערן, אז קיין האָן וועט ניט אַ קריי טאָן. וואָס קלערט איר, אַ יאָלד בין איך? וואָס וועל איך קריכן אין ניקאָלייקעס קאָנטשומענט! פאַרלאָזט זיך אויף מיר, ברידער כאַטשע און העטשע. קלמן בולאַן איז שוין פאַר אַרטעמיעוון און פאַר אַלע שטעטלדיקע יאָלדן גע־שטאָרבן. איר ברענגט מיר נאָר פון אברהמלען אַ פליאַכע מיט אַ ביסל צובייסן, און מיט דאָס איבעריקע וועל איך זיך אליין ספּראַווען...״

## גוטע בריוו פון אַרכאַנגעלסק

עס זיינען פאַרביי עטלעכע חדשים נאָך די אַרעסטן. דאָס שטעטל האָט זיך שוין אַביסל באַרואיקט. פון אַרכאַנגעלסק האָט מען אָנגעהויבן באַקומען בריוו פון די פאַרשיקטע, בריוו אויף וועלכע טאָטעס און מאַמעס האָבן זיך ניט געריכט. עס גייט זיי דאָרט נישט שלעכט, האָבן די פאַרשיקטע גע־שריבן. זיי זיינען דאָרט לגמרי פריי, אַחוץ וואָס זיי דאַרפן זיך דאָרט מעלדן יעדן טאָג אין פּאָליציי־אוטשאַסטאָק. בעלי־מלאכות האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי וואַרשטאַטן, פאַרדינען בעסער ווי אין דער היים. זיי האָפן אז זיי וועלן אינגיכן קענען שיקן געלט אַהיים. די עטלעכע ליידיקגייער וועלן זיך אויך ווי עס איז איינאָרדענען. אנדערע טראַכטן וועגן מאַכן „ויברח״ אין „גרויסן מקום״ (אמעריקע). מיט איין וואָרט, מען האָט זיך געריכט אויף ערגער.

אין שטעטל איז אָבער דערווייל שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. יונגעלייט האָבן זיך פאַררוקט אין די נאָרעס, האָבן מורא זיך צו באַווייזן אין די גאַסן. די עטלעכע איבערגעבליבענע מיטגלידער פון בונד און פון „באָיעוואָי אָטריאַד״ זיינען געבליבן אָן פירער. בעלי־בתים האָבן ווידער אויפגעהויבן די קעפּ; די פריער אויסגעקעמפטע עטלעכע אַרבעטס־שעהן האָבן די אַר־בעטס־געבער גענומען פאָדערן צוריק, און האָבן געדראָט מיט אָפּזאָגן פון דער ארבעט. די אַרבעטער האָבן שטילערהייט נאָכגעגעבן, און אַלע פריער־דיקע אויסגעקעמפטע רעכט זיינען כמעט ווי ליקווידירט געוואָרן.

אין שטעטל איז רואיקער געוואָרן. אויך קלמן בולאַן האָט זיך ביסלעכ־ווייז באַרואיקט. ווידער האָט ער גענומען קומען צו כאַטשען נעכטיקן. דערפאַר איז אָבער קלמנס מאַמע, יענטע די מאַזשניצע, ניט געשלאָפן קיין נעכט. זי איז געווען שטאַרק אומרואיק וועגן איר בן־יחיד: מ׳קען אים נאָך, חלילה, אַרעסטירן, פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע ווי די אַנדערע. זי האָט איבער־געטראַכט פאַרשיידענע שרעקלעכע זאַכן, וואָס קענען, די שעה זאָל ניט זיין, פּאַסירן מיט איר קלמנען. און איין מאָל האָט זי זיך גאָר באַקלערט, אז ס׳וואָלט אפשר געווען ניט פון וועג זיך אַן עצה האַלטן מיט כאַטשען און העטשען וואָס מ׳זאָל טאָן מיט קלמנען.

אין אַ שיינער, אויסגעשטערנטער נאַכט, קורץ פאַר פּסח, האָט זי זיך מיט איר שווערן גוף, גלייך נאָך וועטשערע, אַראָפּגעלאָזט צו כאַטשען און העטשען.

יענטע האָט זיך צוערשט גוט אויסגעוויינט אויף איר ביטערן מזל, און אז זי איז שוין געקומען צום עיקר, האָט זי נאָך אַלץ געווישט די נאָז מיט דער פאַרשמאָלצענער פאַטשיילע און געכליפּעט:

„קינדער, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן מיט מיין בחור? כ׳זע דאָך שוין, אז קיין נחת פון אים וועל איך דאָ ניט האָבן. מ׳קען אים דאָך, חלילה, פאַר־שיקן אויף קאַטאָרגע, אין אַרכאַנגעלסק, און דאָרטן אים פאַרהאַלטן, רחמנא ליצלן, פאַר אַ ניקאָלייעווסקן סאָלדאַט. און דאָרט וועט ער אָפּפינצטערן אַ גאַנצן לעבן און קומען צוריק אויף דער עלטער, אזוי ווי מאָטל „וואָדקאַ" איז אראָפּגעקומען. נו, איז דאָס אַ שיינער נחת פאַר אַ מאַמען, כ׳לעבן. איז וואָס וועט שוין דעמאָלט זיין מיין גליק?" זי האָט ווידער זיך פונאַנדערגע־כליפּעט. און אז זי האָט זיך באַרואיקט, האָט זי אָנגעהויבן אריינטענהן אין כאַטשען און העטשען, דערציילן צוליב וואָס זי איז געקומען צו זיי אזוי שפּעט אין אָוונט.

„איך בין געקומען צו אייך, קינדער, ווייל צו וועמען דען זאָל איך גיין? איך ווייס אז איר זייט מיר גוטע פריינד, און קלמנען — זייט איר ווי אַ טאַטע. זאָלט איר אזוי דערלעבן צו האָבן נחת פון אייערע אייגענע קינדער, ווי איר זעט־צו מיין קינד. אָבער וואָס איז דער תּכלית, אויב מ׳וועט אים ניט קענען ארויסקריגן פון דער צרה? זינט שיינע־דבורה איז געשטאָרבן האָט איך אפילו ניט פאַר וועמען זיך דאָס האַרץ אַראָפּצורעדן. כ׳בין שטענדיק רואיק געווען, ווייל כ׳האָב געוווסט אז ביי אייך אין שטוב וועט קלמן אויסוואַקסן

אַ מענטש. אָבער זינט ער האָט זיך איזניוכעט מיט הירשעלע נאָכעס און מיט דעם הושאַק, שלאָף איך ניט קיין נעכט. איך האָב אים ניט געקענט זאָגן וואָס ער זאָל טאָן. ער איז דאָך שוין אַ גרויסער בחור. אָבער איצט איז דאָך עק וועלט, רחמנא ליצלן. איז וואָס־זשע זאָגט איר, ר׳ כאַטשע, און איר, ר׳ העטשע?" זי איז פאַרשטילט געוואָרן און לייכטער אָפּגעאָטעמט פון לאַנגן רעדן.

כאַטשע און העטשע זיינען געווען צופרידן וואָס קלמנס מאַמע האָט צו זיי צוטרוי. ס׳איז זיי אויך געווען צום האַרצן וואָס זי טיטולירט זיי מיט אַ ר׳, ווי צו שיינע בעלי־בתים. זיי האָבן זיך מיט יישוב־הדעת געקראַצט די בערדלעך, געשנייצט די נעזער, געקנייטשט די שטערנס און געמאַכט פאַרזאָרגטע מינעס, אז יענטע זאָל טאַקע זען ווי זיי איבערנעמען זיך מיט אירע רייד. דער ערשטער האָט זיך כאַטשע אויפגעשטעלט, פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס פון מאַכאָרקע און גענומען ארייַנשרייען אין די טויבע אויערן פון יענטען:

„אָט דאָס טענה איך דאָך צו קלמנען פון דער ערשטער מינוט. אוודאי זייט איר גערעכט, יענטע. ס׳איז אַ סכנה אז דער בחור זאָל דאָ בלייבן, מע מוז אים וואָס גיכער משלח זיין. זייערע חברה האָבן לעצטנס גענומען פראַווען צופיל ריזיקע. איר זייט אַ מבין וואָס עס האָט זיך אביסל אָפּגעטאָן אין שטעטל! עק ראשיי, זאָג איך אייך. איז דעריבער, אָט וואָס מיר מיינען", האָט ער ארייַנגענומען אויך העטשען אין שותפות, „אז איר זאָלט קומען דעם שבת נאָכן טשאָלנט אַהערצו. מ׳עט רופן קלמנען, אברהמל דער פּראַ־טשעשניק וועט אויך זיין, און מ׳עט זיך דורכריידן. און איצט, יענטע, גייט אַהיים, ווייל ס׳איז שוין שפּעט. מ׳עט זען וואָס צו טאָן".

„איז אַ גוטע נאַכט ר׳ כאַטשע, אַ גוטע נאַכט ר׳ העטשע. געזונט זאָלט איר נאָר זיין. איר האָט דערפרייט מיין האַרץ. זאָל אייך גאָט דערפאַר העלפן. איר וועט פאַרדינען אַן אמתע מצווה און מיין מאַן זאָל זיך דאָרט מיען פאַר אייך, אוי, רבונו של עולם!" האָט זי אָפּגעזיפצט און זיך געשאַרט שווערפיסיק צו דער טיר.

## מען עצהט זיך וועגן קלמנען

שבת בייטאָג איז מען זיך צונויפגעקומען ביי כאַטשען אין הויז. אברהמל דער פראטשעשניק האָט זיך באַזעצט אויבן אָן, ביים באַדעקטן, מיט אַ ווייסן

טישטעך, שבת־טיש. פון איין זייט זיינען געזעסן כאַטשע און העטשע, פון דער צווייטער — קלמן מיט זיין מאַמען, יענטע די מאַזשניצע. כיענקע, כאַטשעס ווייב, האָט מיט אַ לאַנגער קאָטשערע, אָנשפּאַרנדיק איר הויכן בויך צום ראַנד פון אָפענעם אויוון, ארויסגעשלעפּט דעם גרויסן הליאַק. זי האָט אָנגעגאָסן אין גלעזער טיי, ווי פינקלדיק־רויטן ווייַן, און מכבד געווען מיט דעם די געסט. צוערשט האָט מען געשמועסט וועגן זייטיקע זאַכן און געזופּט די קאָכיקע טיי, ביז מ׳איז זיך אזוי לאַנגזאַם ארויפגעקומען אויפן עיקר.

כאַטשע האָט אַ צעהיצטער פונאַנדערגעלייגט יענטעס רייד, ווי זי האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק ארייַנגעטענהט אין אים. ער האָט געזאָגט צו אברהמלען:

„מ׳דאַרף זען אז דער בחור זאָל נעלם ווערן...״ און ער האָט צווידייטיק אַ ווונק געטאָן צו דער זייט פון קלמנען.

אברהמל איז גלייך אויפגעשפּרונגען און געגעבן צו פאַרשטיין, אז קלמן שפּילט זיך מיט פייער. ער האָט געטענהט צו קלמנען, טייטלענדיק אויף אים מיט אַ פינגער:

„קייסער בלייבט קייסער און ניט דו, קלמנקע, וועסט אים אראָפּוואַרפן. בישקשה, דער קייסער האָט זיך שוין ספּראַוועט מיט גרעסערע קנאַקערס ווי דו. און דעריבער, בולאַן, שלאָג זיך ארויס פון דיין נאַרישן קאָפּ אזעלכע שטיק״.

קלמן איז מיטאַמאָל פאַרפאָרן אברהמלען אין די רייד:

„זאָל דיין קייסער גיין אין דר׳ערד מיט אַרטעמיעוון און טאַרלאַקאַן צוזאַמען! איך האָב זיי אַלעמען טיף אין דער אדמה! נאָר איצט דאַרף מען דאָך ריידן וועגן מאַכן פליטה, טאָ ווו זשע לויפט מען, אין דר׳ערד ארייַן? איך האָב אַ פּלאַן, אויב דער מאַמען וועט עס נאָר געפעלן זיין. זי האָט אַ ברודער אין אפריקע, איז אפשר קען מען געפינען אַ וועג ווי זיך צו דער־שלאָגן צו אים. מיט דער נאָז וואָלט איך די ערד געאַקערט, אַבי דאָרט צו ווערן אַ לייט, ווי איך בין אַ ייד!״ ער האָט זיך געשוואָרן אַ צעהיצטער, געפאָרשט די בליקן פון זיינע חברים און גלייך צוגעגעבן: „נו, פאַרוואָס שווייגט איר אַלע? כ׳ווייס? מיר דאַכט ס׳איז אַ גלייכער פּלאַן״.

העטשע האָט זיך איבערגערוקט אויפן געזעס און צוגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער:

„טאַקע אזוי. דער קאָפּ איז דעם בולאַן נאָך ניט אויסגעדאַרט. און מסתמא ציט עס אים נאָך אַלץ צו יענער מויד, איר געדענקט דאָך, ר׳ אברהם, יענע נאַכט ?״ און ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו אברהמלס זייט און שטיל, אז יענטע זאָל ניט הערן, אים אריינגעסודעט : „די תאווה האָט זיך ביי אים איזניוכעט, ביי דעם בולאַן...״

ביי אברהמל דעם פראטשעשניק האָבן די אייגעלעך אויפגעבלישטשעט. ער האָט זיך אָן קלמנס איינפאַל אָנגעכאַפּט ווי אָן אָן אבן־טוב און דערביי געטראַכט, אז ער וועט דאָ האָבן אַ געלעגנהייט אויסצונוצן „די אפריקע״ אויך פאַר זיך. ער האָט זיך פאַרטראַכט און קלוג געגעבן אָן עצה ווי אזוי עס צו טאָן :

„איר ווייסט דאָך, אז ניט לאַנג צוריק איז הערצל דער שוסטער צוריק־געקומען פון אפריקע — דאַרף מען זיך טאַקע מיט אים דורכריידן. און הערצל איז אַ ייד אַ בעל־טובה, על כן נעם איך אויף זיך דורכצוריידן זיך מיט הערצלען וועגן דעם ענין און מ׳וועט מירצעשעם ראַטעווען קלמנען״.

און אזוי איז עס געבליבן : אברהמל דער פראטשעשניק וועט נאָך דעם זעלבן שבת צונאַכט זיך טרעפן מיט הערצלען און וועט אויסגעפינען ווי אזוי מ׳קען קלמנען אָפּשיקן קיין אפריקע.

## ביי הערצל דעם שוסטער

ווי געוויינלעך יעדן מוצאי־שבת, זיינען די בעסערע בעלי־מלאכות פון שטעטל זיך צוזאַמענגעקומען צו הערצלען אין שטוב אויף אַ גלעזל טיי און פאראיינס געשמועסט וועגן שטאָטישע ענינים.

אז אברהמל פראטשעשניק האָט זיך אריינגעשאַרט דורך דער טיר, זיי־נען בעלי־בתישע יידן געזעסן ארום הערצלען און געהאַלטן אָנגעשטעלט נאָז־און־אויערן וואָס ער דערציילט וועגן דער אפריקע, וואָס פאַר אַ גוטע מדינה דאָס איז. הערצל האָט אַ באַגייסטערטער דערציילט צו ווילפטן מאָל שוין :

„נו, שטעלט איר זיך דען פאָר ווי יידן לעבן דאָרט ? טאַקע ווי מאָנאַרכן, קיין פויגלמילך פעלט זיי ניט. מ׳לעבט אין אזעלכע פּאַלאַצן, אז אונדזערער אַ פריץ וואָלט דאָרט אויסקוקן ווי אַ קבצן. מ׳זיצט איש תחת גפנו ותחת תאנתו. און אַלע מענטשן האָבן דאָרט גוט, קיין עסן חלילה פעלט קיינעם

ניט. אפילו אין דער וואָכן עסט מען חלה, און דער גרעסטער אָרעמאַן עסט ניט אַנדערש ווי ווייס ברויט״.

אַלע זיינען געזעסן און אויסגעהערט די חידושים און ווונדער פון יענער וווייט־פאַרוואָרפענער אַפריקע, וועגן וועלכער ר׳ הערצל האָט אויסדערציילט מיט אַלע פּיטשעווקעס. און כדי שטאַרקער צו מאַכן דעם רושם פון זיינע רייד האָט הערצל געבראַכט אַ משל פון אייגענעם זון:

„ניט אומזיסט האָט מיין מאָטעלע זיך איינגעשפּאַרט, אז ער וויל דאָרט בלייבן, ער וויל ניט קומען צוריק, אפילו אויב דאָס זאָל הייסן זיך זען מיט דער מאַמען. בשום אופן האָב איך אים ניט געקענט איינשמועסן צו פאָרן צוריק, און מיט אַ שווער האַרץ האָב איך אים איבערגעלאָזט אין יאָהאַנעס־בורג. אָבער צוריקגערעדט: וואָס אַ שטייגער פעלט אים דאָרטן? ער האָט פון כל טוב. אין דערהיים קען ער ניט האָבן די פאַרגעניגנס וואָס ער האָט דאָרט. אז ארבעטן ארבעט ער סך־הכל 8 שעה אַ טאָג און פאַר זיך אליין פאַרדינט ער גאָט צו דאַנקען איבערגענוג, אזוי אז ער קען זיך פאַרגינען אַלץ וואָס ער וויל נאָר. אָט האָט ער זיך געקויפט דעם בעסטן בייסיקל, אַ ליסאָפּעט, און זיין גאַנצע פרייע צייט הוליעט ער ארום, פאָרט צו חברים. דעם אמת זאָגנדיק״, איז זיך הערצל מודה, ארונטערלאָזנדיק אַ ביסל פון טאָן, „איך אליין בענק אויך נאָך דעם גרינגן אפריקאַנעם לעבן, אָבער וועד ווייס אויב כ׳וועל נאָך צוריקפאָרן. מע׳ איז שוין, ווי מ׳רופט דאָס, אויף די עלטע־רע יאָרן, און מען דאַרף אויך זען אַ תכלית פאַר די קינדער וואָס זיינען נאָך דאָ געבליבן״.

אברהמל דער פּראַטשעשניק האָט געזען, אז ר׳ הערצלס געשיכטע איז אַ לאַנגע לייעניש, האָט ער זיך ארייגעמישט מיט אַ פּאָר פראַגעס וועגן עטלעכע לאַנדסלייט און טאַקע זיך גלייך נאָכגעפרעגט אויף יענטע די מאַזש־ניצעס ברודער, צי ר׳ הערצל האָט אים דאָרט באַגעגנט און וואָס פאַר אַ מין מענטש ער איז.

„מיסטער מייקל!״ האָט הערצל אויסגערופן ווי אַן אָפּגעפרישטער, „איך קען אים זייער גוט. אַ רייכער ייד, א גביר אדיר, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. פון וואַנען ער האָט אזוי פיל געלט געמאַכט ווייס קיינער ניט, אָבער ער איז רייך ווי קורח, און אַ גרויסער דבר־אחר דערצו. ער האַנדלט מיט די קאַ־פערס. אין זיין קראָם ברעכן זיך די פּאָליצעס פון בערג מיט סחורה. אים פעלט גאָרניט, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן״.

אברהמל האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן די גוטע נייעס און גלייך אויף אַן אָרט געפֿונען געטאָן פונאַנדערלייגן דעם עניין וועגן קלמן בולאַן. ער האָט געזאָגט ר׳ הערצלען, אז ער וועט פאַרדינען אַ גרויסע מצווה אויב ער וועט זיך אריינ־לייגן אין דער זאַך. אפשר דאַרף מען גאָר דעם מיסטער מייקל אוועקשיקן אַ בריוו געחתמעט פון רב, און ר׳ הערצל וועט צולייגן זיינס אַ בריוועלע, וועט מען אפשר אויספועלן אז ער, דער מייקל, זאָל שיקן פּאַפּירן פאַר קלמנען און אים אראָפּברענגען צו זיך, דאָרט, קיין אפריקע.

די בעלי־בתים זיינען ניט געווען צופרידן, וואָס דער פּראַטשעשניק האָט דאָ געבראַכט דעם עניין בולאַן. זיי האָבן עס ניט געוואָלטליידן. דער ערשטער איז ארויסגעשפּרונגען מענדל מעקיניק. מיט זיין הייזעריקע שטים האָט ער זיך געקאָכט:

„וואָס זיינען מיר מחויב צו קריכן אין דער זאַך, ווי מ׳זאָגט: מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט. ס׳איז אַ חילול הכבוד צו קומען צו בעלי־בתים מיט אזעלכע פאַרלאַנגען. בולאַן בלייבט בולאַן. דער יונג וואָלט ניט מורא האָבן פאַר גאָט, וואָלט ער זיך געשמדט אויך, און אפילו „כאַשלערע״ האָבן מיט אַ גויע. חוץ דעם געהערט ער דאָך גאָר צו די ציצעליסטן, ער איז פון זייער אָטריאַד. טאָ לאָזט אים צופרידן. ווי ער וועט זיך אויסבעטן אזוי וועט ער שלאָפן, דער גראָבער יונג!״

הערצל דער שוסטער האָט עס שוין אָבער ניט געקענט פארליידן, ער האָט זיך אַ הויב פון אָרט געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער זייט פון צעשריגענעם מעקיניק:

„בכן, ר׳ מענדל, אז ער איז אַ גראָבער יונג איז ער שוין קיין מענטש ניט און מ׳עז טאָר אים קיין טובה ניט טאָן? אַן אָרנטלעכער בחור איז ער, דוכט מיר, יאָ. ער האָט ביי קיינעם קיינמאָל גאָר ניט פאַרנומען. לעבט מיגיע כפּו און שטיצט נאָך בכבוד דער אַלטער, טויבער מאַמען. טאָ וואָס זשע וויל מען פון אים? פאַרקערט גאָר: אזעלכן מוז מען נאָך גיכער אַ טובה טאָן. יאָ, איר זייט גערעכט, ר׳ אברהמל. מהיכא תיתא, אבי כ׳וועל נאָר קע־נען, וועל איך טאָן אַלץ וואָס מע דאַרף. איר ווייסט דאָך, רבותי״, איז ער פלוצלינג אריינגעפאַלן אין ניגון פון אַ מגיד, „העלפן דאַרף מען טאָקע יע־נעם, וועלכער קען זיך אליין ניט העלפן״.

מענדל מעקיניק האָט ארונטערגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן, ווי ער וואָלט אָנגענומען דעם משפּט פון הערצלס מויל. בעלי־בתים האָבן גע־

שאָקלט מיט די בערד, דאָס איז געווען אַ סימן, אז זיי זיינען מסכים מיט הערצלס רייד. און הערצל, ווי ער וואָלט געדאַרפט פאַרענדיקן זיינע פריער־דיקע רייד, האָט צוגעגעבן.

„יאָ, אויף העלפן איינער דעם אַנדערן באַשטייט אונדזער יידישער קיום. און אייך, ר׳ אברהם, זאָג איך צו, אז מירצעשעם מאָרגן, וועל איך בלי נדר אוועק צום רב און בעטן אָנשרייבן אַ בריוו צו מ״ר מייקל, און כ׳וועל עס גלייך אָפּשיקן צו מיין מאַטלען, וואָס וועט עס אוועקפירן צו מיסטער מייקל אין שטוב אריין״.

## קלמן איז צופרידן

אברהמל האָט די גוטע בשורה גלייך אָפּגעטראָגן צו קלמן בולאַן. קלמנען האָט די נייעס אין גאַנצן צעשרויפט און אים אריינגעוואָרפן אין אזא שטימונג, אז ער האָט גלייך אויפגעזוכט כאַטשען און העטשען, זיי גע־בראַכט אין אברהמל פראטשעשניקס „קדשי קדשים״ און מ׳האָט געפּראַוועט אַ ליאַמע אויפן בולאַנישן שטייגער: מיט אַ פלאַש ניינציקער און מיט אַן אמתער שמאַלציקער וועטשערע.

קלמן בולאַן האָט געשלונגען גאַנצע שטיקער גאַנדז און אראָפּגעשווענקט עס מיט איין כוסה נאָך דער אַנדערער. ער האָט געבולבלט מיט דער צונג, אז ער פאָרט צו זיין פעטער אין אפריקע, זיך געקלאַפּט אין האַרצן און אין טיש און געשריען:

„כאַטשע און העטשע, איר וועט נאָך זען... אין דר׳ערד זאָל איך גיין מיט אייך צוזאַמען, אויב כ׳וועל דאָרט, אין דער אפריקע, ניט ווערן אַ מענטש... ר׳ אברהם, אירט נאָך זען, כ׳וועל זיין א מענטש, מיט לייטן גלייך..״ ער האָט נאָך אַמאָל דורכגעשווענקט דעם האַלדז און ווייטער גע־שריען: „ר׳ הערצל זאָגט, אז מ׳ארבעט דאָרט אַכט שעה אַ טאָג. אָבער איך בין ניט קראַנק צו אַרבעטן 16 שעה אַ טאָג... וואָסי, כוח פעלט מיר?...״ און ווי ער וואָלט עס געוואָלט באַשטעטיקן, האָט ער דערלאַנגט אזא זעץ מיטן קולאַק אין טיש אריין, אז די גלעזלעך אויפן טיש האָבן זיך צעטאַנצט מיט אַ קלינגעריי.

כאַטשע האָט דערזען אז דער יונג ווערט ווילד, האָט ער זיך אויף אים צעשריען:

„בולאַן, אַ כוואַראַבע אויף דיר! דערווייל מאַך ניט קיין פּאָגראָם ביי אברהמלען אין שענק. שוין זאָלסטו אויפהערן צו גיזעווען!" האָט כאַטשע שטרענג באַפוילן.

„לאָז אים, כאַטשע", האָט זיך העטשע געבעטן האַלב שיכורלעך, „זעסט ניט אז די תאווה האָט זיך אין בולאַן צעשפּילט. ער האָט זיך קענטיק דער־מאָנט אין יענער מויד דאָרט, הוליעט ער, אַ כוואַראַבע אים אין די זייטן".

„וואָס מיינט איר, זיך דערמאָנט", האָט שוין קלמן מער ניט געקענט אויסהאַלטן. ער האָט ארויסגעפּליאכנעט מיט אַ געוויין, און מיט שיכורן געיאָמער דערציילט:

„איך דאַרף זיך אָן איר ניט דערמאָנען. זי גייט מיר פון זינען ניט ארויס. זאָל איך זיך דערווערגן מיטן גלעזל בראָנפן אויב איך זאָג ליגן: טאַ־קע צוליב איר וויל איך עס פאָרן דאָרט, אין אפריקע". ער האָט איבערגע־קערט דאָס גלעזל, ווי ער וואָלט געוואָלט ווייזן אז ער דערווערגט זיך ניט, און האַלב וויינענדיק, האַלב לאַכנדיק, געשריען צו אברהמלען: „ר' אברהם, כאַטשע און העטשע מיינען דאָך, אז כ'האָב זיך דערשראָקן פאַר טאַרלאַקאַן. מיינען זיי... צייט קרענקט טאַרלאַקאַ מיט אַרטעמיעוון אונטערגעשפּאַרט. ווי איך אַנטלויף ניט פון זיי קיין אפריקע... איך צעפּאַלמעס זייביידן אויף שטיקלעך, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקן... א חרבה מאַך איך פון זיי, אַ באַרג אש, ווען מ'לאָזט מיר נאָר צו צו זיי..."

און אזוי ריידנדיק האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן, אַ נעם געטאָן אברהמל דעם פּראַטשעשניק מיט ביידע הענט פאַר די לאַצן און אים אזוי שטאַרק אַ טרייסל געטאָן, אז ווען כאַטשע און העטשע וואָלטן ניט אויפגעשפּרונגען און אָפּגעהאַלטן קלמנען, וואָלט פון פּראַטשעשניק געבליבן אַ קדוש.

כאַטשע און העטשע האָבן געזען אז דער בולאַן איז אויס מענטש, האָבן זיי אים גענומען אונטער די אָרעמס, אָפּגעפירט אהיים און אים ארויפגע־וואָרפן אויפן טאַפּטשאַן.

10

# צווישן גויים

## קלמן באַהערשט זיך



מיט די קריסטלעכע טרעגער אויפֿן וואָקזאַל, מיט וועמען קלמן האָט געאַרבעט, האָט ער מיט איינמאָל פֿאַרלוירן דעם אינטימערן קאָנטאַקט. זיין פֿריינטלעכער טאָן צו זיי האָט זיך ווי אומגעביטן. איצט, אַז קלמן איז שוין ארומגעגאַנגען מיטן געדאַנק וועגן פֿאָרן קיין אַפֿריקע, האָט אין אים אָנגעהויבן וואַקסן די אומצופֿרידנקייט מיט דער באַציאונג פֿון זיינע גוייִשע חברים, מיט זייערע באַליידיקונגען און אָנצוהערענישן אויפֿן חשבון פֿון דעם וואָס ער איז אַ ייִד. ער האָט געפֿילט צו זיי אַ כעס.

דאָס וואָרט „זשיד", תמיד באַגלייט מיט אַ זידלוואָרט, איז קלמן גע־וווינט געווען פֿאַרבייצולאָזן פֿאַרביי זיין אויער, ווי ניט אים מיינט מען עס. ער האָט פֿאַר דער צייט אַריבערגעטראָגן פֿון די כאַמעס, ווי ער פֿלעגט זיי רופֿן, אַ סך בזיונות און פֿאַרדרוסן. און יעדעס מאָל, ווען אין האַרצן פֿלעגט אויפֿפֿלאַקערן דער כעס און ער האָט זיך געוואָלט וואַרפֿן אויף זיי מיט זיינע אייזערנע קולאַקעס, פֿלעגט ער זיך אָנשטרענגען און באַהערשן. ער האָט

גוט געוווסט וויפל צרות, און אפילו בלוט, אזא סקאַנדאַל קען אים פאַר־שאַפן, און אפשר אויך אנדערע יידן. ער האָט ביז איצט אַלע נגישות אריבערגעטראָגן, אָבער פאַר זיין אוועקגיין פון דאַנען מוז ער זיי אָנלערנען, ווייזן וואָס אַ „פאַרכאַטי זשיד" קען.

איבערהויפט טראָגט קלמן אַ האַרץ אויף מיקאָליי ריזשי, ווי זיין צו־נאָמען איז. כמעט פון ערשטן טאָג, ווי נאָר ער איז געקומען אויפן וואָקזאַל, האָט עס קלמנען געקיצלט אין די שפּיץ פינגער אריינצופאָרן דעם אָ גוי הגדול אין זיין געשטופּלטן ציפּערבלאַט. ווי נאָר מיקאָליי פלעגט אים אַ טשעפּע טאָן, האָט קלמן יעדעס מאָל דערשפּירט אַז ס׳גיט אים אַ טראָג אונטער, נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן. ער האָט ניט געוואָלט אריינגעצויגן ווערן אין אַן אָפענעם געשלעג אויפן וואָקזאַל. פון דעם וואָלט קיין גוטס ניט ארויס פאַר יידן.

## מיקאָליי ריזשי

מיקאָליי ריזשי איז געווען אַ הויכער, יונגער גוי מיט ברייטע פּלייצעס. די רויטע האָר פלעגן אים ווילד אריינפאַלן אין די וואַסערדיק־בלויע אויגן. פון געשטופּלטן פּנים — סימנים פון פּאָקן קליינערהייט — האָט דאָס בלוט ממש געשפּריצט. פון זיינע מוסקולירטע אברים האָט געשפּאַרט מיט גבורה און ער האָט זיך גערעכנט פאַר דעם שטאַרקסטן פון די טרעגערס אויפן וואָקזאַל. אפילו זיינע אייגענע גוטע ברידער האָבן פאַר אים געציטערט. ווייל ער איז געווען אַן אמתער רשע, און גוט־ברודערשאַפט האָט ביי אים געהייסן, אז יענער פונדעוועט אים.

ווי נאָר ס׳פלעגט זיך באַווייזן אַ פּריצישער געשפּאַן, פלעגט שוין מי־קאָלייקע טאָן אַ שפּרונג־צו מיט ווילדע טריט און זיך נעמען דעם מאָנאָפּאָל איבער דעם פּריצס געפּעק. און אָט אזוי האָט אויסגעזען אזא סצענע, ווי קלמן האָט זיך צוגעקוקט אין איינעם פון די ערשטע טעג פון זיין ארבעט מיט די גוים. צוויי פערד נאָשפּיץ, און ס׳פליט אָן אַ פאַיעטאָן. די פערד — מיט פאַרקאַמטע גריוועס און פאַרבונדענע עקן — זייערע העלדזער אויסגעפּוצט מיט קראַנצן פון זילבערנע גלעקלעך. עס צעטראָגט זיך אין דער לופט אַ קלינגעריי. אויף דער קאָזלע זיצט אַ קוטשער מיט שפּיציק־אויפגעדרייטע וואָנצעס, מיט אַ שוואַרצע לעדער־היטל אויפן קאָפּ און איינ־געוויקלט אין א בלוי־וואָלענעם כאַלאַט מיט ברייטע אַרבל. אַ דינע און

לאַנגע בייטש שטעקט ביי דער רעכטער זייט, אָבער די בייטש איז נאָר לפּנים וועגן, צו דערמאָנען די פערדלעך, וואָס זיי דערוואַרט, אויב זיי וועלן פאַרלאַנגזאַמען זייער גאַלאָפּ. און די פערדלעך זיינען זאַט און אויסגעפּאַ־שעט, רונד־גלאַנציקע, און זיי לויפן טאַקע לוסטיק, אז דער קוטשער מוז גאָר זיין אַ בריה זיי צו פאַרהאַלטן. ער ציט אָן די לעדערנע לייצעס און גיט זיי אַ באַפעל שטיין צו בלייבן. זיי קאָפּען אומגעדולדיק מיט די זילבער־באַשמידטע קאָפּיטעס, אזש פונקען שפּריצן פון די ברוק־שטיינער. אויפן ברייטן ווייכן געזעס ליגט זיך רחבותדיק אויסגעצויגן דער פריץ, אַ יאַסנע־ווֹיעלמאָזשנע, מיט א קיילעכיקן בויך און אַ רויטן פעט־געדונצלטן קאַרק. די דינע רעסאָרן וויגן זיך לייכט. פון די פערדס אומרו ציטערט דער גלאַנציק־דינער דישל, ווי אַ סטרונע פון אַן אינסטרומענט. דער קוטשער שפרינגט אַראָפּ פון די קאָזלעס און עפנט דאָס שוואַרץ־לאַקירטע טירל פון פאַיעטאָן. און באותו רגע ממש גיט מיקאָליי ריזשי זיך אַ ריס פון זיין געשטעל.

ער שפּאַנט מיט ברייטע טריט צום פריצישן פּאַסאַזשיר און גיט אַכטונג בעת מעשה, מיטן אַ גזלנישן בליק, לינקס און רעכטס, אז חברה זאָלן בלייבן שטיין אויף זייערע ערטער. ער טוט דעם לעצטן שפרונג, ווי אַ חיה וואָס גרייט זיך צו פאַרצוקן איר רויב. דער פריץ וויגט זיך נאָך שלעפעריק אין פירקאַנט פון צעעפנטן טירל און קוקט אָן מיקאָלייען מיט פאַרזשמורעט־פעטע חזיר־אייגעלעך... און ווי איז געוועזן צו יענעם טרעגער, וואָס האָט זיך אַמאָל דערוועגט צוצוקומען נענטער צו אזא פּאַסאַזשיר. אויב דער טרע־גער האָט נאָכן אָפּגיין פון באַן ניט געמאַכט קיין ויברח, איז ער ארויס אַ צעקנייטשטער פון מיקאָלייקעס ידים און פאַרזאָגט אַ צענטן אז עפּעס אזוינס וועט שוין ניט פּאַסירן.

## די באַגעגעניש מיט מיקאָליי ריזשי

אז קלמן איז אָנגעקומען אַלס טרעגער אויפן וואָקזאַל, האָט אים טאַקע דעם ערשטן קבלת־פּנים געמאַכט מיקאָליי ריזשי מיט אַ ברייטן „זשיד פאַרכאַטי“. קלמן האָט מיט פאַרוווּרף און מיט אַ לייכט שמייכעלע אים אריינגעקוקט אין זיינע גזלנישע מאַטראַלניקעס, און ער האָט אומדערשראָקן צוגעקוועטשט ממזריש איין אויג. אזוי האָט ער געגעבן מיקאָלייקען צו פאַרשטיין, אז כאָטש ער איז אַ זשיד, וועט ער זיך אָבער ניט לאָזן שפּייען

אין דער קאַשע אפילו פון מיקאַליי ריזשי אליין. שפּעטער האָט ער אים אָן קונצן צוגעגעבן דעם פירוש המלות, אז קלמן בולאַן ווייס אויך ווי פונאַנ־דערצונעמען אַ הייפל פינגער ביי אַ געשלעג. מיקאָליי האָט אָבער אין האַרצן געטראַכט, אז ביי אַ געלעגנהייט וועט ער נאָך געבן דעם זשיד צו פאַרזוכן זיינעם אַ געזונטן קולאַק אונטער די לאָפּאַטקעס, און וועט אים ארויסקלאַפּן פון קאָפּ די זשידאָווסקע באַרימערייען.

קלמן האָט אָבער געזוכט אויסצומיידן געשלעגן, האָט ער זיינע גויישע חברים בעסער געגעבן אָפּטע פונדאָווקעס אויף צו פאַרשטאָפּן זייערע טריי־פענע העלדזער. דורך דעם האָט ער ניט נאָר אויסגעמיטן צוזאַמענשטויסן מיט די גויישע טרעגער, נאָר זיי זיינען געוואָרן פאַר אים די כפּרה, און שיכורערהייט זיינען זיי זיך גאָר געפאַלן אים קושן. און קלמן האָט אזוי שטאַרק נושא־חן געווען מיט זיין פריינדשאַפט, אז ווען ניט מיקאָליי ריזשי, וואָס האָט געהיט זיינע טריט, וואָלטן זיי גאָר פאַרגעסן אַז קלמן איז ניט פון די זייעריקע. זיי זיינען גרייט געווען צו לויפן פאַר אים אין פייער און אין וואַסער אריין.

ביים „אריינגיסן אין לאָמפּ" האָט אָבער קלמן פאַר די כאַמעס קיין צו גרויסע גבורות ניט געוואָלט באַווייזן. קלמן פלעגט נעמען אַ צוויי־דריי גלעזלעך און מיט דעם זיך באַגנוגען, כאָטש די פונדאָווקעס זיינען דאָס רוב געווען פון זיין קעשענע. וואָרעם קלמן האָט פיינט געהאַט דאָס גויישע טרינקען: אַראָפּזשליאָקען אין איילעניש אַ פולע בוטילקע, שטייענדיק אויף איין פוס, אויפן ניכטערן מאָגן. ער האָט געזאָגט, אז „מאַכן אַ גוטן שנאַפּס קען מען נאָר ביי אברהמל דעם פּראַטשעשניק אין שענק און מיט אייגענע יאַטן". אַ זופּ טאָן דאַרף מען ניט בחיפזון, נאָר ווי יידן טרינקען, צוליב הנאה, ניט אין גאַנצן שיכור צו ווערן. ביי קלמנען אין פאַנטאַזיע האָט זיך עס אויסגעמאָלט אזוי: אַ טיש ביי אברהמלען אין „קדשי קדשים", אויפן טיש אַ פליאַכע מיטן „רויטן בלאַט" און אַ פעט גענדזל ליגט זיך ברוין־אַפּעטיטלעך אויסגעשפּרייט מיט די פליישיקע פאָלקעס.

„דעמאָלט קען איך זיך פאַרמעסטן ניט נאָר מיט כאַטשען און העטשען, נאָר אפילו מיט מיקאָליי ריזשין". און ער פלעגט זיך ווי פאַרענטפערן: „צווישן גויים, ביי דער ארבעט, מיט זייער חזירשער קאָלבאַסע, וואָס זיי פאַרבייסן, איז פאַר מיר קיין עסק ניט זיך אוועקלאָזן טרינקען. זיי מעגן זיך אָנשניאָשקען, ביי מיר אָבער דאַרף דער קאָפּ זיין אויף די פּלייצעס. איך

דאַרף היטן מיין פּרנסה. לוינט זיך מיר בעסער זיי צו געבן אַ פונדאַוועקע, עס באַצאָלט זיך".

זינט אָבער קלמן האָט אָנגעהייבן ארומגיין פּאַרטראַכט און איז גע־וואָרן זיכער ביי זיך אז ער פאָרט קיין אפריקע, האָט ער זיך גענומען דער־ווייטערן פון חברה נאַסילשטשיקעס. ער האָט אויפגעהערט מיט זיינע פונ־דאַוועקעס און אפילו גענומען קוקן אויף די חברים טרעגער מיט אַ ביסעלע גדלות. זיי האָבן עס צוערשט ניט באַמערקט.

דער ערשטער האָט עס אָבער דערפילט מיקאָליי ריזשי. שוין עטלעכע טעג ווי דער זשיד האָט קיין פונדאַוועקע ניט געשטעלט. קומט ער אין די נעכט צו זיין כוועדאָרען מיט אַ טרוקענעם גומען. כוועדאָרע איז צופרידן, אָבער זי קען ניט פאַרשטיין וואָס עס האָט פאַסירט. פון קרענקעניש הייבט ער אפילו קיין האַנט ניט אויף אויף איר. ער בורטשעט נאָר צו זיך:

„עפּעס איז דער זשיד, ליכאַ מאַטערי יעהאָ, יאַלעווע געוואָרן... האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו פונדעווען... מ׳וועט אים דאַרפן אַ קנייטש טאָן די ביינער, ער זאָל זיך דערמאָנען אז מיקאָליי לעבט נאָך..."

און אין די בליקן פון מיקאָליי ריזשי און קלמן בולאַן, בעת זייערע באַ־געגענישן אויפן וואָקזאַל, האָט זיך דערפילט אַן אומהיימלעכקייט.

## אין קליבאַניע

ניט ווייט פון ראַמיסצער טייך, אָפּגעזונדערט און אָן אַ זייט פון שטעטל, איז געשטאַנען דער קאָשטשאָל. הינטערן קאָשטשאָל איז געווען א גרויסע שטיק פּלאַץ, געדיכט פאַרוואַקסן מיט הויכע צעצווייגטע ביימער, און אין מיטן פון דעם פּלאַץ איז געשטאַנען דעם קסיאָנדזשס הויז. פון הויז האָט געפירט אַ שמאָל סטעזשקעלע צו אַ קלאָר טייכל, וואָס האָט זיך ווי אָפּגע־ריסן פון ראַמיסצער טייך און זיך אוועקגעשלענגלט ווייט צו די פעלדער. אין די הייסע זומערטעג פלעגט זיך דער גלח אין טייכל באָדן. ביים אריינ־גאַנג איז געווען אַ בונט־קאָליריקער בלומען־גאָרטן, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט זיין שיינקייט. דער גאַנצער שטח איז געווען ארומגעצוימט מיט אַ הויכן פאַרקאַן און אַלץ צוזאַמען האָט מען גערופן די קליבאַניע.

אין די שבת־פאַרנאַכטן פלעגן די גלעקער פון דעם פּוילישן קאָשטשאָל זיך צעקלינגען מיט אַ מאָנאָטאָן הילכיקן געקלאַנג און אָנוואַרפן אַן אומ־היימלעכקייט אויף די יידישע געסלעך. עס פלעגט זיך דוכטן, ווי די גלעקער

וואָלטן זיך בייזערן אויף די יידישע יונגעלייט, וואָס לאָזן זיך ארויס אויף אַ שפּאַציר צו דער בריק פון ראַמיסצער טייך. די אומעטיקע איינטאָניקייט פון קלויסטערגלאָק האָט ווי אָנגעזאָגט די יידן פון שטעטל, אז זייער הייליקער שבת גייט שוין אַוועק. דער גלאָק האָט צעריסן מיט זיין קופערנעם געבייזער די שבתדיקע נאָך־מנחה שלווה און געגעבן צו וויסן: איך ברענג דעם אמתן רוטאָג, דעם זונטאָג — פאַר מיינע גלייביקע...

דעמאָלט פלעגט אויף די פאָדערשטע טרעפּ פון קאָשטשאָל זיך באַווייזן דער קסיאָנדז: א מיטלוווקסיקער, דיקער פאַרשוין, ארומגעוויקלט מיט אַ ברייטן כאַלאַט מיט לאַנגע ארבל. געדוכט האָט זיך, אַז דאָס קייקלט זיך אַ לעבעדיק רונד פעסל, און ס׳איז טאַקע שווער געווען אָפּצוטיילן מיטן אויג דעם אייבערשטן טייל קערפּער פון אונטערשטן. זיין פּנים, גלאַט און קיילעכדיק, ווי אַ פולע לבנה, האָט געשיינט שמאַלציק און אָן אויסדרוק. ער פלעגט בלייבן שטיין, מיטן בלויזן קאָפּ, ווי פאַרגליווערט, און דעמאָלט האָט זיך זיין פעסל־גוף זעלטן באַוועגט, נאָר זיינע קאַלט־בלויע, פאַרפעצטע אויגן פלעגן וואַרפן בייזע בליקן אויף די פאַרבייגייענדיקע יידישע יונגעלייט.

קלענערע יידישע יינגלעך פלעגן מורא האָבן פארבייצוגיין פאַרביי דעם צוים. און טאָמער האָט שוין יאָ פּאַסירט, אז אַ קינד איז דאָרטן פאַרביי און דעם גלחס בליק האָט אים אָפּגעבריט, פלעגט דאָס בלוט ביים קינד פאַרקילט ווערן אין די אָדערן און ער פלעגט, א צעציטערטער פון שרעק, מאַכן פּליטה.

## פאַן מיכאַל

פאַר זיין גאָרטן האָט דער קסיאָנדזש אַראָפּגעבראַכט אַן אָגראָדניק ספּעציעל פון דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אַ דייטש, וואָס האָט אויך גערעדט פּויליש, און גערופן האָט מען אים פּאַן מיכאַל. פּאַן מיכאַל איז געווען אַ הויכער און ברייט־פּלייציקער, מיט שפּיציק־ארויפגעדרייטע וואָנצעס, ווי הינדענבורג, און מיט קליינע, שטענדיק פון שיכרות פאַרגאָסענע בלויע אייגעלעך. ער איז געווען באַוווסט אין שטעטל פאַר אַ גרויסן צורר און רשע, און מ׳האָט אים טאַקע גערופן המן.

אין דער קליבאַניע פלעגט פּאַן מיכאַל ארומגיין אין דער באַגלייטונג פון אַ מחנה בייזע הינט. איבערהויפּט האָט ער זיך פאַרלייגט אויף די

יינגלעך, וואָס פלעגן אין אַ הייסן, זומערדיקן פרייטיק, נאָכן לערנען, פּרווון אריבערכאַפּן זיך איבערן פאַרקאַן פון דער הינטערשטער זייט, כדי בגנבה אַ שווים צו טאָן אין קליבאַניער טייכל. פּאַן מיכאַל פלעגט שוין אין די זומערדיקע פרייטיקס טשאַטעווען אויף די יידישע יינגלעך, און ווי נאָר זיי פלעגן אראָפּוואַרפן די מייטקעס און זיינען געווען ביים וואַסער, פלעגט ער אויף זיי אָנרייצן זיין כאָפּטע כלבים. די יינגלעך פלעגן זיך צוריק אַ לאָז טאָן אין טויט־שרעק צום ראמיסצער טייכל, און די הינט פלעגן צוריק לויפן צום פּאַן מיכאַל, דרייענדיק מיט די וויידלען. פון די הינטישע מיילער פלעגט אראָפּהענגען אַ שטיק קאַלאָשע פון יינגלשע הייזלעך, אַ צעקאָדערט היטל, און ניט איין מאָל פלעגט אַ הינטישע מאָרדע אפילו זיין פאַרבלוטיקט און אַ יינגל פלעגט אהיימלויפן מיט הינטישע ציין אין פוס. פּאַן מיכאַל פלעגט גלעטן די הינט פאַר זייער אויפטו, און אַ צופרידענער זיי אריינ־שטופּן נאַשערייען אין די גאַווערדיקע פּיסקעס.

די קינדער פלעגן פאַרסאָפּעטע, פאַרוויינטע און צעשראָקענע אריינ־פאַלן אַהיים און שעלטן מיט טויטע קללות דעם המן פון קליבאַניע. אָבער די קינדישע קללות זיינען אים ניט אָנגעקומען. וואָס מער די יינגלעך האָבן אים געשאָלטן, אַלץ בייזער און אַלץ שלעכטער איז ער געוואָרן — סיי צו די יינגלעך, סיי צו אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל. און וואָס שלעכטער ער איז געוואָרן, איז זיין קאַרק אַלץ רויטער געוואָרן.

## פּאַן מיכאַל ביי עליען אין בויד

האָט זיך איין מאָל געטראָפן, אז פּאַן מיכאַל האָט געדאַרפט פאָרן צו דער באַן. צי ער האָט זיך פאַרבענקט אהיים צו זיין דייטשער פאַמיליע, צי עפּעס אַנדערש, אָבער אזוי ווי קיין אַנדערע בעלי־עגלות ווי יידישע זיינען ניט געווען, האָט ער זיך באַדונגען מיט עליען ער זאָל אים אָפּפירן צו דער באַן. גראָדע האָט עליע יענעם טאָג געהאַט אַ פולע בויד מיט פאַרשוינען: יידן און יידענעס און אויך אַ ישיבה־בחורל, וואָס איז געזעסן פאַררוקט אין ווינקל פון בויד. דאָס ישיבה־בחורל איז געלעגן ווי אַ צונויפגעדרייט קלו־מיקל אין דער ענגשאַפט און ניט געקענט זיך אַ ריר טאָן. פּאַן מיכאַל האָט זיך צעלייגט מיט אזא ברייטקייט, ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן. ער האָט דעם ישיבה־בחורל צוגעדריקט אַ פוס, אז יענער האָט דערפילט אז דאָס חיות גייט אים אויס. האָט ער אַ ווײַלע געליטן און געשוויגן. אָבער דער

ווייטיק איז גרעסער געוואָרן, ביז ער האָט שוין מער ניט געקענט אויס־האַלטן און האָט מיט אַלע כוחות גענומען ארויסשלעפּן פון קלעם זיין פוס.

פאַן מיכאַל איז זיך געלעגן מיט דער האַרטער פּלייצע אויף זיין פוס, ווי קיינמאָל גאָרנישט. האָט דאָס ישיבה־בחורל מיט אזא מין אימפּעט אַ ריס ארויס געטאָן זיין פוס, אז ניט ווילנדיק האָט ער דערלאַנגט אַ זעץ דעם פאַן מיכאַל גלייך אין די ארויפגעדרייטע וואָנצעס, אז יענער האָט זיך שיעור ניט באַדמט. פאַן מיכאַל האָט דערלאַנגט אַ ברום, ווי אַ צעיושעטער אָקס וואָס קריגט אַ זעץ איבערן שאַרבן. זיין טריפענער פּרצוף האָט זיך אָנגע־גאָסן מיט בלוט און זיינע שמאַלציק פאַרשיכורטע אייגעלעך האָבן זיך אָנ־געצונדן מיט רציחה. ער האָט גענומען שפּייען מיט פייער:

„זשידי פּראָקלאַטיע! איר פּאַסקודנע ווערעם! אויסקוילענען אייך אלעמען ביז איינעם ווי די הינט, וואָלט מען געדאַרפט. וואַרט נאָר, פּאַרכאַ־טי זשידעס, ביז מיר וועלן קומען אויפן וואָקזאַל... איך וועל דעם פאַר־שאָלטענעם ראַבינעק זיין פּיסל ארויסדרייען פון בויך. איר טאָרט ניט לעבן אויף דער וועלט, זשידעס!...“

עס האָבן ניט געהאָלפן די דערקלערונגען פון די פּאַסאַזשירן, אז דאָס יינגל איז ניט אויסן געווען קיין שלעכטס, אז ס'איז נאָר געווען אַ בייזער צופאַל. פאַן מיכאַל האָט זיך נאָך מער צעקאָכט און געסטראַשעט זיך אָפּ־צורעכענען מיט אַלע יידן.

* * *

עליע, אויסלאָזנדיק כלומרשט דעם גאַנצן כעס צו זיינע סוסים, האָט אריינגעברומט אין דער זייט פון ישיבה־בחורל, אז ער זאָל וואָס גיכער זיך ארויסדראַפּען פון דער בויד און זיך איינמאָשטשען אויף אַ טשעמאָ־דאַנטשיק, וואָס איז געלעגן הינטער זיין קאָזלע. דאָס ישיבה־בחורל, דער־פילנדיק די געפאַר, האָט זיך שנעל ארויסגעגליטשט פון בויד און געבליבן זיצן אויף משקולת אויפן טשעמאָדאַנטשיק, הינטער עליעס רוקן.

אין בויד איז א ביסל גראַמער געוואָרן און די בייזקייט פון פאַן מיכאַל איז געוואָרן איינגעשטילט. אָבער ווען די סוסים האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים וואָקזאַל און פּאַסאַזשירן האָבן זיך גענומען ארויסקלייבן מיט זייערע פּעק און טאָרבעס, דעמאָלט האָט זיך ערשט אָנגעהייבן די אמתע חתונה: פאַן

מיכאַל האָט דערזען ווי דער ישיבה־בחור קריכט אַראָפּ פון זיין צעקנייטשטן, צעבייגענעם טשעמאָדאַן, אויף וועלכן ער איז געזעסן. אין פּאַן מיכאַל האָט די יוכע אזא קאָך געטאָן, אז ער האָט אַ שלעפּ אראָפּ געטאָן דעם טשעמאָדאַן און מיט אזא צאָרן אים אַ שליידער געטאָן אויפן ברוק, אז דער טשעמאָדאַן האָט מיט אַ טראַסק פונאַנדערגעפּלאַצט און צוויי פּלעשער ווישניאַק, וואָס זיינען דאָרט געווען פאַרפּאַקט, האָבן זיך צעגאָסן, ווי בלוט פון אַ געעפנט ווונד, אויף די צעשאָטענע קליידער.

אַ ריח פון בראָנפן האָט זיך אַ שפּרייט געטאָן אין דער לופט, און דאָס האָט נאָך מער צערייצט דעם צעקאָכטן פּאַן מיכאַל. זיינע רוצחישע קליינע אייגעלעך האָבן זיך ווילד איבערגעקערט, ווי ביי אַ געשאָכטענעם חזיר, און מיט קוויטשיקע קולות האָט ער זיך געוואָרפן אויפן ישיבה־בחור. הענט און פיס האָט ער געלאָזט אין גאַנג.

עליע דער בעל־עגלה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן ראַטעווען דעם בחור, האָט זיי פּאַן מיכאַלביידן אַ כאַפּ געטאָן — עליען מיט דער רעכטער האַנט, דעם בחור מיט דער לינקער — און האָט זיי גענומען קלאַפּן איינעם אָן דעם אַנדערן, קאָפּ צו קאָפּ און ברוסט צו ברוסט, זיי בריקענדיק פאַר איינוועגס מיט זיינע גלאַנציקע שטיוול.ביידע האָבן געשריען מיט באַנומענע קולות און געפּרווט זיך ארויסרייסן פון זיינע שטאַרקע ידים.

אויפן וואָקזאַל איז געוואָרן אַן אַנגעלויף. מענטשן האָבן געפּרווט אָפּהאַלטן דעם צעיושעטן פּאַן מיכאַל, אָבער ס'איז געווען שווער זיך צוצוקריגן צו אים. ער האָט זיך געוואָרפן מיט די קולאַקעס אויף רעכטס און לינקס. אין זיינע אויגן האָט געברענט א גזלניש פייערל. די קולות זיינען געוואקסן און ס'איז שוין שווער געווען צו וויסן ווער וועמען עס שלאָגט. די טרעגער האָבן געוואָרפן זייער געפּעק און געלאָפן געוויר ווערן וואָס דאָרט קומט פאָר.

## קלמן אין געשלעג

קלמן האָט גלייך דערקענט עליעס קולות. מיט איין שפּרונג איז ער געווען לעבן געזעמל. מיט אַ פּלייצע האָט ער זיך אַ שפּאַר געטאָן דורך דער געדיכטקייט און געבליבן שטיין אין מיטן, ווי אין קרייז פון אַ צירק. און ניט פרעגנדיק קיין שאלות איז ער גלייך פאַרפאָרן פּאַן מיכאַלן אין ציפערבלאַט, איין מאָל און נאָך אַמאָל. אז פּאַן מיכאַל האָט זיך, אַ צעטומל־

טער פון די קלעפּ, אָנגעהויבן וואַקלען, האָט אים קלמן גלייך אונטערגע־
טראָגן נאָך אַ שמיר אין פּיסק און יענער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער
ערד, אַ צעבלוטיקטער, אין זיין גאַנצער לענג.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך אָבער געיאַוועט מיקאַליי ריזשי. ווי ער
וואָלט שוין לאַנג געטשאַטעוועט אויף אזא געלעגנהייט, האָט ער זיך דער־
לאַנגט אַ וואָרף צו קלמנען מיט אַ געריטש:

„זשיד פּאַרכאַטי, דו וועסט סמייען שלאָגן אַן אונדזעריקן. איך וועל
דיר ווייזן".

קלמן האָט אָבער ניט פאַרלוירן קיין איין רגע, ווי אַ ווינט זיך געטאָן
אַ דריי אויס צו דעם ריזיקן גוי און אים אריינגעוואָרפן אזא שאָס צווישן די
קוקערס, אז מיקאַליי האָט גענומען פינטלען מיט די אויגאַפּעס, ווי אַ פיש
וואָס מ׳האָט אים פּלוצלינג פון אַ וואַסער ארויסגעשלעפּט. פאַר אַ מינוט
האָבן זיינע געשטופּלטע גריבעלעך אויפן געלן פּנים זיך אויסגעצויגן, נאָר
ער איז גלייך געקומען צו זיך, מיט רוגזה פאַרפּרעסט אַ פּאָר אייזערנע קו־
לאַקעס און אַ גיי געטאָן אויף קלמנען.

דערווייל האָט פאַן מיכאַל זיך אויך אַ טשוכע אויס געטאָן, זיך אויפ־
געשטעלט, און קלמן איז געבליבן שטיין אין מיטן, צווישן צוויי געזונטע
גויים. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַ קלער צו טאָן וועגן אַ סטראַטע־
גישן גאַנג, זיינען אים די צוויי גויישקע המנס באַפאַלן מיט אַ חיהשער
רציחה. ס׳איז געווען אַ ניט יושרדיקער געשלעג פון צוויי קעגן איינעם.
קלמן האָט מיט אַמאָל דערפילט, מיט אַ מאָדנעם חוש, אז די צוויי קלייבן
זיך אים דאָ אוועקצולייגן...

און מיט איין מאָל האָט ער געביטן זיין טאַקטיק: ער האָט זיך דער־
לאַנגט אַ דריי אויס צום פאַן מיכאַל און אים צוגעטראָגן נאָך אַ פויסט אין
פּנים מיט אזא ראַזמאַך, אז יענער האָט דערפילט ווי די ציינער אין זיין
פּיסק שאָקלען זיך און ער האָט זיך צעקוויטשעט ווי אַ חזיר. אַ צווייטער
זעץ אונטערן לעפעלע האָט דעם פאַן מיכאַל אוועקגעלייגט ווידער אויף
דער ערד; ער האָט געזעוועט ווי אַ געקוילעטער אָקס און געקרעכצט אויף
פּויליש „מאַטקאַ באָזשע". ביי די צוויי קלעפּ האָט אָבער קלמן געמוזט
אויסהאַלטן די פויסטן פון מיקאַלייקען, וואָס איז נאָך אויך, צו קלמנס גליק,
ניט געווען אין גאַנצן געקומען צו די כוחות. איצט, ווי נאָר ער איז גע־
בליבן איינער קעגן איינעם, האָט ער דערפילט נייע כוחות אין זיך און

אַ נעם געטאָן זיך צו מיקאָליי ריזשי. מיקאָלייקע האָט גערעוועט מיט הייזעריק־פאַרשטיקטע קולות: „זשיד פאַרכאַטי, כ׳וועל דיר ווייזן ווי צו שלאָגן אַן אונדזעריקן״.

## קלמן נעמט נקמה

קלמן האָט אים פאַרוואָרפן אַ האַרטן פויסט אין פּנים אריין מיט אזא פלינקייט, אז דער גוי האָט ווידער זיך צעפּינטלט מיט די אויגן, ווי אַ הון פאַר שחיטה.

„דאָס איז פאַר זשיד! כ׳וועל דיר ווייזן ווי אַ זשיד שלאָגט! און נאַ דיר אַ פונדאָווקע!״ און קלמן האָט אים אריינגעריבן אַ צווייטן מאָל.

מיקאָלייקען האָט זיך אָבער איינגעגעבן אין דעם מאָמענט אַ כאַפּ צו טאָן קלמנען אין זיינע מוסקולירטע אָרעמס, כדי אים אַ וואָרף צו טאָן צו דער ערד. קלמן האָט דערפילט די סכנה. ער האָט מיט די לעצטע כוחות אַ ריס ארויס געטאָן זיין רעכטע האַנט און איר פאַרוואָרפן איבער מיקאָלייס האַלדז און נאַקן. ווי פאַרפרוירן זיינען די צוויי ריזן געבליבן שטיין איינגעקלאַמערט איינער אין אַנדערן.ביידע האָבן געטראַכט וועגן דעם אנטשיידנדיקן קלאַפּ. פאַר קלמנס קוק האָט אַ שווינדל געטאָן מיקאָלייס עקלדיקע שנוק און ווי אַ בליץ איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. אויסגלייכנדיק דעם הינטערשטן טייל קערפּער, האָט ער זיך מיטן פאָדערשטן אַ בייג געטאָן פאָרויס און האָט אים דערלאַנגט מיטן קאָפּ אזא טראַסק אונטערן מאָרדע, אז מ׳האָט געקענט הערן ווי מיקאָלייס ציינער וואָלטן זיך צעשאָטן מיט אַ קלונג. אין דער זעלבער רגע האָט ער פאַרוואָרפן זיין רעכטע פוס הינטער מיקאָלייס לינקער פוס און מיטן גאַנצן כוח פון זיין קערפּער אים אזא שטויס געגעבן, אז מיקאָלייס שווערער גוף האָט זיך אַ וואַקל געטאָן ווי אַן אונטערגעזעגטער דעמב און אַ פאַל געטאָן צו דער ערד.

קלמן האָט דערפילט, אז איצט דאַרף מען מיקאָלייקען פאַרענדיקן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים און אָנגעהייבן האַמערן מיט זיינע קולאַקעס ווו נאָר ער האָט געטראָפן. אז מיקאָליי האָט האַלב צוגעמאַכט זיינע אויגן און אנטשוויגן געוואָרן, האָט קלמן געוווסט אז ער האָט אָפּגעטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט. ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן.

פאַר די אויגן האָט אים געשווינדלט. אַלץ האָט זיך געדרייט. ער האָט דעם עולם ניט געזען, נאָר לויטן גערוּשום פאַרשטאַנען אז דאָ זיינען פאַראַן

אַ סך מענטשן. ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן. דאָס האָט אָבער געדויערט אַ פינטל מיטן אויג. באַלד איז ער צו זיך געקומען, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ בייזן חלום, ארום האָט ער דערזען אַ געזעמל פון גויים און יידן. ס׳האָבן צו אים געקוקט בייזע און פריידיקע בליקן. די צוויי גויים ליגן אויף דער ערד צעממיתטע. ער האָט אָפּגעאָטעמט מיט אַ פולער ברוסט.

נאָר מיטאַמאָל איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן טאַרלאַקאַ דער אוראַדניק, אין דער באַגלייטונג פון צוויי סטראַזשניקעס. ער האָט אַ ווייז געטאָן מיט אַן אויסגעבויגענעם פינגער אויף קלמנען און באַפעלעריש אַ געשריי געטאָן צו די סטראַזשניקעס:

„נעמט אים, דעם זשיד־ראַזבאָיניק!“

אין דעם מאָמענט האָט קלמנס בליק זיך באַגעגנט מיטן צעפינקלט־פאַרטרערטן בליק פון זיין געוועזענעם בעל־הבית, ר׳ עליע דעם בעל־עגלה, וואָס איז אליין געשטאַנען אַ פאַרבלוטיקטער און זיך נאָך אַלץ געטרייסלט פאַר שרעק. מיט טרערן אין די אויגן האָט עליע געשמייכלט צו קלמנען. ער האָט זיך דערפילט דערמונטערט און צופרידן.

קלמן האָט צוריקגעשמייכלט צו עליען. ער האָט זיך געלאָזט פירן פון די סטראַזשניקעס, ניט ווי ער וואָלט געגאַנגען אין אָסטראָג, נאָר ווי אַ זיגער צו זיין אייגענעם פאַראַד.

## צוריק אויף דער קעלניע

פאַר צעשלאָגן די צוויי גויים האָט קלמן געקראָגן צוויי וואָכן. עס איז ביליק, האָט ער געשמייכלט צו זיך, א וואָך פאַר אַ גוי...

אז ער איז ארויס פון אָסטראָג איז ער צוריק אויפן וואָקזאל שוין ניט געגאַנגען. עס איז ניט געווען די שרעק פון זיך ווידער באַגעגענען מיט מיקאָליי ריזשי, נאָר עס איז מער געווען די טרערן און די טענות פון דער מאַמען, אז ביז מ׳וועט עפּעס הערן פון אפריקע זאָל ער צוריק גיין צו ר׳ עליען, וואָס וואָלט זיך איצט לאָזן פאַר אים דעם קאָפּ אָפּשניידן... אזוי טאַקע, האָט די מאַמע, מיט צופרידענע שלוכצן אים דערציילט, האָט עליע געזאָגט.

קלמן האָט אויך, ביי זיך אין האַרצן, געפילט, אז ער דאַרף ניט און וויל ניט מער קומען צו די נאסילשטשיקעס אויפן וואָקזאַל, זיך מער ניט צונויפ־

טרעפן מיט זייערע אומהיימלעכע בליקן. דאָך האָט קלמן געהאַט אַ יישוב־הדעת מיט כאַטשען און העטשען, ביי וועמען יענטע די מאַזשניצע האָט שוין פריער געהאַט אויסגעפועלט, אז ווי גאָט איז זיי ליב, זאָלן זיי קלמנען זאָגן אז ער זאָל גיין צו עליע דעם בעל־עגלה.

„מיקאָליי ריזשי שאַרפט אויף דיר אַ צאָן. טאָרסט אין זיינע דלד אמות אמות ניט קומען". האָט אים העטשע געזאָגט ווי נאָר ער איז אריבער די שוועל.

און כאַטשע האָט אָפּגעפּסקנט:

„קלמן, דו וועסט גיין צוריק צו ר' עליען! ער קוקט אויס די אויגן פאַר דיר".

די דאָזיקע הסכמה פון די צוויי עלטערע חברים, כאָטש זי איז געזאָגט געוואָרן אין אַ שטרענגען טאָן, האָט קלמנען גליקלעך געמאַכט. א פריילע־כער איז ער גלייך אוועקגעלאָפן צו עליען אים אָנזאָגן אז ער קומט ווידער צו אים. און די שמחה ביי ר' עליען איז געווען אזוי גרויס, אז ער האָט קלמנען ארומגעכאַפּט און מיט טרערן אין די אויגן געפּאַלן אים קושן:

„קלמנקע, ביסט מיר ווי אַ זון... האָסט מיך געראַטעוועט... ביסט אַ גיבור ישראל..."

קלמן איז ניט געווען געוווינט צו אזא ליבשאַפט, האָט ער אַ פאַרלוי־רענער אריינגעשריען אין עליעס מאָדנע ווערטער, וועלכע ער האָט ניט אין גאַנצן פאַרשטאַנען:

„מיר וועלן זיך ניט לאָזן קריכן אויפן קאָפּ פון די גויים... פון די המנס..."

און אין אַ זוניק־פרילינגדיקן פרימאָרגן האָט זיך קלמן באַוויזן אין קרעטשמע פון די בעלי־עגלות. עס איז ניט געווען ווי דעם ערשטן מאָל, יינגלוויז, ווען ער האָט זיך קוים איינגעבעטן ביי ר' עליען, אז ער זאָל אים לאָזן מיטפאָרן אויף דער קעלניע. איצט איז ער געווען אַ הויכער, שטאַר־קער בחור, וואָס איז שוין געניט אויף דער קעלניע און מ'דאַרף אים ניט זאָגן וואָס ער האָט צו טאָן.

## די הוליאַנקע אין קרעטשמע

חברה בעלי־עגלות האָבן קלמנען אויפגענומען מיט אַ הוראַ. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט לכבוד אים ווי אויף אַ פּאַראַד. היינט איז ער דאָ געקומען

מיט חשיבות, ווי איינער וואָס די גאַנצע געגנט קלינגט מיט אים. שמייסערס האָבן איצט געקוקט אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ.

די גאַנצע צוויי וואָכן, וואָס קלמן איז געזעסן אין אָסטראָג, האָט אין קרעטשמע געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אלץ איז געגאַנגען וועגן קלמנען. עליע דער בעל־עגלה האָט אפשר צום הונדערטסטן מאָל איבערגעדער־ציילט ווי אזוי קלמן האָט באַוויזן זיינע גבורות, ממש ווי אַ שמשון הגיבור. ער האָט מיט אַלע פּיטשעווקעס אָפּגעמאָלן, ווי אזוי קלמנקע האָט צעפּאַל־מעסט ביידע ריזיקע גויים און פון זיי געמאַכט אַ האַן.

בעלי־עגלות און שמייסערס האָבן מיט אָפענע מיילער צום וויפלטן מאָל אויסגעהערט די מעשה און געלעקט די פינגער: וואָס אַן אייגענער יאַט קען אזוינס! פאַר פרייד האָבן זיי אליין צונויפגעדריקט די קולאַקעס, באַוווּנדערנדיק קלמנס גבורה. מ׳האָט אויף דעם חשבון געמאַכט לחיימס פאַר קלמנס געזונט און געקנאַקט מיט די צינגער: טשאַ־טשאַ־טשאַ, אזא כוח! אז דאָס וואָלט קענען אויסקאָסען אַ דאָרף גויים מיט די הוילע ידים. אז מ׳שמועסט אַ גיבור, טאָקע דער אמתער שמשון הגיבור... און ניט איי־נער, זייענדיק פארשניאַשקעט, האָט זיך אין האַרצן געווונטשן: אויף מיר געזאָגט געוואָרן אזא כוח!

לכבוד קלמנס צוריקקומען האָט מען איצט אין דער חברה געפּראַוועט דעם וואַזשנעם לחיים, מיט פונדאָווקעס כיד המלך. יעדער איינער האָט זיך געריסן צו פונדעווען מיט אַ ברייטער האַנט. קיינער האָט קיינעמס ניט בראַקירט. ס׳איז געוואָרן אַ יום־טוב אין דער וואָכן אויפן אמתן בעל־עגלהשן שטייגער, אַ הוליאַנקע לכבוד קלמנען.

„דער טאַטע האָט צוריק דער מאַמען גענומען", האָבן חברה זיך גע־וויצלט. פון אלע זייטן האָט מען זיך געשטופּט צו קלמנען, אויסצוטרינקען מיט אים. ער האָט מיט יעדן באַזונדער געטרונקען. איצט האָט מען אויך באַוווּנדערט זיין כוח אין קענען „אריינגיסן אין זיך".

„ער איז קלאָר אין דער פרשה נח, ווי אַ ייד אין אשרי", האָט אַן על־טערער בעל־עגלה געוואָלט ארויסווייזן זיין לומדות מיט אַ גלייכווערטל.

קלמן האָט שוין קיין רעכטן שנאַפּס ניט געמאַכט זינט מ׳האָט אים ארייגעשבעט, האָט ער זיך געלאָזט ווילגיין מיטן גאַנצן קנאַק. חוץ דעם האָט ער געוואָלט ווייזן זיין אַלטן בעל־הבית און די אַנדערע, אז אויפן

וואָקזאַל מיט די גויים האָט ער עפּעס אויפגעטאָן. האָט ער געפּליוכעט אין זיך קעלישקעס בראָנפן אָן אַ מאָס.

בעלי־עגלות זיינען פריילעך געוואָרן און געפּלאָנטערט מיט די ציגנער. אין קרעטשמע איז ביז די לובעס געהאַנגען אַ וואָלקן פון מאַכאָרקע־רויך. לייבע דער בעל־עגלה, אַ ברייטער ייד, וואָס גייט אָנגעטאָן סיי ווינטער, סיי זומער זיין וואַטאָווע קורטקע, פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריק, האָט אַ פּאַטש געטאָן אין טיש, ווי דער שמש אויף דער בימה ווען ער דאַרף עפּעס מודיע זיין. שאַ־שאַ, שאַ־שאַ, האָט מען אָנגעהויבן בעטן פון אַלע זייטן. און אז דער עולם האָט זיך באַרואיקט, האָט לייבע אריינגעשריען אין דער געדיכטער לופט:

## קלמן פאַרטייטשט זיין סטראַטעגיע

„איר וועט אויפהערן קאַלאָטשען גאַרישקייטן. לאָזט בעסער קלמנקען דערציילן ווי ער האָט צעפּאַלמעסט די ערלים אויפן וואָקזאַל און ווי אים איז דאָרט געגאַנגען אין אָסטראָג. היינט איז קלמנס יום־טוב, היינט..."

„טאַקע, קלמן, דערצייל! ווי אזוי האָסטו עס געמאַכט?", האָט עולם אונטערגעהאַלטן לייבען.

„בולאַן, אַ כוואַראָבע דיר אונטערן לעפּעלע", האָט אַ טויט־שיכורער בעל־עגלה אריבערגעשריען די אַנדערע, „ווי אזוי האָסטו עס טאַקע זיך געקענט אריינלאָזן מיט אזעלכע צוויי באכמאטעס? מיט אזעלכע צוויי המנס? פאַן מיכאַל ליגט נאָך איצט מיט פאַרבונדענע מאטראליקעס אין שפּיטאָל. אָט דאָס הייסט צענעריקט אַ שונא ישראל, אַ פייער אויף דיר, קלמנקע!"

„געזונט ווי אַן אָקס", האָט אַ יונגער שמייסערל ביי קלמנס זייט זיך געחנפעט.

קלמן האָט זיך צעלאַכט מיט זיין געזונטן געלעכטער. ס׳האָט זיך אָנגעהערט ווי דאָס הירזשען פון אַ פערד. די בעלי־עגלות האָבן פון דעם הנאה געהאַט. ער איז געווען צופרידן פון זיך אליין און פון דעם כבוד וואָס מ׳גיט אים דאָ אָפּ. ס׳איז געוואָרן שטיל. ער האָט געזען, אז אַלע וואַרטן ער זאָל אָנהויבן.

„איך האָב געשניטן ווי אין קרויט", האָט ער אין דער שטילקייט פּלוצלינג אריינגעשריען. „דעם פּאַסקודנעם פּאַן מיכאַל האָב איך גלייך אויף אָן

אָרט איינגעלאַדעט. טאַקע געכאַפּט פון מיקאָלייקען אַ פּאָר בוכצעס, אָבער דערפאַר האָב איך אים צוריקגעגעבן אַ רעשט. און אז כ׳האָב דערזען עס האָלט שלעכט, איז וואָס טוט בולאַן? האָב איך אים פלינק אונטערגעשטעלט אַ פיסל און פּאכניא, ער איז געבליבן ליגן געפּגרט, ווי אַ בר־מינן. און אין קוטשומענט? אויך דאָרט האָב איך זיי געהאַט אַלעמען אין דר׳ערד. די בלאַטע, די זשוליקעס, האָבן זיך דערוווּסט באַלד די גאַנצע געשיכטע און געציטערט פאַר מיין דוך. אָבער אויף דעם סאָבאַקע טאַרלאַקאַ, שאַרף איך נאָך אַ צאָן", האָט קלמן פאַרקריצט מיט די געזונטע ציינער, ווי ער וואָלט געוואָלט דעמאָנסטרירן ווי ער שאַרפט אַ צאָן.

„און דעם ממזר מיקאָלייקע, אַ פייער זוכט אים, אים וועל איך נאָך אין דער ערד לייגן". און כדי צו באַשטעטיקן זיין באשלוס, האָט ער אזא זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש, אז אַלע פלעשער און גלעזער זיינען צו־זאַמענגעפאַלן מיט אַ קלינגעריי.

עליע בעל־עגלה האָט אַ ווונק געטאָן צו דער חברה, אז מ׳זאָל זיך צע־הולכן:

„איר זעט ניט, פערדישע קעפּ, אז ער איז שוין מלא בשמחה, ער וועט דאָ נאָך אָנמאַכן אַ פּאָגראָם. שוין זאָלט איר גיין צו די פערד, אז אַ רוח זאָל אייך צעטרייסלען".

ער אליין איז אָבער ניט ארויסגעגאַנגען היינט צו די פערד. ביי אים איז היינט אַ יום־טוב געווען און ער האָט געהאַט אַן אורח מיטצונעמען אהיים. נאָך אין דער פרי׳ האָט ער אָנגעזאָגט זיין יידענע, אז היינט זאָל זי מאַכן קנישעס אין שמאַלץ, ווייל ער וועט ברענגען א גרויסן גאַסט — זיין מציל ומושיע, קלמנען. איצט איז ער צו אים צוגעגאַנגען, אים פּאָטערלעך ארומגענומען און מיט אַ וואַרעמער שטים געזאָגט:

„קום, קלמן, היינט ביסטו מיין גאַסט. וועסט גיין מיט מיר אַהיים צו מיטאָג".

און קלמן איז אַ רואיקער געגאַנגען ביי זיין זייט און זיך געפילט גליקלעך.

# 11




## שלמה דער מלאך




למה דער מלאך איז אַמאָל געווען אַ שוסטער. געווען איז ער דער העכסטער ייד אין שטעטל און דין ווי אַ שטעקן. און טאַקע צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אָדער צו הויך, אָדער צו דין, אָדערביידע זאַכן צוזאַמען, איז ער ארויס פון פריזיוו מיט א ווייסן בילעט. ווייל ווי נאָר שלמה איז ארויף, אין פריסוטסטווע, אויפן וואָג און זיך געשטעלט אונטערן מאָס, און דער שרייבער האָט אויסגערופן זיין הויך און זיין וואָג, האָט דער מאַר־שאַלעק זיך גלייך פאַרקרימט און אַ געשריי געטאָן צו זיין זייט: ניע גאָ־דיען! און שלמה האָט אויף אָן אָרט באַקומען אַ ווייסן בילעט.

בערע דער איסבאָרשטשיק, אַ ייד וואָס האָט זיך געמישט מיט נאַ־טשאַלסווע און פאַרשטאַנען ווי צו מאַכן אַ לינקן רובל, האָט גלייך נאָך זיין באַפרייען זיך פון פריזיוו געוואָרפן אַן אויג אויף שלמהן. ער איז מיט אים געוואָרן גרויסע פריינד און בשתיקה אים גענומען צושטעלן רייכע קונדן — פריזיוויניקעס. פאַר זיי טאַקע פלעגט זיך עס שלמה שטעלן צום פריזיוו אין

אַלע שטעט און שטעטלעך ארום און פלעגט זיי ברענגען אהיים פאַרטיקע ווייסע בילעטן. בערע דער איסבאַשטשיק האָט זיך פיין געלאָזט באַצאָלן פון אזעלכע קונדן, און אויך שלמה האָט אָפּגעלעקט דערפון אַ פּעטביינדל.

צוליב דער דאָזיקער פּרנסה האָט מען אים טאַקע צוגעלייגט אַ נאָ־מען — דער מלאך. אין שטעטל האָט מען זיך אָנגעהויבן דערציילן, אַז שלמה דער מלאך ווערט אַן עושר צוליב די דאָזיקע עסקים. האָט מען אזוי לאַנג גערעדט ביז מ׳האָט אים אַן עין־הרע געגעבן און ס׳איז דערגאַנגען צו שייקע דעם מסור. איז שוין שייקע ניט געשלאָפן, ער האָט זיך פאַרלייגט אויף שלמהן. האָבן חברה שלמהן געוואָרנט, אַז פאַר אים איז שוין אין שטעטל ניט קיין זיכער אָרט, ער זאָל גלייך עוקר זיין. איז ער איין שיי־נעם טאָג פאַרשוווּנדן — געמאַכט אַ ויברח קיין אַמעריקע.

אין אמעריקע איז שלמה דעם מלאך ניט געגאַנגען צו פויגלדיק. מ׳האָט געוווּסט אַז ער פלאָגט זיך דאָרט, און ידיעות זיינען דערגאַנגען, אַז ער וואָלט וועלן קומען צוריק. אין וועג אָבער שטייט אים שייקע דער מסור. איז דאָך אָבער שייקע דער מסור געווען ניט מער ווי אַ מענטש — און אַ מענטש לעבט דאָך נאָר אזוי לאַנג ביז ער שטאַרבט. האָט זיך שייקע איין מאָל אוועקגעלייגט אויף אזא חולאת, וואָס אפילו דער דאָקטאָר מושקאָט אליין האָט ניט געוווּסט וואָס דאָס איז פאַר אַ קרענק. און אין אַ פינצטערע נאַכט, אז קיין האָן האָט אפילו קיין קריי ניט געטאָן, האָט שייקע דער מסור צוגעמאַכט אַן אויג און מיט זיינע מסירהלעך זיך אָפּגעטראָגן אויף אַ וועלט ווו מ׳קען שוין מער קיינעם ניט פאַרמסרן.

אז יידן האָבן באַגינען געהערט פון זיין אָפּטראָגן זיך פון דעם וועלטל, האָבן זיי געמאַכט א ברכה: ברוך דיין טראַסק. און טאַקע נאָך דעם זעלבן טאָג איז אוועק אַ בריוו פון אַ גוטן ברודער צו שלמה דעם מלאך אין אמע־ריקע, אז שייקע דער מסור האָט איינגענומען אַ מיתה און דער וועג איז אָפן — ער קען צוריקקומען, קיינער וועט אים ניט טשעפּען.

גוטע עטלעכע חדשים האָט מען פון שלמהן גאָרניט געהערט. ביז אין אַ שיינעם זומערדיקן פאַרנאַכט האָט קלמן בולאַן, אין עליעס בויד, ארייג־געפירט אין שטעטל דעם הויכן שלמה דעם מלאך. אראָפּגעקומען פון אמע־ריקע איז שלמה דער מלאך גאָר אַן אַנדערער. זיין אויסזען האָט זיך טאַקע מיט גאָרניט געביטן, דאָך איז אַלץ ביי אים געווען אַנדערש ווי פריער, דערהויפּט זיין יידיש ריידן, וואָס איז געווען נאָר צום לאַכן. אנשטאָט ער

ווייל ניט, פלעגט ער זאָגן ער קערט ניט. איז עס פאַר די יידן אויסגעקומען קאָמיש, ווייל יעדער האָט געוווּסט אַז קערן קערט מען נאָר מיט אַ בעזעם, צי מ׳וויל יאָ אָדער מ׳וויל ניט.

חוץ דעם איז ער געוואָרן גאָר חוצפּהדיק. אפילו צו גבירים פלעגט ער ריידן ווי צו זיינס גלייכן. ער האָט מער ניט געהאַט קיין דרך־ארץ פאַר די „פּעטע פּעמפּיקעס״, ווי ער פלעגט זיי רופן. און כאָטש אין שטעטל האָט מען דערציילט אַז שלמה דער מלאך האָט אין אמעריקע זיך געמאַטערט, האָט מען אָבער אויך געוווּסט אַז ער האָט פון דאָרטן געבראַכט עטלעכע הונדערט טאָלער און מ׳האָט שוין געקוקט אויף אים מיט רעספּעקט.

## שלמהס שוסטער־וואַרשטאַט

שלמה האָט גלייך נאָך זיין צוריקקומען אָפּגעדונגען אַ הויז אין מיטן מאַרק. איבער דער טיר האָט ער געלאָזט אויסמאָלן אַ שילד, אַזוי ווי מ׳טוט עס אין אַמעריקע. מיט גרויסע, פיין־געקינצלטע רויטע אותיות האָט אַ שילדן־מאָלער, וואָס איז עקסטראַ געקומען צוליב דעם פון דער גרויסער שטאָט, אָנגעשריבן אויף רוסיש: אַמעריקאַנסקי סאַפּאָזשניק. און ער האָט ספּעציעל באַשטעלט נידעריקע בענקלעך, מיט רימענע פּאַסן אויפן געזעס, אַזעלכע ווי ער האָט געזען אין אמעריקע. און ווען שלמה אליין פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אויפן נידעריקן בענקעלע, פלעגט זיך דוכטן אַז אַ מענטש לאָזט זיך עס אַראָפּ פון הימל אויף דער ערד.

„אָלץ ביי מיר וועט זיין פאָ אַמעריקאַנסקאָמו״, האָט ער געלאָזט וויסן זיינע פריינד.

ער האָט געדונגען די בעסטע שוסטער און מ׳האָט אָנגעהויבן ארבעטן. אַלץ וואָס איז ארויס פון זיין וואַרשטאַט איז געווען שיין און ציכטיק, אַז מ׳האָט זיך דערין געקענט שפּיגלען. יונגע מיידלעך און בחורים האָבן זיך באַרימט אַז זיי טראָגן ״שלמהס שיך״. שלמהס שיך איז געוואָרן אַ מאָדע, און איינער האָט באַוואונדערט ביים אַנדערן די „אַמעריקאַנער שיך״, ווי מ׳האָט עס גערופן. ביי שלמהן איז געוואָרן אַן אָנגעלויף פון גאַנץ שטעטל און ווייט ארום, אָבער מ׳פלעגט ניט דאַרפן וואַרטן וואָכן און חדשים, ווי ביי די אַנדערע שוסטערס. אַ באַשטעלטע פּאָר שיך פלעגט ביי אים „פאַר־ברענט ווערן אונטער די הענט״. אויף מאָרגן שוין פלעגט מען זיך קענען ווייזן מיט די שיך אויף די טראָטואַרן, אַז באַקאַנטע און שכנים זאָלן זיי

באַוווּנדערן און מקנא זיין. און שטעטל האָט גערעדט: ער איז שוין גאָרניט קיין „פּראָמאָך״, דער מלאך. ניט קיין שוסטעריי ווו מע מאַכט שיך האָט ער געעפנט, נאָר אַ פאַבריק ווו ער שמידט גאָלד.

ארום אַ גרויסן טיש, אויף קורצע, פעסטע פיס, זיינען געזעסן אויף נידעריקע טאַבורעטקעס שוסטער־יונגען, עלטערע און ייִנגערע, און יעדער האָט געטאָן זיין אַרבעט: איינער האָט אָנגעצויגן די לעדערנע כאָליאַווקעס אויפן קאָפּול, אַ צווייטער האָט עס גלייך נאָך דעם מיט דראַטווע צוזאַמענגענייט, אַ דריטער האָט צוגעמאָסטן די פּאָדעשוועס און זיי צוגעפּעסטיקט, אַ פערטער האָט, פלינק ווי אַ טייוול, אריינגעקלאַפּט די הילצערנע שטיפטן, וועלכע ער פלעגט ציען ווי אַ קונצנמאַכער, פון מויל ארויס. אַ פינפטער האָט אָנגעשלאָגן די אָפּצאַסן. אַ זעקסטער האָט שוין געהאַלטן אין האַנט — אַ פאַרטיקע פּאָר שיך.

דער לעצטער האָט נאָר געדאַרפט מאַכן די „קאָנטשעניע״: אָפּשוואַרצן מיט אַ גלאַנציקן גלאַזור די פּאָדעשוועס און אויסדריידלען מיט אַ ציינערדיק רעדעלע אַ פּאָר אוזאָרן, פונקט ווי עס וואָלט געקומען פון פאַבריק. ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ לערניונג און אָן אויפהער געדרייט און געפּעכעוועט דראַטוועס און צודערלאַנגט די אַרבעטער, וואָס האָבן זיי גלייך פאַרניצט. עס איז געגאַנגען פייער און פלאַם. שלמה אליין האָט זיך געדרייט ארום טיש, פון איין ארבעטער צום אַנדערן, אכטונג געגעבן אז מע זאָל ניט מאַכן קיין פאַרטאַטשקע שטיק, דערקלערט, אז ער האָט עפּעס באַמערקט אַ פעלער, און זיך סתם געוויצלט. ער האָט פון דער אַרבעט און פון זיינע אַרבעטער הנאה געהאַט און געהאַלטן אין איין מונטערן:

„אָט אזוי חברה־בראַטי, ס׳איז פונקט ווי ביי אונדז אין אמעריקע... גוד באָיס!״

חברה האָבן געקוואָלן פון די גוטמוטיקע לויברייד און מיט נאָך מער פלייס האָט זיך די אַרבעט צעוואַרעמט. ווייבערשע ברוינע, גראַציעזע שיכלעך און מענערישע גלאַנציקע, שוואַרצע קאַמאַשן האָבן זיך געיאָגט ארום טיש ווי אין אַ געווער.

פון אַלע זיינע אַרבעטער האָט שלמה אַמבעסטן ליב געהאַט נאָכע דעם קלעזמער. נאָכע איז געווען אַ פריילעכער יונג. ער האָט געהערט צו דער שטעטלשער קאַפּעליע און פלעגט מיטשפּילן אויף חתונות. האָט ער טאַקע געהאַט צוויי מלאכהס, אָבער שלמה האָט געהאַלטן אז פון אַלע קלעזמער

איז ער דער בעסטער שוסטער. פלעגט טאַקע נאָכצע מיט צופרידנקייט זאָגן, אז פון קלעזמעריי קען מען עסן ברויט מיטן גאָפּל, אָבער פון קלעזמעריי מיט שוסטעריי קען מען שוין עסן ברויט מיט קאַרטאָפּל.

## דער אָנזאָג פון ספּעקטאַקל

אין דער קאַפּעליע האָט נאָכצע זיך ניט געשטופּט פאָרויס. אים איז ניט געווען קיין נפקא־מינה וואָס ער שפּילט, אזוי ווי אַלטער און אָשר, וועלכע פלעגן זיך אויף יעדער חתונה באַנייס ארומרייסן צווישן זיך, ווער עס זאָל שפּילן די ערשטע פידל. און ניט איין מאָל, אויף רייכע חתונות, איז שיעור ניט געקומען צו בלוטיקע געשלעגן, וויילביידע האָבן געוואָלט שפּילן די פּרימע. ביז איין מאָל האָט חברה זיך ארייגעלייגט אין ענין און געמאַכט אַ פּשרה צווישן זיי: צו באַדעקנס און צו דער חופּה זאָל שפּילן אָשר די ערשטע פידל, ווייל ער איז עלטער פון אַלטערן, און צו די טענץ זאָל שפּילן אַלטער די ערשטע פידל, און באַקומען זאָלן ביידע גלייכע חלקים. און ס׳איז שוין אזוי געבליבן פאַר תמיד, כאָטש אַלטער איז געווען ניט צופרידן פון דעם פונאַנדערטייל. אָבער נאָכצע איז געווען צופרידן, אים האָט ניט געאַרט וואָס ער טוט אין קאַפּעליע. האָט מען אים געהייסן שפּילן סעקונדע, איז סעקונדע אויך גוט, בלאָזן אויפן פייפיאָל האָט אויך ניט אויסגעמאַכט. און אז ס׳פלעגט זיך אַמאָל אויף אַ יידישער צי אויף אַ פּריצישער חתונה מאַכן, אז לייבע דער פּויקער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און זיך אָנגעשניאָשקעט אזוי, אז ער האָט גענומען אריינבוכצן אין באַראַבאַן ווו מ׳דאַרף ניט, האָט דער ניכטערער נאָכצע איבערגענומען די פּויק און האָט זיך גאָר ניט גע־מאַכט דערפון.

נאָכצע האָט זיך טאַקע ביי די קלעזמער ניט גערוקט אויבנאָן, ניט גע־וואָלט געבן דעם טאָן, דערפאַר אָבער איז געווען מיט אים לעבעדיק ביים שוסטער־וואַרשטאַט. בנאַטור אַ פריילעך יידל און פול מיט ווערטלעך, האָט מען טאַקע אויף אים געזאָגט, אז ער מאַכט פון יעדער וואָרט אַ קוואָרט. זיין שפּיציק, קורץ צוגעשוירן בערדל האָט געהאַט אַ מין גוטמוטיקייט פון אַן עלטערן חבר, און זיינע בלויע, שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן פלעגן שפּריצן מיט שקאָצישער וואַרעמקייט. האָט עמעצער ביים טיש עפּעס געזאָגט, האָט שוין נאָכצע געהאַט אַ משל אויף דעם, צי סתם א וויץ אָדער א מעשהלע. חוץ דעם איז ער געווען אַ גרויסער בריה צו מאַכן גראַמען. צו אַלץ האָט

ער געקענט צופאַסן אַזאַ גראַם, אז חברה פלעגט צעפלאַצט ווערן לאַכנדיק, און דער לאַנגער שלמה פלעגט זיך האַלטן ביי די זייטן.

„אַן אמתער קאָמעדיען", פלעגט שלמה צופרידן זיין וואָס חברה זיינען פריילעך, „ווען ער קומט אין אַמעריקע ווערט ער דער גרעסטער עקטער. אין טעאַטער, ווו ער וואָלט געשפילט, וואָלט מען די ווענט פונאַנדערגע־שפּאַרט... אָבער ר' נאָכע", האָט אים שלמה, פון כבוד וועגן אין די אויגן פון די אַרבעטער, צוגעגעבן אַ ר', „ניט געזאָרגט, מ'עט נאָך דאָ ביי אונדז אויך פּראַוון אַ ספּעקטאַקל — און טאַקע מירביידע וועלן זיין די הויפּט־אַקטיאָרן".

די שוסטערס ביים וואַרשטאַט פלעגן אָנקוקן שלמהן מיט פאַרוווּנדע־רונג. זיי האָבן אַלץ געמיינט אז זייער בעל־הבית פּראָוועט אַ שפּיצל אזא, אָדער מאַכט גלאַט חוזק. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען קלאָר, וואָס מיינט עס נאָכע און שלמה דער מלאך וועלן פּראַוון אַ ספּעקטאַקל. זיי האָבן יאָ גע־ווּסט, אז אין די גרויסע שטעט איז פאַראַן יידישע טעאַטערס, אָבער אז שלמה און נאָכע זאָלן עס זיין די קאָמעדיאַנטן — דאָס האָבן זיי זיך ניט גע־קענט פאָרשטעלן. און אז איין טאָג האָט שלמה ארויסגעפּלאַצט, אז אין אַמעריקע האָט ער געהאָלפן שפּילן שולמית, האָבן די אַרבעטער אויסגע־גלאָצט אויף אים די אויגן און — שוין געגלויבט אין אַלץ וואָס ער זאָגט.

ער האָט איינמאָל אַ קלאַפּ געטאָן נאָכען אויף דער פּלייצע און געזאָגט

„מיר וועלן נאָך ווייזן די היגע יאָלדן וואָס בעלי־מלאכות קענען".

נאָכע האָט אויפגעלויכטן פון דעם, אז ער וועט קענען שפּילן טעאַטער מיט שלמהן, און ער האָט אַ באַגייסטערטער אויסגערופן:

„יאָ, ר' שלמה, מיט אייך וועל איך שפּילן אויף אַלע כלים. מיט אייך וועט עס גיין אַ גאַנג. איר זייט דער ריכטיקער מאַן וואָס פאַרשטייט אזוינע זאַכן".

## ביי נאָכע דעם קלעזמער

דעם זעלבן שבת־צונאַכט איז שוין שלמה געווען דער גאַסט ביי נאָכע דעם קלעזמער אין הויז. ס'איז אויך געקומען ניאָמקע דער שניידער, אַ יונגערמאַן מיט אַ קול נגינה, און נאָך עטלעכע בחורים און מיידלעך, וועלכע מ'האָט געהאַלטן פּאַסיק פאַר דעם ספּעקטאַקל. נאָכעס צוויי שיינע טעכ־טער, כישע און שירקע, זיינען געווען באַוווּסט אין שטעטל פאַר גרויסע

זינגערינס. כישע, די עלטערע, איז געווען נידעריק און גראַציעז, מיט אַן אויסגעפֿורעמטער טאַליע און אַ פּאָר שוואַרצע אויגן, ווי צוויי פרישע, זאַפֿטיקע קאַרשן. די יינגערע, שירקע, איז געווען אַ ביסל העכער און ברייטער, מיט אויסגעפּילטע באַקעס. אין אירע געקרייזלטע האָר איז געווען אריינגעפלאָכטן אַ רויטע סטענגע, וואָס האָט איר צוגעגעבן חן.

נאָכע האָט פון אַן אַלטער שייד ארויסגענומען זיין פידל. מיט געניטע פינגער האָט ער לייכט באַרירט די סטרונעס, כדי צו כאַפּן זייער קלאַנג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן צימער, געמאַכט אַן ערנסטן פּנים, ווי ס׳טוען אַלע גרויסע פידלער, און פאַרהויבן מיט אַ גראַציעזן שווונק די פידל אונטער דער גאָמבע.ביידע טעכטער, פון ביידע זייטן, ווי אויף אַ סצענע, האָבן מיטגעזונגען מיטן טאַטנס פידל. כישע האָט גענומען הויכע טענער, מיט אַ דינער און זיסער שטימע. שירקע האָט באַגלייט מיט אַ ביסל אַ נידעריקן און גרעבערן קול. צוזאַמען האָט זיך באַקומען אַ שיין און האַרמאָניש געזאַנג.

שלמה דער מלאך איז געזעסן אויבנאָן ביים טיש. זיין רעכטע האַנט האָט ער געהאַלטן אונטערגעשפּאַרט אונטערן קין, ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן און געקוקט די מיידלעך אין מויל אריין, ווי אַ גרויסער מבין אויף מוזיק. די אַנדערע האָבן אויך הנאה געהאַט. ניאָמקע איז געזעסן מיט אַ האַלב אָפענעם מויל, קענטיק אז ס׳איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ווי נאָר די טריאָ האָט פאַרענדיקט, איז דער ערשטער אויפגעשפּרונגען שלמה דער מלאך און גענומען קלאַפּן מיט די הענט אויסער זיך. נאָך אים האָבן אויך אַלע אַנדערע מיט התלהבות געשריען: בראַוואָ! ביס!

## שולמית

„מיר שטעלן שולמית!“ האָט שלמה דער מלאך אויסגערופן, ווי נאָר דער טומל האָט זיך פאַרשטילט. ער האָט פון באַגייסטערונג אזש געשריען: „איר הערט, ר׳ נאָכע, דאָס שטעטל וועט גיין כאַדאָראָם. מיר וועלן זיי ווייזן וואָס מיר קענען. ניט ערגער ווי אין אַמעריקע, איר מעגט מיר גלויבן. ס׳וועט זיין אַלרייט! אז איך זאָג, ווייס איך וואָס איך זאָג... אייער כישע וועט שפּילן זייער גוט שולמיתן, איך וועל זיין אבשלום, שירקע — אביגיל, ניאָמקע — מנוח, און איר, ר׳ נאָכע, וועט זיין אַן אויסגעצייכנטער קאָמיק

— צינגינטאַנג. און שפּילן וועלן מיר לטובת דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אז ס׳וועט זיין אָלרייט !״

און כאָטש ניט אַלע האָבן זיך געכאַפּט וואָס שלמה מיינט מיט זיין „אָלרייט״, האָבן זיי אָבער פאַרשטאַנען אז דאָס איז אַ וויכטיקער אמעריקאַנער צוזאָג אויף דערפאָלג.

אויף מאָרגן, זונטיק אָוונט, איז שוין פאָרגעקומען די ערשטע רעפּעטיציע. שלמה האָט אַלע לידער פון שולמית געדענקט אויף אויסווייניק, און כאָטש קיין שטים אליין צו זינגען האָט ער ניט פאַרמאָגט, איז אים דאָך ווי ניט איז געלונגען אויסצולערנען די ניגונים. די ווערטער, וואָס שולמית דאַרף זינגען, האָט ער אויסגעשריבן אין אַ העפט און עס איבערגעגעבן כישען אין האַנט:

„דאָס איז דיין ראָל, מוזט עס אויסלערנען אויף אויסווייניק״.

אירע אויגן האָבן געגליט מיט אַ שוואַרץ־פריילעכן בליאַסק. פון צעטומלטקייט האָט זי אפילו פאַרגעסן צו זאָגן אַ דאַנק. שלמה האָט אויך פאַרטיילט די אַנדערע ראָלן, וואָס זיינען שוין געווען געשריבן אויף לויזע בלעטלעך.

„איך האָב עס געבראַכט פון אמעריקע. די גאַנצע צייט געהיט... כ׳האָב געוווסט אז איין טאָג וועט עס צוניץ קומען״, האָט ער פייערלעך דערקלערט דעם ווערט פון די בלעטלעך.

חברה איז געווען באַגייסטערט פון דער שיינער שפּיל, פון די געזאַנגען, פון דער דראַמאַטישער האַנדלונג. שלמה האָט אָנגעפירט מיט די שפּילערס, געגעבן אָנווייזונגען, קאָמאַנדירט, געוויזן ווי מ׳דאַרף דעם קאָפּ האַלטן, ווי מיט דער האַנט באַוועגן, ווי מ׳דארף שטיין און ווי מ׳דאַרף גיין. אַלע האָבן אים געפאָלגט מיט גרויס דרך־ארץ. אין האַרצן האָט געצאַפּלט אַ פרייד פון דעם וואָס מ׳וועט פראַווען אַ ספּעקטאַקל, און מ׳וועט זיין אליין אויף דער בינע — ווי גרויסע אַרטיסטן.

## דאָס שטעטל גייט כאַדאָראָם

ס׳איז טאַקע געווען ווי שלמה האָט געזאָגט, אז דאָס שטעטל וועט גיין כאַדאָראָם. אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אז שלמה דער מלאך האָט געבראַכט פון אַמעריקע אַ גרויסן ספּעקטאַקל שולמית, וואָס ער גרייט־צו מיט זיין חברה. קינד און קייט האָט גערעדט נאָר וועגן דעם. דאָס

שטעטל איז שוין אין די אָונטן ניט געגאַנגען שלאָפֿן מיט די הינער צוגלייך. ווען די רעפּעטיציעס פֿלעגן פֿאָרקומען, פֿלעגן שוין זיין באַלאַגערט די פֿענצ־טער פֿון נאָכעס שטיבל מיט נייגעריקע יינגלעך און מיידלעך, און אפֿילו יידן מיט בערד האָבן זיך אויך בגנבה צוגעשפּאַרט און זייטיק אַ בליק גע־כאַפּט דורך אַ שפּאַרונקעלע פֿון פֿענצטער, איבער די קעפּ פֿון די אַנדערע. די זכיה אריינצוגיין אינעווייניק האָבן געהאַט נאָר די עטלעכע גליקלעכע, וואָס זיינען געווען משפּחה, צי גרויסע פֿריינד פֿון שלמהן אָדער נאָכען.

נאָך אַ פּאָר וואָכן רעפּעטירן האָט שוין דורך די אָפֿענע פֿענצטער פֿון די שטעטלשע הייזלעך געקלונגען מיט די געזאַנגען פֿון שולמית. און דאָס טאָקע האָט נאָך מער אָנגעגליט די דערוואַרטונג פֿון עולם — זען דעם ספּעקטאַקל מיט די אייגענע אויגן. שלמה דער מלאך איז כמעט אין זיין וואַרשטאַט ניט געקומען. גאַנצע טעג איז ער ארומגעלאָפֿן וועגן די הכנות צום ספּעקטאַקל. ס'איז געווען דערביי אַ סך וואָס צו טאָן: מ„האָט גע־דאַרפֿט באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן אויף יידיש. דאָס איז געווען ניט פֿון די לייכטע זאַכן. אַ דאַנק דעם שטעמפּל פֿון דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע אויף דער פּראָשעניע, איז נאָך לאַנגע וואַרטענישן סוף־סוף אָנגעקומען די דערלויבעניש.

איצט האָט מען גערדאַרפֿט ריין מאַכן און צוגרייטן דעם סאַראַי פֿון דער פּאָזשאַרנע, ווו ס'איז געשטאַנען אַן אויסגעמאָגערט פֿערדל מיט אַ פּאָר אויסגעטריקנטע פּעסלעך, און דערביי צונויפֿגעדרייטע קישקעס לעבן אַ רויט־אָפּגעבלאַקירטע פּומפּ־מאַשין. שלמה האָט זיך אויף קיינעם ניט פֿאַר־לאָזט, ווי ער וואָלט געטאָן אַ הייליקע מצווה. ער האָט געטאָן אַלץ אליין — געשלעפּט אויף זיך די דעקאָראַציעס, אויסגעסטראָיעט די בינע און באַזאָרגט די קאָסטיומען. אַ וואָך פֿאַר דעם ספּעקטאַקל, אַז אַלץ איז שוין געווען צו־געגרייט, זיינען כמעט אַלע מאַרקהייזער געווען באַקלעפּט מיט פּלאַקאַטן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט מיט געקינצלטע קידוש לבנה־אותיות, אַז שבת־צו־נאַכט וועט מען שפּילן די באַרימטע אָפּערעטע שולמית. מיט פֿיינע אותיות זיינען געווען געדרוקט אַלע נעמען פֿון די שפּילערס, אפֿילו פֿון די כאָריסטן. עס איז אויך געווען אויפֿן אַפֿיש, אַז אָשר גרילצער און זיין קאַפּעליע וועלן באַגלייטן דעם כאָר און די זינגער.

אָשר דער קלעזמער האָט ניט אויף צופֿלייסן געשוויצט, ביז ער האָט אַלע מעלאָדיעס ארויפֿגעשריבן אויף בויגנס נאָטן־פּאַפּיר מיט די פּאַרשיי־

דענע פינטעלעך און פּאַסיקלעך, אז קיין טאָן זאָל חלילה ניט ארויסקומען פאַרקערט. אין זיין שטיבל האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די פידלער און צימב־לער און מ׳האָט געסטראַיעט די סטרונעס, געקלאַפּט אויף די טאַצן און גע־בלאָזן אויף אַ טראָמפּייט. יעדער האָט געפילט אז ס׳איז מער ווי סתם א התונה, ווו מען טאַנצט און מ׳דאַרף נאָר צופרידנשטעלן די מחותנים.

## די שפּילערס גרימ׳ירן זיך

דאָנערשטיק אָוונט, צוויי טעג פאַרן ספּעקטאַקל, איז פאָרגעקומען די גענעראַלנע רעפּעטיציע. די הערצער ביי די אַקטיאָרן האָבן געציטערט פון שרעק און פריידיקער דערוואַרטונג. שלמה האָט פאַרבעטן אַ פּאָר מנינים חשובע געסט, פריינד און קרובים, וואָס האָבן נאָך דעם געדאַרפט פונאַנ־דערטראָגן איבערן שטעטל, ווי גוט און שיין די פאָרשטעלונג וועט זיין. און פון א דערבייאיק שטעטל האָט ער ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַ ייד א פאַריקמאַכער, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ גאַנצן פּאַק פון גרויסע און קלענערע בערד מיט פּיאותן. מיט שיטערן קליי פון אַ פלעשעלע, האָט ער מיט אַ פּינדזל אָנגעשמירט די פּנימער פון די שפּילערס און צוגעקלעפּט בערד און וואָנצעס, די ריכטיקע, ווי וועמען עס פּאַסט.

הינטער דער בינע, ווו מ׳האָט געקלעפּט די בערד, האָט ליכטיק גע־ברענט אַ בליצלאָמפּ. דאָ איז געווען ליהודים. ווי מאָטן ארום אַ פייער האָבן זיך געדרייט די שפּילערס ארום דעם יידן, וועמען שלמה האָט גערופן „גרי־מירער“. יעדער האָט זיך געשטופּט צום שפּיגעלע, וואָס דער ייד האָט אויפ־געהאַנגען אויף דער וואַנט, און איז געווען אַנטציקט ווי מען האָט זיך מיט איינמאָל געביטן. איינער האָט טאַקע דעם אַנדערן ניט דערקענט. אָבער ווען די קאַפּעליע האָט זיך אויסגעזעצט און אָנגעהויבן ציען די סטרונעס און אָנשטעלן די כלים, האָט שלמה דער מלאך, שוין אַ פאַרגרימירטער און אי־בערגעטאָן מיט האַק און פּאַק, זיך ארומגעזען, אז דער הויפּטשפּילער, ביאָמ־קע דער שניידער, וואָס שפּילט פאַר שולמיתעס פאָטער, מנוח, איז ניטאָ. ער האָט גלייך ארויסגעשיקט אַ שטאַפּעט צו ביאָמקען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער גענומען איינחזרן און אויסהערן די שטיקלעך פון די אַנדערע שפּילערס.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און דער שליח איז געקומען מיט אַ שלעכ־טער בשורה:

„ניאָמקע וועט ניט קומען צו דער שפּיל, באשר בכן זיין ווייב לאָזט אים ניט. זי האָט זיך ארומגעזען, זאָגט זי, אז זי איז ניט מחויב אז איר מאַן זאָל האָרעווען גאַנצענע נעכט פאַר גאָרניט. וועט זי אים לאָזן גיין, זאָגט זי, איבער די גאַנצע פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, מיט זייערע נאַטשאַלניקעס, מיט ר׳ שלמהן און אַלע שפּילערס, וועלן מהיום והלאה גייען זייערע גאַרניטערס ביי איר מאַן, ביי ניאָמקען, אַנדערש, זאָגט זי, לאָזט זי אים ניט גיין״.

ס׳איז געוואָרן אזא טומל צווישן די שפּילערס, אז איינער האָט ניט געהערט דעם אַנדערנס רייד. אַלע זיינען געווען צעקאָכט. מ׳האָט געליאַרעמט, געשריען, אָבער צו קיין טאָלק איז מען ניט געקומען.

איז שלמה דער מלאך ארייננעפאַלן אין צאָרן און אָנגעהויבן רייסן דעם גרים פון זיין פּנים, אָבער עס האָט געקלעפּט אזוי שטאַרק, כאָטש נעם און רייס עס אַראָפּ מיטן פלייש צוזאַמען. האָט שלמה מיט אַ האַלב פאַרקלעפּטן פּנים, ווי אַ ווילדער, זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיינע לאַנגע טריט צו ניאָמקע דעם שניידער. און ביי ניאָמקען אין שטוב איז פאָרגעקומען אַ לאַנגע אַמ־פּערניש מיט ניאָמקעס ווייב. לסוף איז מען אָפּנים דורכגעקומען, ווייל ניאָמקע האָט ארויפגעצויגן די מאַרינאַרקע. קיינער האָט ניט געוווסט וואָס שלמה האָט איר צוגעזאָגט. און שפּעט אין אָוונט האָט שלמה מיט טריאומף ארייננעפירט ניאָמקען צו דער גענעראַלנער רעפּעטיציע.

אין שטעטל האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אז דער ספּעקטאַקל איז אזוי גוט, אז מ׳קען אים שפּילן אין דער גר׳עסטער שטאָט אפילו. דער פאַבריק־מאַכער, וואָס האָט געקלעפּט די גרימען, האָט אליין עדות געזאָגט, אז דאָס ערשטע מאָל זעט ער אזוי גוט שפּילן. און ער איז געווען באַגלויבט, ווייל ער האָט שוין געזען שפּילן טעאַטער אין גרויסע שטעט. מ׳האָט איבער־געדערציילט, אז ער זאָגט ועגן כישען, וואָס שפּילט שולמית, אז זי קען שפּילן אין גרעסטן טעאַטער אין דער וועלט, ווייל זי זינגט ווי אַ קאַנאַריק. ער ווייס וואָס ער רעדט, האָבן יידן צוגעבאָמקעט, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: ווו קריגט מען בילעטן? ס׳איז געוואָרן אן אויסכאַפּעניש. ביז פרייטיק פאַרנאַכט זיינען שוין כמעט אַלע בילעטן געווען אויספאַרקויפט.

שבת באַגינען האָט שוין מאַקסים, דער סטאָראָזש פון דער פּאָזשאַרנע, ארויסגעפירט די פעסלעך מיטן פערדל אויפן הינטערשטן הויף. ער האָט גוט אויסגערייניקט דעם סאַריי.

# 12



## ערב דער פֿאַרשטעלונג



אונט׳ער שלמהס קאָמאַנדע האָבן חברה אויסגעשטעלט די צוזאַמענגעקלאַפּטע בענק און שטולן. אויף די בעלקעס אונטערן דאַך האָט מען אויפֿגעהאַנגען בליצלאָמפּן, וואָס מ׳האָט צוזאַמענגעליען אין שטעטל. מ׳האָט ביים ארײַנגאַנג אוועקגעשטעלט א טישל ביי דער טיר, כדי ניט לאָזן זיך ארײַנשטופּן צו פֿיל מענטשן מיט איינמאָל. פֿאַרנאַכט האָט מען אָנגע־צונדן אַלע לאָמפּן און אַ פֿריילעכע ליכטיקייט האָט אַ פֿלייץ געטאָן איבער די בענק און ווענט.

די גאַס איז שוואַרץ געווען פֿון מענטשן. דער נייגער איז געוואַקסן פֿון מינוט. כאָפּטעס יינגלעך האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פֿיס, זיך גע־שפּאַרט צום ארײַנגאַנג, געשריען אויף אַלע קולות, אויסגערופֿן די נעמען פֿון די שפּילערס. קונדייסים האָט געשטיפּט, מיידלעך האָבן געקוויטשעט, און פֿאַרשמייעטע יונגעלייט האָבן זיך ארומגעדרייט אין דער ענגשאַפט און געזוכט ווו מ׳קען קויפֿן אַ בילעט.

אַלע בילעטן זיינען געווען אויסגעפֿאַרקויפֿט. איצט האָט זיך שלמה געכאַפּט, אז די סאַריי וועט זיין צו קליין, און אין האַרמידער וועט מען זיך

קיין עצה ניט קענען געבן מיט די מענטשן, וואָס וועלן זיך אריינשטופּן אָן בילעטן. איז שלמהן איינגעפאַלן, אז דער איינציקער וואָס וועט זיך ספּראַווען מיט אזא מאַסע איז נאָר קלמן בולאַן. ער איז אַן אָרנטלעכער בחור, ער וועט קיינעם ניט אריינלאָזן אָן אַ בילעט און ער וועט האַלטן אָרדענונג ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. פאַר אים וועט מען אויך מורא האָבן און ס׳וועט ניט זיין קיין טומל.

קלמן האָט גערן און אפילו מיט גדלות אָנגענומען די אויפגאַבע פון האַלטן אָרדענונג ביי דער טיר. ער וועט שטרענג קאָנטראָלירן די בילעטן, אָבער דערביי האָט ער אויסגענומען איין תנאי: כאַטשען און העטשען זאָל מען באַזעצן אויף בכבודיקע ערטער. זיין ערשטער אויפטו איז טאַקע גע־ווען צוריקצושטופּן די מחנה וואָס האָט באַלאַגערט דעם אריינגאַנג. מיט איין שטויס פון זיין רעכטן אַקסל איז די גאַנצע מאַסע צוריקגעפאַלן, ווי אַ כוואַליע וואָס זינקט צוריק.

„קיינער וועט זיך ניט אריינרייסן אָן בילעטן, איר הערט!״ האָט קלמן הויך אויף אַ קול אויסגערופן צום עולם. „ווער עס האָט בילעטן זאָל אָנ־הויבן אריינקומען״.

סטאַטעטשנע האָבן יידן, איינער נאָך דעם אַנדערן, אָנגעהויבן אריינגיין אינעווייניק. אברהמל דער פּראַטשעשניק, וואָס איז געווען דער נאַטשאַלניק פון פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, האָט אין ווינקל, וווּ פריער איז געשטאַנען דאָס פערד, אויפגעשטעלט אויף אַ געדעקטן טיש אַ בופעט מיט כל טוב: זיסי־קייטן, געטראַנקען און אפילו שאַרפע משקאות מיט צובייסנס. די פּרייזן זיינען געווען הויכע, ווייל די גאַנצע הכנסה איז דאָך געגאַנגען פאַר דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע. עולם איז געווען אויפגעלייגט און זיך געלאָזט צאָלן. קאַוואַליערן האָבן „אוכאַזשעוועט״ זייערע „באַרישניעס״. מ׳האָט געקייט אינגבערלעך און געקנאַקט סעמעטשקעס. אין די אַנטראַקטן האָבן כאַטשע און העטשע געהאָלפן אברהמלען באַדינען דעם עולם, וואָס האָט זיך גע־שפּאַרט צום טיש פון אַלע זייטן, און אליין האָבן זיי אויך אָפּגעלעקט אַביינדל.

## אינצידענטן

פידלען האָבן זיך דין און מיט האַרץ־ציטעניש צעשפּילט, די פּויק האָט צעשאָטן דינע קלעפּעלעך, ווי אַרבעסלעך. דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט.

שלמה דער מלאך און נאָכצ דער קלעזמער האָבן זיך צעלאָזן מיט רייד וועגן בית־המקדש און וועגן פאָלק ישראל, אזש יידישע הערצער האָבן אויפגע־קוועלט. אין אויגן זיינען טרערן געשטאַנען. יידן האָבן זיך געסודעט, אז שלמה האָט געבראַכט פון אַמעריקע שוין איינמאָל גאָלד מיט דימאַנטן. אז ער פראַוועט זיין ראָל גוט, זייער גוט. ווען ער האָט נאָך אַ שטימע צום זינגען, וואָלט ער טאַקע געווען דער אמתער אבשלום. אָבער מ׳האָט זיך געטרייסט מיט דעם, אז ס׳איז גענוג וואָס ער איז הויך איבער אלעמענס קעפּ — ווייל אבשלום דאַרף זיין אַ הויכער, האָבן יידן געדרונגען.

ס׳האָבן אויך פּאַסירט צוויי קליינע אינצידענטן — איינער אויף דער בינע, דער צווייטער אין זאַל. אָבער זיי זיינען זיך אזוי צוזאַמענגעפאַלן, אז אַ טייל פון עולם האָט גאָר ניט באַמערקט אז עפּעס איז דאָ פאָרגעקומען. אין מיטן שפּיל האָט ביי ניאָמקען די באָרד זיך מיטאַמאָל אָפּגעקלעפּט און דאָס בינטל פלאַקס האָט זיך אָנגעהויבן ציען צו דער ערד. ניאָמקע האָט זיך ניט פאַרלוירן און אונטערגעכאַפּט די באָרד מיט ביידע הענט. אויף די פאָדערשטע בענק האָט עולם זיך פונאַנדערגעלאַכט, האָט זיך שוין אויך ניאָמקע ניט געקענט איינהאַלטן און מיטגעלאַכט, פונקט אין דעם מאָמענט ווען ער האָט גאָר געדאַרפט וויינען...

האָט אָבער געטראָפן אַ מאָדנע זאַך: פונקט אין דער רגע האָט אַ הינ־טערשטע באַנק, אויף וועלכער די מענטשן האָבן זיך אויפגעשטעלט כדי צו קענען בעסער זען, ניט געקענט מער אויסהאַלטן די מאַסע און מיט אַ קראַך צוזאַמענגעבראָכן. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעפאַלן. ס׳איז גע־וואָרן אַ טומל און אַ געיאָמער. און דעם טומל האָט ניאָמקע אויסגענוצט. ער האָט זיך גיך ארויסגעכאַפּט הינטער דער סצענע און צוגעקלעפּט צוריק די באָרד.

## טענץ

נאָך דעם ספּעקטאַקל זיינען פאָרגעקומען טענץ. מ׳האָט פונאַנדערגע־נומען די בענק און שטולן און זיי אויסגעשטעלט ביי די ווענט. אין מיטן האָבן בחורים און מיידלעך זיך געדרייט און די קאַפּעליע האָט געהאַקט אויף דער גאַנצער פאַרע. פון הינטער די קוליסן האָט זיך געיאַוועט שלמה דער מלאך, אין זיין אַמעריקאַנער קאָסטיום און מיט לאַקירטע טופלעס. זיין פּנים איז געווען אָנגעפּודערט. ס׳האָט געשמעקט פון אים מיט זיסן פּאַרפום.

פון אַלע זייטן האָבן זיך הענט געצויגן צו אים. מ׳האָט אים גראַטו־לירט און געלויבט אין הימל אריין. ער איז געווען גליקלעך און צופרידן. ער איז געווען דער קייסער פון דעם אָוונט. עס איז אים פאָרגעקומען ווי אין אמעריקע, ווען מע מאַכט אַ „פּאַרטי״ פאר א פרעזידענט פון אַ סאָסייטי. און אז ארום אים איז געוואָרן א ביסל פרייער, האָט ער איבער אלעמענס קעפּ אָפּגעזוכט די פּרימאַדאָנע פון שולמית, כישע, נאָכן דעם קלעזמערס, האָט געטאָן אַ שפּרייז מיט די לאַנגע פיס צו איר, זיך עלעגאַנט פאַרנייגט און איר פאַרבעטן צום טאַנץ. דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט מיט מער פייערלעכקייט אַ ווינער וואַלצער.

ער האָט געטאַנצט מיט די לאַנגע פיס. כישע האָט אים געגרייכט ביז צום גאַרטל, אָבער דער עולם האָט זיי אָנגעקוקט און אָנגעקוואָלן. אפילו באַלעבאַטישע מיידלעך האָבן איצט מקנא געווען כישען, וואָס זי טאַנצט מיטן קייסער פון ספּעקטאַקל. די מיידלעך, וואָס זיינען געבליבן שטיין אין ראָד, ניט איינגעלאַדן צום טאַנץ, האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט ניט פאַרגינערישע בליקן. מ׳האָט זיך אין דער שטיל געוויצלט וועגן דעם לאַנגן און די קורצע און ארייגעכיכיקעט אין די פויסטלעך.

אָשר דער קלעזמער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קאַפּעליע, האָט אַ ווונק געטאָן מיט א גנביש אייגל צו נאָכען, וואָס האָט שוין נאָך זיין שפּילן צינגיטאַנג, איצט געשפּילט די סעקונדע. נאָכע האָט אָשרס ווונק גלייך „אי־בערגעזעצט״ אין ווערטער: מאַטרע, אַ פייער אין דיר, זע נאָר ווי דער לאַנ־גער האָט זיך עס צעלאָזן מיט דיין שיכטויע. מ׳עט נאָך האָבן נחת פון זיי, אַ בראַנד דיר אין פידל אריין...

און בשעת שלמה מיט כישען און נאָך אַ פּאָר מנינים בחורים און מייד־לעך האָבן זיך געדרייט זיס־פארשיכורטע אין ווינער וואַלצער, האָבן ביים בופעט זיך אונטערגעהאַלטן אברהמל דער פראַטשעשניק, כאַטשע און העטשע, קלמן בולאַן און נאָך עטלעכע בלאַטע יאַטן, וואָס האָבן ניט גע־וואָלט קוקן ווי די יאָלדן טאַנצן דאָרט.

## מען פונדעוועט

קלמן האָט געקלאַפּט אברהמלען אויף דער פּלייצע און געפּרווט מיט ווערטער באַרעכטיקן זיינע פונדאָווקעס:

„ס׳איז פאַר דער פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, זאָגט איר, ר׳ אברהם, טאָ דער־

לאַנגט נאָך אַ פּליאַכע. מ׳עט קויפן, זאָגט איר, אַ מאַשין אזא, צום לעשן — טאָ דערלאַנגט צובייסן אויך. אַ גוטע זאַך די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, אָן אַ פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע קען זיך נאָך אָנצינדן די באַלעגאָלישע קרעטשמע און ס׳וועט ניט זיין מיט וואָס צום לעשן. איז ווו וועט מען זיך באַגראָבן אָן אַ קרעטשמע? אין דר׳ערד אריין...״ און קלמן האָט זיך צעהירזשעט מיט אַ הילכיק געלעכטער. ער האָט זיך דערפילט לוסטיק און געשריען צו דער חברה: „ווו וועט מען נעמען אַ קרוטשאָק אויפן ניכטערן מאָגן, האַ? ביי אברהמלען? פאָלג מיך אַ גאַנג...״

אז שלמה דער מלאך האָט זיך גענוג אָנגעטאַנצט, האָט ער זיך איינגעבויגן צו כישען, איר דערלאַנגט די האַנט און העפלעך איר געזאָגט אַ קאָמפּלימענט:

„אַ דאַנק, פּרימאַדאָנע שולמית! ניט נאָר זינגט איר שיין, נאָר איר טאַנצט אויך גוט״. א צופרידענער איז ער גלייך צוגעקומען צום בופעט זיך אָפּקילן. מיט אַ ווייס טיכעלע האָט ער זיך געווישט די קליינע טראָפּעלעך שוויס פון שטערן. דערזעענדיק די פריילעכע חברה ביים בופעט, האָט ער גלייך געהייסן אברהמל דעם פּראַטשעשניק, אז ער זאָל געבן אַ פלאַש אויף זיין חשבון, פאַר אַלעמען, אויסרופנדיק גוטמוטיק:

„אַ גרויסע פלאַש, ר׳ אברהמל, און פון דאָס בעסטע!״

„פון אזא פלאַש ווערט ליכטיק אין די אויגן״, האָט אברהמל ארויסגענומען פון אונטערן טיש אַ פאַרחתמעטע פלאַש. „דאָס איז אמתער ספּירט, גיט אַ ברען און אַ טראָג, אז מ׳ווערט יינגער אויף אַ גאַנצן סמיטשיק יאָרן...״

„אָט דאָס דאַרפן מיר טאַקע איצט״, האָט שלמה געטאָן א כיטרען ווונק צו אברהמלען. „עפנט!״

אברהמל האָט קונציק אַ קלאַפּ געטאָן דאָס דעקל אויף זיין דלאָניע און דער קאָריק האָט ארויסגעשאָסן.

„לחיים, קלמן!״ האָט שלמה אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך מיט קלמנען. „דו ביסט ווערט א ליאמע, ווייל דו האָסט היינט געהאַלטן אָרדענונג ווי ס׳באַדאַרף צו זיין!״ האָט ער אים א צעעוואָרעמטער געלויבט.

„לחיים, פּאַניע שלמה״, האָט קלמן געענטפערט צופרידן און אים גערופן גרויסשטאָטיש — „פּאַניע״.

זיי האָבן אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזל. שלמה האָט מער ניט געדאַרפט. ער האָט זיך שוין געפילט פריילעך און געקלאַפּט גוטברודעריש

קלמנען אין פּלייצע. אברהמל האָט אים שוין אונטערגערוקט א צווייט גלעזל. שלמה האָט גערעדט צו קלמנען:

„לחיים, קלמן, צום צווייטן מאָל!"

„אז איר קענט נאָך ציילן, פּאַניע שלמה, איז גוט. איך האָב שוין פאַר־לאָרן דעם חשבון".

„צו וואָס דאַרף מען אַ חשבון, קלמן? מיר וועלן טרינקען אָן אַ חשבון. און מ'וועט נאָך שפּילן ספּעקטאַקלען אויך. און כ'וועל נאָך דיר, קלמן, אויך אריינגעמען אין שפּיל. ס'וועט זיך פאַר דיר אויך איינגעפינען אַן אוטשאַס־טיע... נאָר היינט וואָלט מען געטראָגן די פּאָזשאַרנע סאַריי, ווען ניט דו, קלמן!" און ער האָט אים ווידער אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּלייצע. און ווי ער וואָלט זיך עפּעס פּלוצלינג דערמאָנט, האָט ער אים אַ פרעג געטאָן, שטיל:

„און פאַרוואָס, קלמן, גייסטו ניט אַ טאַנץ טאָן מיט אַ מויד? אזוי פיל מוידן דאָ אין סאַריי, פון אלערלייאיקע, טאָ קלייב זיך אויס אַ מויד און כאַפּ אריין אַ טענצל".

## קלמנס טאַנץ

קלמן האָט געקוקט אויף שלמהן ווי דורך אַ טומאַן. אים האָט אָנגע־לאָקט שלמהס חברשאַפט. אויף איין רגע איז ער ווי ניכטער געוואָרן און געזאָגט:

„ניין, פּאַניע שלמה, איך מיט די מוידן דאָ וועל ניט טאַנצן מער. טאַנצן קען איך טאַקע, און נאָך ווי טאַנצן! אָבער ניט מיט די היגע מיידלעך. איך פאָר, פּאַניע שלמה, קיין אפריקע, און טאַקע מיט אַ מיידל, מיט מיין מיידל, וועל איך טאַנצן, שוין איינמאָל טאַנצן. און היינט דאָ", האָט ער זיך מיט איינמאָל אַ כאַפּ געטאָן און דערפילט ווי אַלע כוחות האָבן אין אים אַ שפּאַר געטאָן, „היינט טאַנץ איך אליין. אליין מיט זיך! ווי איר זעט מיך אַ יידן, איך גיי טאַנצן פאַר אייך, פּאַניע שלמה, פאַר מיינע חברה. איר וועט זען וואָס קלמן קען!"

ארויסכאַפּנדיק פון קעשענע אַ גאָלדענעם רובל, איז ער צוגעלאָפן צו אָשר דעם קלעזמער, אַ נעם געטאָן זיין האַנט, אוועקגעלייגט די מטבע אויף זיין דלאָניע און אַ קאָמאַנדע געטאָן:

„אָשר, אַ קאַזאַטשאָק, אַ קאַמאַרישקע, דאַוואַי, קלאַפּט, אז די קאַפּעליע זאָל צעזעצט ווערן!"

ער האָט ארויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ הויפן זילבער־שטיקלעך און אַ וואָרף געטאָן צו די קלעזמער און געשריען:

„שפּילט, חברה, דער רוח זאָל אייך נעמען! דערלאַנגט אַהער דעם אמתן קאָזאַטשאָק! פאַר אן אייגענעם ייִנגל, ניט דאָרטן פאַר די יאָלדן... אַ קאָזאַטשאָק פון קאָזאַקן־לאַנד, דאַוואַי!"

אָשר האָט געגעבן אַ טאָן און גלייך האָבן חברה איבערגעדרייט די מע־לאָדיע. פון פאַרבענקטן וואַלס־ניגון איז געוואָרן א שטורעמדיקער קאָזאַ־טשאָק, און קלמן בולאַן האָט זיך אוועקגעלאָזט ווי אַ וויכער אין מיטן סאַריי.

אברהמל דער פראַטשעשניק, שלמה דער מלאך, כאַטשע און העטשע האָבן גלייך געמאַכט אַ קרייז. קלמן האָט מיט די הענט פלינק געקלאַפּט איבער די קני, איבער זיינע גלאַנציק־לאַקירטע שטיוועלעך, א שפּרונג אין דער לופטן, און צוריק — אַראָפּ צו דער ערד, אַ פּאַטש מיטביידע הענט אין דער פּאָדלאָגע, און אָט קלאַפּט ער שוין אויס דעם טאַנץ מיט די אָפּצאַסן, צום טאַקט פון דער קאַפּעליע, ברומענדיק דערביי ווילדע, צופרידענע טענער.

דער גאַנצער עולם איז מיט איינמאָל אריינגעצויגן געוואָרן אין קלמנס זייט, ווי אַ כוואַליע וואָס גיט אַ פּלייץ. מ׳האָט געפּאַטשט מיט די הענט און הנאה געהאַט פון בולאַנס גבורהדיקן טאַנץ. בלאַטע חברה האָבן אים צו־געשריגן: שטאַרקער, לעבעדיקער, בולאַן! הייב די פּיס העכער, אַ ניכפּה אין דיין בייכעלע..."

„כ׳וועל טאַנצן, אָבער ניט פאַר אייך! אַ פייער זאָל אייך נעמען!" האָט קלמן זיך מיט איינמאָל אַ זעץ אַראָפּ געטאָן אויף דער ערד, ווי די פּאַ־רע וואָלט ביי אים אויסגעגאַנגען.

כאַטשע און העטשע האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט מיט אים פּלוצלינג פּאַסירט, און זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזן לעבן אים. ער האָט זיי ביידן ארומגענומען און געפּליסטערט שטיל:

„כ׳וועל טאַנצן מיט איר, מיט סאָניען, דאָרטן, אין אפריקע, די אַלע ממזרים דאָ אויף צעפּוקעניש! אלעמען אויף צעזעצעניש! טראַסטע ליכאַ וואַשע מאַטערי..."

די קאַפּעליע האָט שוין געהאַט אָפּגעשטעלט דאָס שפּילן. כאַטשע און העטשע האָבן גענומען קלמנען און אים אָפּגעפירט אַהיים.

# 13




## יעפים דער ראַזנאָשטשיק




עם בריוון־טרעגער פון שטעטל האָבן די ייִדן גערופן ראַזנאָשטשיק. אַרויסגערעדט דאָס וואָרט האָבן זיי מיט רעספּעקט, ווייל פון נאָמען אַליין האָט שוין געשמעקט מיט פרעמדס, מיט נאַטשאַלסטווע. האָט מען טאַקע צום הויכן גוי מיטן רויטן פּנים, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט די בריוו, זיך באַצויגן בכבודיק. און כאָטש געגאַנגען איז ער אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער, האָט אָבער זיין קאַזיאָנע היטל מיט דער קאָקאַרדע אויף אַ גרינער אָקאָלאָשקע אים צוגעגעבן חשיבות. אפילו חשובע בעלי־בתים פלעגן ביים באַגעגענען אים אין מיטן מאַרק, ניט ווילנדיק אַראָפּנעמען דאָס היטל.

יעפים דער ראַזנאָשטשיק האָט געהאַט ברייט־פונאַנדערגעוואַקסענע וואָנצעס, וואָס פלעגן זיך דרייען צו די ליפּן, ווי זיי וואָלטן אים אריינגעקוקט אין מויל אַריין. אויגן האָט ער געהאַט גרויע און שמייכלדיקע. אַ גאַנצע וואָך, ווען ייִדן זיינען געווען טרוד מיט דער פּרנסה, האָט יעפים זיך געמוזט

אליין מטריח זיין און צעטראָגן די בריוו — צו יעדערן אין שטוב אריין. איז יעפים איין מאָל געפאַלן אויף אַ המצאה ווי זיך איינצושפּאָרן די גאַנצע לויפעניש איבער די שטעטלשע הייזער: ער וועט עס לאָזן פאר דעם שבת־דיקן טאָג. האָט ער געלאָזט דאָס גאַנצע שטעטל יידן וויסן, אז זיי זאָלן קו־מען שבת אין איין אָרט און אָפּנעמען די בריוו פון זיין האַנט.

שבת, נאָכן ארייינכאַפּן אַ דרימל, זיך אזוי לאַנגזאַם שפּאַצירנדיק צו מנחה, אָדער סתם אין דער וועלט אריין, פלעגן זיך יידן צוזאַמענקלייבן ארום שימשעס גאַניק. יעפים פלעגט אָנקומען מיט זיין לעדערנע טאָרבע און ארויפגיין מיט אַ פּאַראַדנעם טראָט אויף דעם הויכן הילצערנעם גאַניק פון שימשעס טראַקטיר. ער פלעגט ארויסנעמען דאָס צוגעגרייטע פּעקל בריוו פאַר די יידן און מיט אַ פייערלעכער שטימע פלעגט ער אָנהויבן אויסרופן די נעמען. יעדער פון די ארויסגערופענע האָט גלייך געמוזט אויסשרייען יאָ (איך), און נאָכדעם צוגיין צו יעפימען אָפּנעמען זיין בריוו.

## מ׳וואַרט אויף פּאָסט

די ערשטע צייט איז יעפים געווען זייער שטרענג מיט די בריוו־אָפּנע־מער. אזוי ווי ער האָט שוין יאָרן געטאָן די פּאָסט־מלאכה און יעדערן גע־קענט פערזענלעך, האָט מען מיט אים קיין לינקע געשעפטן ניט געקענט מאַכן. אַ שטעל־פאַרטרעטער צי אַ פריינד, אפילו אַ זון צי אַ טאָכטער, איז פאַר יעפימען ניט באַטרויט געווען. דער אַדרעסאַט אליין האָט געמוזט קו־מען אָפּנעמען זיין בריוו. מיט דער צייט האָט אַ דעלעגאַציע פון חשובע יידן, מיט חיים דעם גבאי בראש, געפּועלט ביי יעפים דעם ראַזנאַשטשיק, אז קינדער אָדער עמעצער פון דער משפחה, צו וועמען ס׳איז פאַראַן אַ בריוו, האָבן רעכט צו באקומען דעם בריוו. די דעלעגאַציע האָט „ווייך געמאַכט" יעפימס האַרץ מיט אַ שלוק בראָנפן און האָט גענומען אויף זיך די אחריות אויב ס׳וועט עפּעס טרעפן. זיי האָבן אים צוגעזאָגט, אז אַלע וועלן צופרידן זיין און קיינער וועט זיך ניט באַקלאָגן.

זינט דעמאָלט איז די שבת ביי־טאָגיקע פּאָסט געוואָרן אַ שטענדיקע אינסטיטוציע, אַ מין בירזשע, ווו יידן וואַרטן אויף פּאָסט. דאָ פלעגן זיך שוין אויך טרעפן בחורים מיט מיידלעך. פּונקט צו דער צייט פלעגן זיך אַראָפּלאָזן פאָרלעך חברטעס, אויסגעפּוצט אין שבתדיקע קליידער. עס פלעגן נאָך גלאַנצן די ערב שבת־אויסגעצוואָגענע האָר, און די פאַרקאַמטע

שיין־פֿאַרפֿלאָכטענע צעפּ פֿלעגן זיך באָמבלען, פֿאַרוואָרפֿן איבער דער פּליי־צע. אויפֿן מאַרק, אַנטקעגן איבער שימשעס טראַקטיר, פֿלעגן זיך דרייען היין און הער יונגעלייט און מיידלעך — יעדער פּאָרל באַזונדער — כלומרשט מ׳וואַרט אויף פּאָסט.

מיט דער צייט האָט מען אָנגעהויבן קומען וואָס אַמאָל פֿריער, ביז ס׳איז דערגאַנגען אַז גלייך נאָכן אַראָפּשלינגען דעם הייסן פּעטן טשאָלנט, נאָך פֿאַר 12 אזייגער בייטאָג, האָבן ארום שימשעס גאַניק זיך געצומען קלייבן די יונגעלייט, אַ ביסל שפּעטער — די „פּאַדראָסטקעלעך״ (יונגע מיידלעך). צי מ׳האָט דערוואַרט בריוו צי ניט, אָבער אַלע האָבן געוואַרט אויף פּאָסט. ביסלעכווייז האָט מען געכאַפּט אַ וואָרט איינער צום אַנדערן, זיך איבער־געוווּנקען, אַ שטיף געטאָן, געזאָגט אַ חכמהלע, ביז מ׳האָט שוין אויף אַן אמת געכאַפּט אַ שמועס. פּאָרלעך בחורים און פּאָרלעך מיידלעך האָבן אָנ־געהויבן שפּאַצירן צוזאַמען, און מ׳האָט זיך אזוי לאַנגזאַם ארויסגעשפּאַצירט אויסערן שטעטל ביז אין וואַלד אריין.

## אַ בריוו פֿאַר קלמנען

אין איינעם אזא שבת נאָכמיטאָג האָט יעפּים דער ראַזנאָשטשיק אויס־געדופֿן פֿייערלעך דעם נאָמען פֿון אַדרעסאַט: גאָספּאָדינו קלמן טראַיע־וויצקי! קלמן האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן, אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און אַן אָטעם אוועקגעלאָפֿן צו כאַטשען. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער אריינ־געפֿאַלן דורכן טיר און אויסגעשריען: אַ בריוו!

מ׳האָט גלייך געבראַכט צופֿירן יענטע די מאַזשניצע, קלמנס מאַמען, וואָס האָט אויסגעווישט אַ טרער און געזאָגט מיטן לשון פֿון תחינה:

„אוי, רבונו של עולם, באַוויליק פֿאַר אונדז אַ פֿריילעכע בשורה! אפשר האָט זיך מיין ברודער דערמאָנט אָן אונדז... פֿון וועמען איז דער בריוו?״

כאַטשע האָט געקוקט ווי אַ האָן אין בני אדם אויף דער מאַרקע מיטן שטעמפּל און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן.

„וואַרט אַ ווײַלע, יענטע, מיר האָבן געשיקט רופֿן אברהמל דעם פּראַ־טשעשניק. ער וועט באַלד קומען און ער קען לייענען זייער לשון, וועט ער אונדז זאָגן״.

ביי כאַטשען אין הויז האָט זיך אַלץ אויף די פּיס געשטעלט. גוטע ברי־דער זיינען אריין אַ שמעק טאָן, אָבער דערווייל האָט נאָך קיינער גאָרניט

געוווסט. אז אברהמל דער פּראַטשעשניק איז אָנגעקומען און האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאָנווערט, האָט ער גלייך געזאָגט:

„ס׳איז פון אפריקע. מ׳וועט באַלד זען. מיסתמא גוטע נייעס, יענטע!"

ער האָט זיך אַ קער געטאָן מיטן בריוו צו יענטען און די פינגער האָבן אים געקיצלט שוין אויפצורייסן דעם קאָנווערט און זען וואָס דאָרט איז. אָבער ער האָט זיך געשעמט עס צו טאָן פאַר יענטען אין די אויגן אום שבת. דער בריוו איז דאָך פאַר קלמנען. האָט ער אַ זאָג געטאָן צו כאַטשען:

„זאָל זיך נאָר אייער טאָכטער אריבערכאַפּן צו משה קופּעץ, זי איז דאָך פלינק אויפן פיסל. זיין שיקסע, מאַריאַנאַ, וועט עפענען דעם בריוו".

אז כאַטשעס טאָכטער האָט עטלעכע מינוט שפּעטער געבראַכט דעם געעפנטן בריוו, האָט אברהמל ארויסגענומען דריי דינע בייגעלעך פּאַפּיר, געדיכט אָנגעשריבן. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין אַ פּאַרריסענער פּאָזע, מיטן בריוו אין האַנט, און געלייענט אויפן אַ קול:

## דער בריוו

ליבער פריינד טראַיעוויצקי!

איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך האָב ביז איצט ניט געשריבן. עס זיינען געווען אַ סך אורזאַכן פאַר דעם. איך האָב זיך די גאַנצע צייט באַ־מיט ביי מיין שוואָגער, ער זאָל אייך שיקן געלט מיט פּייפּערס און אייך אריבערנעמען אַהער. איר דאַרפט אָבער וויסן, אז אייער אָנקל, וועלכער איז אויך מיין שוואָגער, איז זייער אַ פּאַרנומענער מענטש. ער טוט גאָר גרויסע ביזנעס, אין די טויזנטער, און ס׳איז זיך שווער מיט אים צונויפצו־ריידן. ער זאָגט גלייך אז מ׳פּאַרדרייט אים אַ קאָפּ מיט „נאָנסענס" און מע „מיקסט" אים „אַפּ" און ער האָט צוליב דעם אַ „לאָס" פון הונדערטער פונטן.

איך האָב זיך געפילט שולדיק קעגן אייך, אָבער כ׳האָב זיך ניט געקענט העלפן. כ׳האָב אַלץ געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, און אָט האָט זיך אזא געלעגנהייט געמאַכט. ווי נאָר ס׳איז אָנגעקומען דער בריוו פון אייער רב און די עטלעכע אונטערשריפטן פון די בעלי־בתים, וואָס ער גע־דענקט זיי נאָך פון דער היים, ווו זיי בעטן אים אז ער זאָל זיך דערמאָנען אָן זיין אָרעמער שוועסטער יענטע מיט איר זון קלמן, האָב איך אים דעם בריוו פאָרגעלעזן. עס האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק, ווייל איך האָב באַמערקט אז ער האָט בעת מעשה אָפּגעווישט אַ טרער, כאָטש

אין ביזנעס איז ער זייער אַ האַרטער מענטש, און קיין פרעמדע טרערן העלפן אים ניט ווייכער צו מאַכן, אז ער זאָל טאָן עמעצן אַ טובה...

נאָכדעם האָב איך אים שוין ניט אָפּגעלאָזט. איך האָב אייך זייער געליבט פאַר אים, כאָטש אין דער אמתן קען איך אייך ניט אויף אזויפיל. פון די פאָר מאָל וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן, קען איך, נאַטירלעך, ניט אורטיילן וועגן אייער כאַראַקטער און פעאיקייטן. אָבער איך האָב באַשלאָסן צו נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך. איך האָב אים פאַרזיכערט, אז איר וועט אים געפעלן און איר וועט זיך גרינג „סעטלען" אין דעם לאַנד.

נאָך אַ יישוב־הדעת מיט מיין שוועסטער, האָט מיין שוואָגער מיך געהייסן שרייבן אין זיין נאָמען אַ בריוו, אז ער גייט אייך ארויסשיקן די נייטיקע פּייפּערס צו קומען אין אפריקע. ער וויל אז איר זאָלט אים גלייך שרייבן אַ לעטער, צי איר דאַרפט געלט אויף רייזע־הוצאות. אזוי האָט ער מיר געזאָגט: שרייבט מיין נעפיו אַ לעטער, צי ער דאַרף האָבן טראַוועל־עקספּענסעס. אפשר האָט ער אַ ביסל געלט אָפּגעשפּאָרט און ער דאַרף ניט...

איך האָף אז איר וועט פאַרשטיין מיין ניט שרייבן די גאַנצע צייט און אנטשולדיקן מיר. פאַרבלייבט געזונט און גריסט אייער מוטער. אייער פריינדין סאָניע שאפּיראָ.

אייער אָנקל מיט דער טאַנטע גריסן אייער מוטער זייער הערצלעך.

## קלמן איז באַגייסטערט

אז אברהמל האָט פאַרענדיקט לייענען דעם בריוו זיינען אַלע געבליבן שטיל, מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם, ווי ווען אַ מגיד פאַרענדיקט זאָגן אַ רירנדיקע דרשה. יענטע איז געזעסן, מיט איר פאַרטעך געווישט די אויגן און געשמאָרעט מיט דער נאָז. קלמן, וואָס האָט די גאַנצע צייט, ווען אברהמל האָט געלייענט, געשלונגען יעדן וואָרט, איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל און ניט געוווסט צי ער זאָל וויינען, צי ער זאָל לאַכן. עפּעס איז אים געוואָרן אויפן האַרצן אזוי מאָדנע זיס, וואָס סאָניע שרייבט צו אים אזא בריוו. אז העטשע האָט דערזען ווי קלמן גאַפּיעט, האָט ער זיך אליין ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און איבערגעריסן די שטילקייט, זיך אַ קער טוענדיק צו קלמנען

„וואָס ביסטו געבליבן זיצן ווי אַ באַנומענער? ס'לשון האָט אים אָפּגענומען, דעם בולאַן! וואָס זיצסטו מיט אַן אָפן מויל? דער בריוו, דוכט

זיך, איז געשריבן צו דיר, טאָ וואָס ביסטו אנטשטומט געוואָרן ,האָ?״ האָט העטשע געשריען צו אים.

קלמן האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ היפּנאָז. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און צוגעלאָפן צו אברהמלען, ער האָט פון זיין האַנט ארויסגעריסן דעם בריוו און מיט אַ באַגייסטערט מעלאָדראַמאַטישן קול, ווי ער וואָלט געוועזן אויף אַ סצענע, געגומען דעקלאַמירן:

„ליבער פריינד טראַיעוויצקי! אזוי הייבט זי דאָך אָן. איר האָט געהערט אַ שרייבן! און טאַקע צו מיר: ליבער פריינד טראַיעוויצקי! אוי, אַ געזונט איר אין די הענטעלעך! איך בין עס איר ליבער פריינד, איך! מאַמע, דו הערסט?״ איז ער צוגעלאָפן צו דער מאַמען מיט רייד, גאָרניט ווי זיין געוווינהייט. „זי איז מיין ליבער פריינד! יע, מאַמע, זי וועט טאַקע זיין מיין פריינד! צו איר וועל איך לויפן, פליען! דורך דער ערד, דורך ימען! דורך לענדער און שטעט! צו מיין ליבער פריינד! דו הערסט, מאַמע! איך וועל משוגע ווערן אויב איך וועל ניט קענען גלייך אוועק אַהין, צו איר, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! און זי שרייבט צו מיר: אנטשולדיקט מיר. איך זאָל איר אַנטשולדיקן. איי, איי, כאַטשע, העטשע, ר׳ אברהמל, איר הערט? איך זאָל איר אַנטשולדיקן! פאַרוואָס זאָל איך איר אַנטשולדיקן? כ׳וועל אין דר׳ערד אריין פון שמחה! אוי, ווי גוט מיר איז! וואָס טוט מען איצט? זאָגט, וואָס טוט מען איצט? זאָג דו, מאַמינקע, וואָס טוט מען איצט?...״

קלמן האָט שוין מער ניט געקענט ריידן. ער האָט זיך פאַרכלינעט מיט זיינע לעצטע ווערטער און אראָפּגעלאָזט זיך אויפן טאַפּטשאַן מיטן בריוו אין האַנט. ער האָט געקוקט אויף די שורות, מיט שוועריקייט געפּרווט לייענען די ווערטער, און מיטאַמאָל צוגעפאַלן צו די בייגעלעך פּאַפּיר און זיי געגומען פאַרשמאַכטערהייט קושן. ער האָט שטיל און הייזעריק געשעפּטשעט: מיין ליבער פריינד, מיין ליבער פריינד, אנטשולדיק מיר!...

כאטשע האָט עס שוין ניט אויסגעהאַלטן און ארויס מיט אַ געשריי:

„אַלע קלאָגן צום בולאַנס קאָפּ! געהערט אַ ביסל ווי די קליפּה האָט זיך אין אים צעיוכעט? ער האָט זיך שוין ווייטער אכוואַטשעט אין דער מויד. דו זעסט ניט וואָס דאָ טוט זיך? ווי שרייבט זי דאָרט, די מויד? דיין אָנקל, דאָס מיינט זי דיין פעטער, בעט דיר דאָך זאָלסט זיך מטריח זיין און אריבערפאָרן אין זיין אַפריקע, טאָ וואָס האָט עס צו דער מויד? וואָס האָסטו זיך

איינגעכלאָניעט אין איר און מאַכסט יאָלדיִשע שטיק? זעסט ניט ווי די מאַמע האַלט אין איין ווייגען פאַר שמחה? טאָ הער אויף מיט דיין ליבער פריינד!״

זיינע רייד האָבן ביי יענטען אַרויסגערופן אַ נייעם שטראָם טרערן. זי איז געוואָרן צעשראָקן:

„ווײ איז דער מאַמען! אַ קליפּה, רחמנא ליצלן, האָט זיך אין בחור אַריינגעכאַפּט. איר זעט דאָך, ר׳ אברהם, ר׳ כאַטשע, ער איז אויף אַן אמתן משוגע. ער נעמט דאָך איין אַ מיתה משונה פאַר אַ מיידל וואָס איז טויזנט וויאָרסטן ווייט. וואָס שווייגט איר, האַ?״

אברהמל דער פּראַטשעשניק האָט זיך צוגעבויגן צו יענטען און גע־רעדט געלאַסן:

„לאָזט אים, יענטע, ער וועט זיך אויסטשוכען! אָט אַזוי דאַרף עס זיין. ער איז טאַקע אויף אַן אמת פאַרליבט אין איר, ווי הייסט זי דאָרט: סאָניע. קיין עוולה ניט. ער איז נאָך דעם ערשטן מאָל פאַרליבט — און ליובאָוו ניע קאַרטאָשקאַ, ליבע איז ניט קיין לאָקשנקוגל, יענטע. מיט אַ לאָקשנקוגל גייט עס גיכער אַריבער, מ׳עסט אים אויף, מ׳האָט איין מאָל הנאה און אַ סוף, אָבער ניט מיט ליובאָוו, יענטע, דאָס דויערט. מיסתמא ווייסט איר עס ניט... און דו, קלמן, זיי ניט אַזוי צעטרענצלט וואָס זי שרייבט מיין ליבער פריינד, אַזוי שרייבן אַלע״.

קלמן האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן אויף אברהמל דעם פּראַטשעשניק, אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק און געררעדט צעטומלט:

„זי שרייבט דאָך צו מיר מיין ליבער פריינד... צי מיינט זי עס אויף אַן אמת?״

„עס שרייבט זיך אַזוי, קלמן. ווי דען האָט זי געזאָלט שרייבן? מיין ערגסטער שונא? קיין טאַראַראַם פון די פאָר ווערטער דאַרפסטו ניט מאַכן. היינט, טאַקע גלייך נאָך הבדלה, דאַרפסטו זיך אוועקזעצן און אָנשרייבן צוויי בריוו — איינעם צו סאָניע שאַפּיראָ, און דאַרפסט איר שרייבן אַ דאַנק פאַר איר אינטערעס, אַ צווייטן בריוו צום פעטער...״

קלמן האָט אברהמלען שוין ניט געלאָזט ענדיקן:

„אוודאי, אוודאי, ר׳ אברהם, איך אליין וועל נאָך היינט אָנשרייבן אַ בריוו צו... צו...״ און ער האָט דעם נאָמען ניט דערמאָנט, נאָר אַ זיס שמייכעלע האָט אים אויפגעשפּראָצט אויף דער ליפּ, איבער דער פוכיק־יינגלשער וואָנצע. און ער איז צוגעפאַלן צו אברהמלען: „ר׳ אברהם, איר זייט מיין

בעסטער פריינד! איר ווייסט דאָך, קיין טאַטן האָב איך ניט, טאָ זייט איר איצט מיין טאַטע..."

אברהמלען האָט גערירט קלמנס אָפענע האַרציקייט. ער וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט ער אים צוגעדריקט צו זיך און אים צוגעזאָגט צו זיין אַ טאַטע. די מאַנצבילן האָבן זיך איבערגעקוקט שמייכלענדיק. זיי האָבן געפילט אז מיט זיינע אָפנהאַרציקע ווערטער האָט קלמן געוווּנען אברהמלס פריינדשאַפט.

„קומט!" האָט אברהמל אַ רוף געטאָן זיינע חברה. „לאָמיר דאָ איבערלאָזן יענטען מיט די ווייבער, זיי האָבן איצטער וואָס צו ריידן, און מיר וועלן זיך אריבערכאַפּן צו מיר. ס'איז נאָך פאַר שלוש־סעודות, און אזא גוטן בריוו איז אַ מצווה צו באַנעצן..."

קלמן האָט זיך מיטאַמאָל דערלאַנגט אַ שטעל אויף אין זיין גאַנצער הייך:

„ניין, ר' אברהם, ניט איר, נאָר איך פאַרבעט אייך היינט צו אַ פּאַכמיעל, ס'איז מיין שמחה! טוט מיר אַ טובה, ר' אברהם, ווי איך בין אַ ייד, לאָזט מיר הנאה האָבן פון שטעלן פאַר אייך אַלעמען, איר'ט מיך ראַטעווען..."

אברהמל האָט אים אָנגעקוקט אַ צופרידענער.

„מאַמע, כ'וועל קומען גלייך נאָך הבדלה", האָט קלמן צוגעוואָרפן דער מאַמען און זיך דער ערשטער געלאָזט צו דער טיר. אברהמל, כאַטשקע און העטשע זיינען אים נאָכגעגאַנגען.

דעם זעלבן שבת־צו־נאַכט האָט קלמן מיט אַ שיין קאָטשערעוואַטן כתב אוועקגעשריבן צוויי בריוו. איצט האָט ער געפילט ווי גוט עס איז, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל שרייבן אויף די בונדישע אָוונט־קורסן. אָבער אַ לאַנגע צייט איז אַריבער און פון אפריקע קיין פּאַפּירן זיינען אַלץ ניט געקומען. קלמן פלעגט שוין גיין יעדן שבת נאָכמיטאָג אָפּהיטן די פּאָסט. ער פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערן ווי יעפים דער ראַזנאָשטשיק רופט אויס די נעמען און פאַמיליעס צו וועמען עס זיינען אָנגעקומען בריוו, אָבער דעם נאָמען קלמן טראַיעוויצקי האָט ער אַלץ ניט געהערט.

## אַ פּאָוויעסטקע זיך צו שטעלן...

דערווייל האָט זיך אויף קלמנען אָנגערוקט אַן אומעטיקע צייט, וואָס איז אָבער געווען געמישט מיט ווילדער, יונגער פרייד. עס איז אָנגעקומען „זיין יאָר" זיך צו שטעלן צום פּריזיוו. ווען ניט די דערוואַרטונג צו פאָרן קיין

אפריקע און זיין בענקשאַפט צו דער סאָניע שאַפּיראָ, וואָס שרייבט אים „מיין ליבער פריינד", וואָלט קלמן געגאַנגען אין די סאָלדאַטן ווי צום טאַנץ.

אז קלמן האָט געקראָגן די פּאָוויעסטקע זיך „צו שטעלן", איז ער גלייך אוועק מלא שמחה צו אברהמלען אין שענק צו מאַכן אַן אָנהייב. אז מ'וועט אים נעמען, דאָס האָט ער אויף זיכער געוווסט, האָט ער טאַקע ניט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט און דעם ייחוס פון זיין א נאָוואָבראַניעץ. ביי אברהמלען האָט ער דורכגעשוועוקט דעם גאָרגל און זיך גלייך דערפילט אויפגעלייגט, האָט ער גענומען אריינטענהן אין אברהמלען:

„איך שרעק זיך ניט, ר' אברהם, צו דינען פאָניען. ניט קלמן! איר קענט דאָך מיר. איך בין דאָך ניט ווי די יאָלדן, די בעלי־בתישע לײדיק־גייערס, די שטעקל־דרייערס, וואָס טוען קיין פינגער אין קאָלט וואַסער ניט אריין און וואָס קענען אַ קאָץ דעם עק ניט פאַרבינדן. קלמן בולאַן איז אָבער צו אַלץ געוווינט, צו רעגן און צו שניי, צו פרעסט און זאַווערוכעס, און פאַר אַ שטיקל בשר־קוויטש וועל איך זיך אויך ניט אָפּשרעקן, ווי איך בין אַ ייד, ר' אברהם! כ'בין שוין געווען נאָ קאָניע און פּאָד קאָניאָם, און אין הלכות גיסן אין לאָמפּ וואָלט איך זיך פאַרמעסטן אפילו מיטן פאָלקאָווניק אליין".

קלמנען האָט זיין נייער סטאַטוס פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן און ער האָט זיך געפילט שטאָלץ. פון קינדווייז אָן פלעגט ער יאָר איין, יאָר אויס נאָכלויפן די נאָוואָבראַנצעס, זיי מקנא געווען אזא גליק און אַלץ אויסגעקוקט דעם טאָג ווען ער וועט אויך זיין אזא העלד ווי זיי. אַ קלייניקייט! די פּריזיוואָניקעס, אַלע יונגע בחורים, איינע אין איינע, איבערהויפּט די געזינטערע, זיינען פלוצעם עולה לגדולה געוואָרן. און אַ מאָדנע זאַך: גראָדע די וואָס זיינען געווען מער אָרעם, זיינען אויך געווען געזינטער און אלץ גרעסערע יחסנים. זיי האָבן ניט געקענט און זיך ניט געוואָלט אויסקויפן, ווי די בעלי־בתישע צעקראָכענע כניאָקעס, וואָס האָבן אַ יאָר פאַר דעם זיך אָנגעהויבן מאָרען און אויסגעזעצן חושך.

עטלעכע חדשים פאַרן פריזיוו פלעגן די אָרעמע נאָוואָבראַנצעס צו־זאַמענקלייבן זיך און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אזוי די פראָצעדור פון אוועק־גיין דינען זאָל פאָרקומען. וויפל געלט מ'וועט דאַרפן פאַר די וואָס גייען אוועק, און וויפל מ'זאָל ארויפלייגן אויף די רייכע זינדלעך, וואָס דאַרפן זיך אויך שטעלן צום פריזיוו, אָבער מ'ווייס שוין אויף זיכער, אז זיי וועלן זיך „ארויסדרייען". אין וואָס פאַר אַ פראָפּאָרץ זאָלן זיין די ביישטייערונגען פון

די ווייסע, די רויטע און די זוכה־בגורלדיקע בילעטן. און אויב זיי וועלן זיך אליין ניט וועלן ביישטייערן, וואָס פאַראַ מיטלען זאָלן קעגן זיי אָנגענומען ווערן.

יעדער אָפּגעגעבענער נאָוואָבראַנעץ האָט געדאַרפט באַקומען אַ געוויסע סומע געלט, וואָס איז געקומען פון די באַפּרייטע, און אויך פון דער שטעטל־דיקער קאַראָבקע. און טאָמער האָט געטראָפן אַ יאָר ווען אָרעמע נאָוואָ־בראַנצעס זיינען געוועזן אַ סך, דעמאָלט האָט זיך געטאָן חושך. עס זיינען כסדר פאָרגעקומען אסיפות און אין רבס שטוב האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אין די בתי־מדרשים האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. שטאָט־פאַרזאָרגער, מיט חיים דעם גבאי בראש, האָבן געקנייטשט די שטערנס און זיך געקליגט ווי אזוי צו שאַפן די קאָנטריבוציע־סומע וואָס די יונגאַטשעס פאָדערן. זיי האָבן געוווסט אז טאָמער גיט מען ניט וואָס מ׳בעט, וועט מען אזוי לייכט ניט אָפּשניידן. פלעגט טאַקע ניט זעלטן זיך טרעפן אזא „שבת פון נאָוואָבראַנצעס״, ווען זיי פלעגן ניט לאָזן לייענען ביז מ׳האָט ניט צוגע־זאָגט גלייך נאָך הבדלה אריינצוטראָגן ביז אַ גראָשן. פלעגן נאָך די זעלבע וואָך די בעלי־הקאָראָבקע העכערן די פּרייזן פון ליכט אויף שבת, פון היי‏ון אויף חלה און ווייַן אויף קידוש און הבדלה.

## קלמן ווערט דער אָנפירער

קלמן האָט נאָך מיט יאָרן צוריק געפילט, אז ווען ס׳וועט קומען זיין יאָר וועט ער ווערן דער אָנפירער פון די נאָוואָבראַנצעס. ווייל פאַר זייער אָנפי־רער האָבן די נאָוואָבראַנצעס שטענדיק אויסגעקליבן אזא איינעם פאַר וועמען בעלי־בתים האָבן דרך־ארץ און רעכענען זיך מיט זיין וואָרט; און ניט אזוי צוליב זיין שכל הישר, נאָר מחמת זיין פויסט וואָס קען אַ קלאַפּ טאָן אין טיש — און אין דעם איז קלמן זיכער געווען, אז ער איז ווי געבוירן פאַר דעם. און אויף דער צונג איז קלמן אויך ניט געפאַלן, אויב מ׳דאַרף זאָגן עפּעס אַ שאַרף וואָרט. נאָך פאַראַיאָרן האָט ער שוין אריינגעטענהט אין כאַטשען:

„איבעראַיאָר וועל איך זיי שוין געבן דעם ריכטיקן טרייבער, אונדזערע בעלי־בתים. אין הלכות אַ בלאַט גמרא קען איך זיך טאַקע מיט זיי ניט פאַר־מעסטן, אָבער ווי אזוי אַ נעם טאָן אַ שווערן קאַסטן אויף אַ פּלייצע, אָדער אַ כאַפּ טאָן אַ פערד פאַרן אָברוטש און פאַרהויבן אים אַ קאָפּיטע, צי גאָר

דערלאַנגען אַ יאָלד אַ מתנת־יד אז ער זאָל זיין עלטער־באָבען פון גן־עדן דערזען — מיט דעם קען איך זיך פאַרהערן אפילו מיט מיקאָליי ריזשי״. און יידן האָבן געוווּסט אז מע מעג קלמנען גלייבן.

און אָט, אז סוף־סוף איז שוין געקומען קלמנס יאָר זיך צו שטעלן צום פּריזיוו, זיינען גאָר זיינע געדאַנקען געווען אין אפריקע. טאָג איין, טאָג אויס האָט ער געוואַרט אויף דעם געגאַרטן בריוו פון סאָניע שאַפּירא, מיט וועלכן דער פעטער וועט מיטשיקן די פּאַפּירן פאַר אים צו קומען קיין אפריקע. און קלמן איז פאַרזאָרגט. זיין האַרץ ציטערט יעדן שבת נאָכמיטאָג, ווען דער ראַזנאָשטשיק יעפים רופט אויס די נעמען.

גייט קלמן ארום ווי אַ יענוועלטיקער. ער באַקלאָגט זיך פאַר כאַטשען. ער מיינט אז דער ענטפער אויף זיין בריוו האָט שוין לאַנג געדאַרפט קומען. פון קאָפּ גייט אים ניט ארויס סאָניע שאַפּירא. ווען ער פאַרמאַכט די אויגן, זעט ער איר אפילו ווי זי זיצט און שרייבט: מיין ליבער טראַיעוויצין... אפשר איז גאָר דער בריוו פאַרלאָרן געגאַנגען, לויפט קלמנען דורך א ציטערדיקער געדאַנק, און ער דערפילט אז דער אָנפירער פון די נאָוואָבראַנצעס וועט ער גאָרניט קענען זיין, ווען אין קאָפּ ליגט אים אפריקע און סאָניע שאַפּירא...

„ווי כאַפּט מען זיך פון דאַנען ארויס? אָפּפינצטערן פאַר פאָניען פיר יאָר, כאַטשע...״ בעט זיך קלמן און זוכט א טרייסט ביי זיין פריינד.

קוקט אים כאַטשע אָן מיט אַ ביסל חוזק. ער האָט קלמנען קיינמאָל ניט געהערט אזוי ריידן.

„קלמן, קלאַפּ זיך ארויס די נאַרישקייטן פון קאָפּ. פאָניע וועט ניט ארויסלאָזן אזא געזונטן יונג ווי דו, דיינע פיר יאָר סלוזשבע זיינען ווי אין קעשענע...״

## אברהמל טרייסט קלמנען

ווערט שוין קלמן אינגאַנצן צעמישט און שאַרט זיך זייטיק ארויס פון כאַטשעס שטיבל. און אזוי זיך טראַכטנדיק זיינע צעפּלאָנטערטע מחשבות פאַרשלעפּן אים זיינע פיס צו אברהמל דעם פּראַטשעשניק אין שענק. צו אברהמלען האָט קלמן מער צוטרוי, ער אינטערעסירט זיך מיט אים.

אברהמל הערט טאַקע אויס מיט געדולד קלמנס דאגות און בשעת מעשה דרייט ער און ציט די פּאָר הערלעך, וואָס האָבן זיך פאַרגנבעט ביי

אים אונטער דער גאָמבע. ער הערט זיך צו אויפמערקזאַם און גיט אויך אכטונג, אז קלמן זאָל זיך ניט פאַרציילן מיט די גלעזלעך און פאַרלירן דעם חשבון. ביי קלמנען איז אָבער היינט דער קאָפּ קלאָר. ער היט זיך אליין און וויל ניט אז אברהמל זאָל אים דערמאָנען: קלמן, גענוג!

קלמן בלייבט שטיל. אברהמל טראַכט לאַנג, קענטיק אז ער האָט אַ יישוב הדעת מיט זיך. מיטאַמאָל גיט ער קלמנען א גוטברודערישן קלאַפּ איבערן פּלייצע און אַ זאָג:

„ניט געדאגהט, קלמן, ס׳וועט רעכט ווערן. און אויב אפילו ס׳וועט אויסקומען א קורצע צייט צו זיין אַ נאָוואָבראַנעץ און דינען פּאַניען איז אויך מה־רעש. אָבער ווי נאָר עס וועלן אָנקומען די פּאַפּירן וועסטו זיך אָפּ־טראָגן קיין אפריקע. כ׳האָב שוין אַ פּלאַן. און אזוי גיך זאָל משיח קומען ווי גיך דו וועסט זיך זען מיט דער מויד דיינער...״

פון זיינע לעצטע ווערטער האָט זיך קלמן שיעור ניט צעוויינט:

„ר׳ אברהם, איר חוזקט פון מיר. מיר גיסט זיך בלוט פון האַרצן און איר מאַכט גאָר אַ געלעכטער פון דעם. ר׳ אברהם, איר זעט ניט אז כ׳בין דאָ פאַרדרייט אין אַ קנויל, אז אַ דונער זאָל מיך לייגן, ר׳ אברהם...״

אברהמל האָט דערפילט אז ס׳וועט ווידער זיין אַן עסק צו שלעפּן קלמנען אהיים, האָט ער זיך גענומען שווערן:

„לאָמיר ביידע אזוי לעבן, קלמן, ווי איך מאַך קיין חוזק ניט. איך מיין דיין טובה און כ׳ווייס וואָס איך רייד. בין איך דען ניט דיין פריינד? דו אָבער, קלמן, זיי שטום ווי אַ פיש, קאַלאָטשע ניט מיט דער צונג ווו מ׳דאַרף ניט. אז איך זאָג דיר איך האָב אַ פּלאַן, קענסטו זיך פאַרלאָזן אויף מיר. דו הערסט, בולאַן! און שאַ־שטיל, אַן עק זאָל עס נעמען״.

# 14

# די אַגענטן

## טאַדרעס דער אַגענט

טאַדרעס דער אַגענט האָט מען אים גערופֿן. ער האָט גע־לעבט אויף ווילנער גאַס, אין אַ שיין הויז מיט גרויסע ווייס־געפּאַרבטע פענצטער און רויטע לאָדנס. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ האָרבאַ־טער נאָז, אויף וועלכער עס זיינען רייטנדיק געזעסן אַ פּאָר שפּאַקולן. פון הינטער די גלעזלעך האָבן ארויסגעקוקט אַ פּאָר שוואַרצע, קלוגע און גרוי־סע אויגן. דער האלדז איז ביי אים געווען הויך און דין, מיט אַ שפּיציקן גאָרגל, וואָס איז געלאָפן ארויף און אַראָפּ ווען ער פלעגט ריידן. און ווייל ער האָט געהאָט אַ קורץ פראַנצויזיש בערדעלע, האָט מען זיין לויפנדיקן גאָרגל נאָך בולטער אָנגעזען. דעריבער האָט מען ריידנדיק מיט טאַדרעסן בשום אופן ניט געקענט קוקן אים אין די אויגן, נאָר ניט ווילנדיק האָט מען כסדר געמוזט קוקן אויף זיין גאָרגל וואָס אַרבעט מעשים, ארויף און אַראָפּ. ס׳פלעגט דערמאָנען אָן די ליאַלקעלעך, וואָס פלעגן זיך אָפּט באַווייזן אין אַ ביידל אויפן מאַרק און דורך עפּעס אַ כישוף טאַנצן ארויף און אראָפּ.

וואָס פאַר אַן אַגענט איז טאַדרעס געווען און פון וואָס איז באַשטאַנען זיין סחורה, דאָס האָבן יידן קלאָר ניט געוווסט. מ׳האָט גערעדט אין שטעטל, אַז טאַדרעס איז עפּעס אַ מעקלער פון אזא מין „סחורה״, וואָס ער פאַרקויפט

פון איין שטאָט אין דער אַנדערער און עס טרעפט אז עס דערגייט אויך צו ווייטע מדינות, אפילו מעבר לים. יידן האָבן זיך געבראָכן די קעפּ צו טרעפן וואָס פאַראַ סחורה דאָס קען זיין, וואָרעם זיי האָבן קיינמאָל ניט געזען איינ־פּאַקן אָדער אָפּשיקן עפּעס פון זיין הויז. ער האָט אויך קיין זאַך נישט געקראָגן.

בערע דער איזבאָרשטשיק און נאָך אַ פּאָר שיינע בעלי־בתים האָבן עס יאָ געוווסט — נאָר עס געמוזט האַלטן בסוד, אפילו פאר די אייגענע ווייבער. דעם תנאי האָט מען אויסגענומען ביי זיי מיט אַ תקיעת כף, ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַ מעשה און מ׳האָט זיי געמוזט דערציילן, אז טאָדרעס איז אַן אַגענט פון אזא לעבעדיקע סחורה... חוץ די פּאָר מענטשן האָט מער קיינער קיין זאַך ניט געוווסט. זיי האָבן זיך דעריבער געהיט ניט אַ פּיפּס צו טאָן וועגן דעם.

טאָדרעסעס ווייב איז געווען אַ הויכע און אַ שיינע יידענע. בשום אופן האָט זי קיין שייטל ניט געוואָלט טראָגן און פלעגט פאַרקאַמען אירע אייגענע לאַנגע שוואַרצע האָר ארויף, אין אַ שטייענדיקער קוקלע. דאָס האָט איר געמאַכט אויסקוקן העכער, און זי האָט אויסגעזען ווי אַ רייכע פּריצטע. די באַלעבאַטישקייט האָט זי געפירט ביד רחבה.

טאָדרעס אליין האָט געגעבן מיט אַ פיינע האַנט צדקה און געזעסן אין בית־מדרש ביי דער מזרח־וואַנט. גאַנץ אָפט האָט ער באַקומען שלישי און געגעבן יעדעס מאָל אַ שיינע נדבה. אין קהלשע ענינים האָט זיך טאָדרעס ניט געמישט. אז מע מישט זיך אין קהל קריגט מען שונאים, האָט טאָדרעס געהאַט זיין כלל, און שונאים דאַרף אַ מענטש ניט האָבן, איך אוודאי ניט, איז טאָדרעס געווען אָפּן מיט זיך אליין. אין אזא מאָמענט פון זיכערקייט, אז ער האָט טאַקע קיין שונאים ניט, פלעגט ער ווערן אויפגעלייגט און אַ זאָג טאָן צום ווייב:

„ביענקע, ווי מיינסטו, איז ניט בעסער צו האָבן צען גוטע פריינד ווי איין שונא?"

„ביסט כשר גערעכט, טאָדרעס, מיר דאַרפן נאָר פריינד!" האָט זי פאַר־טאַקעוועט זיינע רייד און אים גלייך צורעכטגעמאַכט זיין זאָג: „בעסער איין פריינד ווי צען שונאים".

„יע, מיין ווייב, אַ געזונט אין דיר! טאַקע אזוי", פלעגט ער נאָכגעבן אירע ווערטער.

כיענקע האָט גוט געוווּסט וואָס אַ שונא קען באַטייטן פאַר איר מאַן. אויב עמעצער זאָל זיך חלילה דערוויסן און אונטערטראָגן איין קליינע מסי־רהלע ווו מ׳דאַרף, קען טאָדרעס אוועקגיין אין קייטן; מ׳קען אים פאַרשיקן אין סיביר אויף קאַטאָרגע, זאָל דער אויבערשטער אים היטן. אָבער אויך זיין ווייב פלעגט אים היטן און אכטונג געבן אז אַלץ זאָל זיין שטיל און קיי־נער זאָל ניט וויסן וואָס טאָדרעס טוט.

## טאָדרעסעס פרנסה

און געטאָן האָט טאָדרעס אַ זאַך וואָס געווען איז א גרויסע סכנה דערביי: ער פלעגט גנבענען די גרענעץ מיט מענטשן וועלכע האָבן געמוזט גיך אוועק פון מקום, וואָרעם די ערד האָט שוין אונטער זיי געברענט. האָט איינער זיך אריינגעדרייט אין ניט כשרע געשעפטן און מ׳האָט אים ארומגעזוכט, צי אזא וואָס האָט זיך פאַרשוואַרצט ביי קאַזניאַ און קיין זאַגראַניטשנעם פאַס ניט געקענט קריגן, צי איינעם וואָס האָט געוואָלט אוועקגיין פון פריזיוו און אפילו שוין פון אָפּגעגעבענע סאָלדאַטן — אזעלכע זיינען געווען די פּאַסאַ־זשירן וואָס טאָדרעס פלעגט זיי אריבערפּעקלען אויף „יענער זייט״.

די מיינסטע צייט פון יאָר פלעגט טאָדרעס פאַרפאַלן ווערן פון שטעטל. ער פלעגט ארומפאָרן אין וווייטע מרחקים און זיין ווייב, כיענקע, פלעגט אים מ׳יטהעלפן אין דער פרנסה — זי איז געווען זיין אינפאָרמאַטאָר, זי פלעגט אים איבערשיקן ידיעות דורך בריוו. אָבער זינט שייקע דער מסור האָט זיך אריבערגעפּעקלט אויף יענער וועלט, טאַקע אָן טאָדרעסעס הילף, האָט טאָד־רעס אויפגעהערט צו זיין לאַנג אונטערוועגנס און אַ שטיק פאַר די יום־טובים פלעגט ער שוין בלייבן אַהיים, ווי לאַנג ס׳האָט זיך געלאָזן. האָט טאָדרעס זיך אָנגעהויבן פירן מיט אַלץ מער ברייטקייט און נושא חן געווען ביי יידן.

טאָדרעס האָט געהאַט אַ סך פאַרבינדונגען. פון אים האָבן זיך געצויגן פעדעם צו אַנדערע אַגענטן אין די גרויסע שטעט און צו די גרענעץ־שטעט איבער דער מדינה. אז עס פלעגט זיך מאַכן אַ פּאַסאַזשיר, וואָס האָט גע־דאַרפט גנבהנען די גרענעץ, האָט אים טאָדרעס ראשית כל אריינגענומען צו זיך אין הויז, אין אַ באַזונדערן חדר, ווו די פענצטער זיינען תמיד געווען פאַרהאַנגען מיט שווערע, דיקע גאַרדינען, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, סיי אין זומער, סיי אין ווינטער.

והשנית, האָט טאָדרעס אָנגעהויבן איינחזרן מיט זיין קונד די תורה פון ויסעו ויחנו, כדי ער זאָל ניט פאַרשאַטן ווערן. פאר זיין „וילד" האָט ער געמוזט אָפּגעבן עקזאַמען, צי ער קען אַלע „פסוקים", די פאַראַלן און סעק־רעטנע צייכנס, וואָס ער דאַרף זאָגן די פאַרמיטלער און די גרענעץ־גויים. ס'האָט שוין ניט איין מאָל פּאַסירט, אז טאָדרעס האָט אַ שווערע לייעניש געהאַט מיט איינלערנען די כללים פון מאַרש. געווען פּאַסאַזשירן וואָס האָבן געהאַט פארשטאָפּטע קעפּ און ניט געקענט פאַרגעדענקען דעם סדר פון די זאַכן און כסדר פאַרביטן די יוצרות. פלעגט טאָדרעס אזא פּאַסאַזשיר האלטן שטרענג, פלעגט אים וואָרענען אז טאָמער חלילה מאַכט ער אַ טעות, וועט מען אים כאַפּן און ברענגען פּאָ עטאַפּאָם פאַריאדקאָם צוריק אין שטעטל אריין און ער וועט אוועק אין קייטן. און ער וועט נאָך אים, טאָדרעסן, אויך פאַרשיטן. פלעגט דער פּאַסאַזשיר אים אויסהערן און ס'פלעגט אים וואַרפן אין קדחת פון שרעק. אָבער ווי נאָר טאָדרעס פלעגט מיטן קונד אויסלערנען די גאַנצע תורה, האָט ער שוין מער מיט אים ניט געהאַט צו טאָן. דאָס אי־בעריקע איז שוין געווען קלייניקייטן, וואָס ער פלעגט איבערגעבן אין די הענט פון זיין געהילף, מאָניע.

## מאָניע דער אַגענט

מאָניע דער אַגענט איז געווען אַ דאַר און נידעריק יידל. צו זיין תמיד שמייכלענדיק פּנים איז געווען ווי צוגעקלעפּט אַ שוואַרץ, קורץ געשוירן בערדל, וואָס האָט אים צוגעגעבן חשיבות. אין שטעטל האָט מען אים פאַר־רעכנט צווישן די שיינע בעלי־בתים. אין בית־מדרש איז ער געזעסן ביי דער מזרח־וואַנט, ניט ווייט פון רב, און אָנגעטאָן פלעגט ער גיין, אפילו אין דער וואָכן, אין אַ שוואַרצער אַטלאַסענער קאַפּאָטע מיט אַ זיידן היטל. אז טאָדרעס פלעגט איבערגעבן מאָניען אַ „פאַרטיקן פּאַסאַזשיר", פלעגט ער זיך בלויז דאַרפן מיט אים אָפּט טרעפן, כדי אים אויפצוהאַלטןביים מוט, און אויך האַלטן אַן אויג אויף אים ביז דער פּאַסאַזשיר איז פון שטעטל נעלם געוואָרן.

אפרים לאַטיש, אַ ייד אַ גביר, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אראָפּגע־בראַכט אַ ישיבה־בחור פון דער נאָענטסטער שטעטל, אַ חתן פאַר זיין טאָכ־טער בעלאַן — דאָס איז געווען מאָניע. ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט אַן איידעם אַ ווילל לערנער, ממש אַן אַנטיק. די נגידים, וואָס

האָבן געהאַט בתולות, האָבן אפרימען מקנא געווען. האָט אפרים די ערשטע יאָרן זיך געצאַצקעט מיט מאָניען, אים געהאַלטן אויף קעסט און אים גע־קעכלט. אַן אויסגעפּוצטער, מיט גלאַנציקע קאַמאַשן וואָס מ׳האָט זיך גע־קענט איך זיי שפּיגלען, האָט מאָניע יעדן אינדערפרי נאָכן אָנבייסן זיך גע־לאָזט מיט אַ גרויסער גמרא אונטערן אָרעם אין בית־מדרש אריין. דאָרט, ביי דער גמרא, פלעגט ער פאַרברענגען ביז אַ שטיק אין טאָג אריין, נאָכדעם פלעגט ער גיין צוריק אַהיים צו מיטאָג.

זיין ווייב האָט נאָך מיידלוויַיז געלערנט אַ ביסל רוסיש און פלעגט אריינמישן אַ סך רוסישע ווערטער ביים ריידן. דעמאָלט טאַקע האָט זי זיך אליין פאַרקירצט דעם נאָמען פוןביילקע אויף בעלאַ. זי פלעגט ווערן אויפ־געקאָכט אז עמעצער האָט געפּרווּוט זאָגן צו איר ביילקע. חוזק־מאַכער פלעגן אומישנע איר געבן אַ רוף ביילקע, און זי פלעגט מיט כעס זיך אָפּרייסן אויף יענעם:

„בעלאַ איז מיין נאָמען, פּאָנימאַיעטע? אימעיעטי וו׳ווידו: בעלא!״

זי איז געווען אַ נידעריקע. אירע לאַנגע, שוואַרצע האָר זיינען געווען פאַרקאַמט מיט א גלייכן שרונט פון פאָרנט, ווי אַ סטרונע. אויפן רוקן זיי־נען אַראָפּגעהאנגען צוויי גלאַנציקע און דיקע צעפּ, וואָס זיינען געווען שטייף פאַרפלאָכטן. אויף איר קליידל האָט זי געטראָגן אַ ווייס אויסגעקראָכמאַ־לעטן פאַרטעכל, אויסצוזען ווי אַ סטודענטקע, אָדער אפשר צוליב שיינקייט. זי איז שטענדיק געווען ציכטיק, ווייל אפרים לאַטיש האָט קיינמאָל ניט דער־לויבט, אז זיין מיזינקעלע זאָל זיך פאַרנעמען מיט פּראָסטע שטוביקע ארבעטן.

נאָך דער חתונה מיט מאָניען האָט זי אירע צוויי לאַנגע צעפּ איינגע־לייגט איבערן קאָפּ און צוגעשפּיליעט איינעם צום אנדערן מיט אזעלכע ספּעציעלע דרעטלעך, זיי זאָלן זיך האַלטן. אויפן קאָפּ האָט זי קאָקעטיש אָנגעטאָן אַ טיכל מיט געבלימטע קווייטן און דאָס האָט איר צוגעגעבן ווייבלעכן חן.

## מאָניע ווערט אַ שותּף מיט טאָדרעסן

אז די צוויי יאָר קעסט, וואָס אפרים האָט צוגעזאָגט, האָבן זיך געענדיקט, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ תּכלית פאַר זיין איידעם. אפרים האָט געקלערט אז ס׳איז בעסער און לייטישער, אז מאָניע זאָל פאַרדינען חיונה פאַר זיך און זיין יונג ווייבל, בעלאַן. אפרים לאַטיש האָט געהאַט אַ לאַנגן

ישוב־הדעת מיט זיך, וואָס צו טאָן מיט מאָניען. ער האָט אויפגעציטערט ביים געדאַנק, אז זיין איידעם זאָל גאָר דאַרפן ווערן אַ מלמד. ניין, פאַר דעם איז ער צו גוט, האָט ער אָפּגעפּסקנט אין זיין געדאַנק. ער איז געבוירן גע־וואָרן פאַר עפּעס העכערס ווי קנעלן מיט יונגאַטשעס, וואָרעם וויפל פעלט אים אין גאַנצן צו ווערן אַ רב? ניין, קיין מלמד וועל איך אים ניט לאָזן ווערן! האָט ער באַשלאָסן.

איז ער אַוועק צו זיין עלטערן איידעם, מאיר־אליה דער אייזן־קרעמער, פון וועמען ער האָט שטאַרק געהאַלטן, זיך האַלטן מיט אים אַן עצה. פאַר גאַנצע שעהן האָט מען געדרייט אַהין און אַהער, געמאַכט פּלענער, ביז מ׳איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן וואָס האָט אויסגעזען דער בעסטער — זיך דורכשמועסן מיט טאָדרעס דעם אַגענט מכוח מאָניען. אפשר וועט ער אים אריינעמען פאַר אַ געהאַלט אין זיין אַגענטור, אָדער אַמאָל גאָר אין שותפות. מ׳האָט באַשלאָסן אז דאָס מוז בלייבן בסוד סודות, קיינער טאָר ניט וויסן דערפון. און אזוי איז מאָניע געוואָרן די צווייטע האַנט פון טאָדרעס דעם אַגענט, זיין אַדיוטאַנט, ווי טאָדרעס פלעגט אים אין שפּאַס רופן.

אין שטעטל האָט קיינער פון דעם טאַקע ניט געוווסט. מ׳האָט געמיינט אז ער זיצט נאָך אויף דעם שווערס קעסט. און כדי צו פאַרגלעטן יעדן שפּור פון זיין פּרנסה, האָט מאָניע זיך אריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין קהלשער אַרבעט. צו ערשט האָט ער זיך גענומען ארומדרייען ארום חיים דעם גבאי אין בית־מדרש, געוואָרן זיין רעכטע האַנט, און אַ ביסל שפּעטער איז ער שוין געווען גבאי שני. אין ביקור חולים און לינת הצדק איז ער אויך געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער און אַ דעה־זאָגער, ביז ער האָט איבערגע־נומען די פּירערשאַפט. און זיין גרעסטע דערגרייכונג איז געווען, וואָס ער האָט זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגן צו ווערן דער בעל־מוסף אין די ימים־נוראים.

אַ שטיק צייט איידער ס׳פלעגן אָנקומען די פאַרכטיקע טעג האָט זיך שוין מאָניע דער אַגענט געגרייט. ביים ראש השנהדיקן מוסף פלעגט ער זיך שטעלן ביים עמוד אָנגעטאָן אין לאַנגן ווייסן קיטל, איבער דער זיידענער יאַרמלקע פלעגט ער אריבערוואַרפן דעם ברייטן טלית מיט דער זילבער־נער עטרה און אָנהויבן מיט זיין לירישער שטימע אויסגיסן פאַר דעם רבונו־של־עולם דעם הנני העני ממעש. די יידן האָבן דעמאָלט געפילט, אז דאָס זיינען דברים היוצאים מן הלב און זייערע אייגענע הערצער האָבן סיוּוי גע־

ציטערט. מאַניע האָט אויסגעלייגט זייערע טענות מיט געבעט און געוויין און זיי זיינען געווען זיכער אז זיין תפילה וועט אָנגענומען ווערן און זיי וועלן האָבן אַ מחילה וסליחה וכפרה.

## אין חדר מיוחד ביי טאָדרעסן

ביי טאָדרעסן אין חדר מיוחד, ביי פאַרמאַכטע טירן און אראָפּגעלאָזטע פאָרהאַנגען, ווי אין אַלע טעג פון יאָר, זיינען געזעסן מיט טאָדרעסן און מאָ־ניען נאָך צוויי מענטשן: אברהמל דער פּראַטשעשניק און קלמן בולאַן. מ׳איז געזעסן נאָענט צוזאַמענגערוקט, קאָפּ צו קאָפּ, און זיך האַלב געסודעט, ווי עמעצער וואָלט דאָ זיי געקענט אונטערהערן.

„ביסטו זיכער, קלמן, אז דו וועסט טאַקע באַקומען די נייטיקע פּאַפּירן צו פאָרן אין אפריקע?״ האָט טאָדרעס געפּאָרשט קלמנען צום וויפלטן מאָל.

קלמן האָט זיך אָנגעהויבן היציק שווערן, כדי באַגלויבטער צו זיין אין טאָדרעסעס אויגן:

„ווי איך בין אַ ייד, ר׳ טאָדרעס, און זאָל איך אַזוי פון דאַנען ארויס אַ לעבעדיקער, ווי זי האָט מיר ניט לאַנג צוריק געשריבן אז מ׳וועט גלייך ארויסשיקן די פּאַפּירן. דער פעטער האָט זיך אפילו געפרעגט צי איך דאַרף האָבן געלט״.

„ווער האָט געשריבן?״ האָט טאָדרעס איבערגעפרעגט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערגיין דעם אמת.

„וואָס הייסט ווער?״ איז שוין קלמן געוואָרן זיכערער ביי זיך, „טאַקע זי, מיין קרובה פון דער מאַמעס צד״. און קלמן האָט צוגעשמייכלט, ווי ער וואָלט געהאַט אַ סוד דערביי.

אברהמל דער פּראַטשעשניק האָט געזען אז ער דאַרף זיך אריינמישן, כדי צו מאַכן דעם ענין קלאָר:

„איר פאַרשטייט, ר׳ טאָדרעס, זיין פעטערס אַ שוועגערין האָט זיך באַ־קענט מיט קלמנען דאָ אויפן וואָקזאַל. זי איז גראָדע דעמאָלט געפאָרן קיין אפריקע און אפנים זיי זיינען זיך געפעלן געוואָרן. איז אַרבעט דאָס טאַקע איצט איר שוואָגער דאָרטן, וואָס איז אויך קלמנס פעטער, אז ער זאָל קריגן די פּאַפּירן און אים אריבערנעמען אין אפריקע. איר ווייסט דאָך היינטיקע צייטן, ר׳ טאָדרעס, ליובאָוו!...״

ביי קלמנען האָבן זיך ברייט די אויגן צעעפנט. אַ גליקלעכער האָט ער

מיט ליבשאַפט אָנגעקוקט אברהמלען. ווען עס זיינען דאָ איצט קיין פרעמדע מענטשן ניטאָ, וואָלט ער זיך געוואָרפן אים קושן. זיין האַרץ האָט געציטערט פון דעם כישופדיקן וואָרט ליובאָוו.

„און וואָס איז וועגן די אַנדערע רייזע־הוצאות?" האָט זיך מאָניע אריינגעמישט מיט אַ פראַגע און גלייך צוגעגעבן, כדי מ'זאָל אים פאַרשטיין וואָס ער מיינט: „אַ בילעט וועט דאָך אוודאי דער פעטער שיקן".

## קלמן באַרימט זיך

קלמן האָט ארויסגעכאַפּט פון קעשענע אַן אָנגעשטאָפּטן לעדערנעם טייסטער און מיט אַ קלאַפּ עס ארויפגעלייגט אויפן טיש:

„דאָ האָט איר די הוצאות, ר' מאָניע. קלמן האָט געשפּאָרט גראָשן צו גראָשן", האָט ער זיך באַרימט מיט אַ שטאָלצער מינע.

טאָדרעס האָט ווי אויפגעלעבט. ער האָט אפילו קלמנען גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

„מאָלאָדיעץ, קלמן! דאַרפסט וויסן זיין אז הוצאות וועלן זיין ניט קיין געציילטע. די גויים ביים שוואַרצן די גרענעץ. אַ גוי אַהין, אַ גוי אהער און ס'קאָסט אַ סך געלט. קיין פינגער אין מויל דאַרף מען דיר דאָך ניט אריינ־לייגן..." האָט ער אים מיט דעם זאָג אָנגעוווּנקען, אז קלמן זאָל זען ווי ער האַלט פון אים.

„איר זעט דאָך, ר' טאָדרעס, ס'איז דאָ!" האָט קלמן ארויפגעלייגט די האַנט אויפן טייסטער. „און אז מ'וועט דאַרפן, וועט זיין נאָך, ווי איך בין אַ ייד! איך האָב געגנוג גוטע ברידער וואָס ווייסן, אז קלמן בולאַן האָט נאָך ביי קיינעם אַ גראָשן ניט פארנומען. און אויב מ'דאַרף איז נאָך אַ צי מיט דער לייצע, נאָך אַ כוואָטש מיט דער בייטש... אָבער יענעמס איז ביי מיר הייליקער ווי אייגענע. וואָס זאָגט איר, ר' אברהם, איר קענט דאָך מיר", האָט ער אויפגערופן אברהמלען פאַר אַן עדות.

אברהמל האָט זיך דערלאַנגט אַ קער צו דער זייט פון טאָדרעסן:

„איך קען אייך פאַרזיכערן אז קיין געלט וועט קלמנען ניט פעלן. איך אליין וועל געבן וויפל מ'וועט דאַרפן. נאָר פון אייך, ר' טאָדרעס, וויל איך האָבן אַ צוזאָג, אז טאָמער וועלן די פּאַפּירן זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקן און קלמן וועט דאַרפן גיין אין סאָלדאַטן, זאָלט איר אים העלפן ארויסנעמען פון פאָניעס הענט און אריבערפעקלען אויף יענער זייט גרענעץ".

נאָך דעם האָט מען נאָך שטילער גערעדט וועגן פרייזן, און אז מ׳איז דורכגעקומען וועגן מקח האָט טאָדרעס, פאַרן אוועקגיין פון די צוויי קליענטן זיינע, זיי מכבד געווען מיט לעקעך און בראָנפן. אברהמל האָט מיט אַ כיטרע אייגל צוגעווונקען קלמנען ער זאָל זיך ניט צוכאַפּן צו פיל צום פלעשל. קלמן האָט פאַרשטאַנען אברהמלס ווונק און געהאַלטן פאַסאָן. סטאַטעטשנע, מיט די שפּיץ פינגער האָט ער אָנגערירט דאָס גלעזל און מיט די ליפּן צו־ערשט פאַרזוכט, ווי ער וואָלט גאָר מורא געהאַט פאַר דעם. נאָכן אראָפּ־שלינגען א פאָר טראָפּן האָט ער זיך כלומרשט פאַרקרימט, ווי אין זיין לעבן וואָלט ער ניט טועם געווען אַ ביסל משקה. אין שטעטל האָט מען קלמנען קיינמאָל ניט געזען אַ שיכורן און זעלטן ווער עס האָט געוווסט אז ער קען די מלאכה, האָט ער טאַקע געקענט פראַוון דעם אָנשטעל ווען מ׳האָט באַ־דאַרפט.

## קלמן מאַכט ערשט דעם לחיים

אָבער ווי נאָר קלמן איז אריבערגעטראָטן אברהמלס שוועל, האָט ער זיך גלייך פארקליבן אין „קדשי קדשים״ און געבעטן אוועקשטעלן אויפן טיש אַ פלאַש מיטן רויטן בלעטל. איצט האָט ער געהאַט אַ סיבה צו פייערן דאָס דורכקומען מיט טאָדרעס דעם אַגענט. האָט ער גענומען איבערקערן גלעזלעך מיטן דעק ארויף איינס נאָכן אַנדערן. אז אברהמל האָט זיך דער־מאָנט און ארייגעלאָפן צו קלמנען, האָט ער שוין געפונען די פלאַש אַ כמעט פאַרענדיקטע. קלמן האָט אַ צעשמייכלטער אים באַגעגנט און געוואָלט אָנ־גיסן אויך פאַר אים אַ כוסה, האָט אברהמל אַ ריס ארויס געטאָן די פלאַש פון זיין האַנט און זיך בייז צעשריען:

„גענוג, בולאַן, אַ פייער זאָל דיך לייגן. ביסט משוגע געוואָרן? שוין צייט זאָלסט נעמען מיט אַ מאָס!״ און ער איז פלוצלינג אריבער צו אַ רו־איקערן מוסר־טאָן: „פאָרסט דאָך אין דער אין דער וועלט אריין, מוזטו שוין אָנהייבן זיך פירן מיט סטאַט, דאַרפסט ווערן אַ מענטש! אזא חתן־בחור ווי דו דאַרף אַ קלער טאָן, וואָס וועט זי זאָגן אז זי וועט זיך דערוויסן פון דיין געהוי־בענער מעלה — ווי דו גיסט אין לאָמפּ...״

קלמן האָט זיך מיטאַמאָל ווי אויסגעניכטערט. ער האָט ארומגעכאַפּט מיט זיינע הענט אברהמלען און אים אַ דריק געטאָן, אז דער פראַטשעשניק איז שיעור ניט צעקנייטשט געוואָרן:

„גערעכט, ר׳ אברהם, ווי איך בין אַ ייִד, איר זייט גערעכט! מע באַדאַרף אָטסטאַווען, איך מוז אויפהערן און אַן עק זאָל דאָס נעמען! דער קלאָג ווייס מיך פאַרוואָס כ׳האָב זיך איינגעכליאָפּעט אין פלעשל פונקט ווי אין דער...״

ער האָט געוואָלט זאָגן „ווי אין דער מויד״, נאָר ער האָט אָפּגעהאַקט ביים לעצטן וואָרט. אפילו אין זיין האַלב־שיכורן צושטאַנד איז אים עפּעס פאָרגעקומען ווי אַ באַליידיקונג, אז ער זאָל צוגלייכן די גוישע וואָדקאָ צו דער הייליקייט פון זיין ליבע. ווי האָט עס אברהמל ערשט מיט אַ שעה צוריק גערופן: ליובאָוו. און קלמן דערפילט אין זיין שיכרות אז זיין האַרץ גייט אויס נאָך איר... נאָך דער טייערער סאָניע שאַפּיראָ. טאָ ווי טאָקע מעג ער זי צוגלייכן צום פאַרשאָלטענעם שנאַפּס, וואָס ער גיסט אין זיך. און עס ווערט אים קלאָר, אז דאָס וואָס ער טוט איז ניט נאָר אַ חרפּה פאַר אים, נאָר נאָך מער פאַר איר, פאַר דער סאָניע שאַפּיראָ.

און פאַר קלמנס אויגן שוועבט דורך די געשטאַלט פון סאָניען. אים דוכט זיך, אז אָט זיינען זיי אויפן וואָקזאַל, ער העלפט טראָגן איר באַגאַזש. זי שמייכלט און דאַנקט אים. קלמן דערפילט ווי עפּעס אַ וואַרעמקייט גיסט זיך אין זיין האַרצן, צעלאַכט ער זיך און פון געלעכטער פּלאַצט ער ארויס אין אַ געוויין. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן בענקל ביים טיש, דער גרויסער קאָפּ פאַלט אים אַראָפּ ווי מאַכטלאָז און מיט די קולאַקעס הייבט ער זיך אָן בוכטשען אין האַרצן אריין און ברומען:

„ר׳ אברהם, איך פרעג אייך, מיין פריינט ר׳ אברהם, טאַטעלע מיינער, איך פרעג אייך: צו וואָס לעב איך אויף דער חזירשער וועלט? האַ? זאָגט מיר פאַרוואָס נעמט מיך ניט איין קיין מיתה־משונה דאָ אויף אַן אָרט? פאַרוואָס שלאָגט מיך קיין דונער ניט איין? האַ, ר׳ אברהם? אז פאַרברענט זאָל עס ווערן... אז פאַרשרפהט זאָל עס אַלץ ווערן. און איך זאָל אין דר׳ערד אריינגיין!... איך... איך... איך...״

אברהמל האָט קוים איינגענומען דעם בולאַן. ער האָט גערעדט צו אים ווייך, מיט שטילע רייד אים געזאָגט, אז ס׳וועט ניט לאַנג דויערן און ער וועט זיין אין אפריקע. ער האָט אים באגלייט אויף דער קאַנאַפּע, ווי אַ מאַמע טוט עס מיט אַ קליין־קאַפּריזנעם קינד. דער בולאַן האָט נאָכגעגעבן און אברהמל האָט אים אַ ווילע שפּעטער איבערגעלאָזט אַ האַלב־דרעמלענדיקן.

# 15




## טאַטע קעגן זון

נוח זובאַץ איז געווען אַ יינגל, וואָס האָט ליב געהאַט אַ שטיף צו טאָן מיט אַלע חברהניקעס צוגלייך. נאָר וואָס דען? זיין קעפּל איז געווען אַ קאַפּעטשקע גרעסער ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין — ס׳קעפּל האָט זיך אַ ביסעלע צוגעאיילט מיטן וואַקסן אויף די דינע, קינדישע פּלייצקעלעך. וואָלט דאָס נוחן אליין קנאַפּ וואָס געאַרט, אַבי זיין טאַטע, ברוך דער לאַטוט־ניק, זאָל אים נאָכגעבן און לאָזן ווערן אַ קלעזמער. ווייל וואָס מאַכט עס אויס ווי דער קאָפּ איז, ווען די פינגערלעך ציען זיך צום סמיטשיק.

ברוך דער לאַטוטניק לייגט אָבער איין אבער איין וועלטן, אז ער קאָן אים פון זיך און זיין מלאכה ניט אוועקלאָזן. באשר, טענהט ער, די אויגן זיינען אים שוין קאַליע און לעצטנס זיינען זיי אים אזוי מאַט געוואָרן, אז אפילו די גראָבע שפּאַקולן העלפן שוין אויך ניט. בכן, זאָגט ער, אז ס׳איז געקומען אזא טאָג, וואָס ער זעט שוין ניט, ברוך השם, אריינצוציען אַ פאָדעם אין

נאָדל, כאָטש נעם און צייכן אָן מיט אַ קרייטל דאָס לעכל, קען ער אים ניט לאָזן ווערן אַ קלעזמערוק... דעריבער מוז זיך נוחקע ארויסקלאַפּן פון זיין געשוואָלענעם קאָפּ די באַנדורע און אָנהויבן אים העלפן לאַטענען די פויער־שע שערמעגעס. און ברוך לאַטוטניק שטעלט אָן דורך די שפּאַקולן אַ פּאָר גלאָציקע אויגן אויף זיין פאַרעקשנטן תכשיט און קנעלט איין מיט אים הלכות פּרנסה:

„וואָס אַ שטייגער, גראָבער קאָפּ, ווערסטו פּרעסן, אז די איוצעוויטשער גויים וועלן ניט אריינוואַרפן אַ פּודל קאַרטאָפל מיט אַ טאָרבעלע קאָרענע מעל? האַ, זאָג, רייד".

נוחקען אָבער אַרט ניט זיין טאַטנס שערמעגעס, פּונקט ווי ס'אַרט אים ניט זיין איבערגעוואַקסענער קאָפּ — אין זיין האַרצן ברענט איין פאַרלאַנג: ווערן אַ קלעזמער. דאָך פאַרשטייט ער, אז דער טאַטע איז גערעכט. דער משל מיט די קאַרטאָפל און קאָרענעם מעל איבערצייגט אים, ווייל דעם טעם פון הונגער ווייס ער גאַנץ גוט. און אז נוח זעט אז פון זיינע קאַפּריזן וועט גאָרניט ארויסקומען און דער טאַטע וועט ניט נאָכגעבן, איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן און זיך דערטראַכט ווי אזוי אליין זיך איינצושאַפן אַ פידל.

## מאַכט אַ פידל

פּאָר גאַנצע שעהן פלעגט ער זיך ארויסגנבענען פון שטוב און אָפּשטיין אין וואַרשטאַט פון נחום דעם סטאָליער. ער האָט דעם פאַרהאָרעוועטן ייד פאַרביודעט מיט רייד און לסוף אויסגעוויינט אַ פּאָר דינע ברעטלעך. דאָן האָט ער זיך פאַרבאַהאַלטן אין אַ ווינקל פון הויף און ווען קיינער האָט ניט געזען האָט ער אָנגעהויבן עפּעס מייסטרעווען. נאָך לאַנגע שניצענישן און מעסטענישן האָט ער צוזאַמענגעקלאַפּט אַ בייכיק קעסטעלע, וואָס אין זיין פאַנטאַזיע האָט עס אויסגעקוקט ווי אַ פידל. איצט האָבן אים אויסגעפעלט בלויז די סטרונעס, נאָר מיט דעם האָט ער זיך אויך שנעל אָן עצה געגעבן. ער האָט פאַרטרויט זיין סוד בערל אָרע דעם קאָניוכס — באשר, האָט ער אים געזאָגט, אַ פידל האָט ער שוין און אים פעלן איצט ניט מער ווי די סטרונעס, דעריבער וויל ער, נוחקע, אז בערל זאָל אים לאָזן אויסרייסן פון דעם עק פון זיין טאַטנס פערד אַ בינטל לאַנגע האָר. די האָר וועט ער אָנ־ציען אויף דעם פידעלע און אויפן סמיטשיק און דאַן וועט ער שפּילן, וואָס די וועלט האָט נאָך אזוינס ניט געהערט. און אז ער וועט קענען שפּילן

וווּנדערלעכע זאַכן, אין דעם איז ער זיכער. ער קומט טאַקע צוליב דעם אויף אַלע חתונהס. לויפֿט ער טאַקע ניט, ווי די אַנדערע, אָנקוקן חתן־כלה, נאָר ער פֿאַררוקט זיך ערגעץ אין אַ ווינקל און נעמט ניט אַראָפּ די גאַנצע צייט די אויגן פֿון אָשר דעם קלעזמער מיט זיין פֿידעלע. און איצט, כדי צו געוווי־נען בערל אָרעס צוטרוי, דערציילט ער אים דעם סעקרעט, אז דער קונץ פֿון שפּילן אויף אַ פֿידל ליגט ניט אזוי אין סמיטשיק, נאָר טאַקע אין דער לינקער האַנט, אין פֿאָרן מיט די פֿינגער אויף די סטרונעס. און נוח דע־מאָנסטרירט פֿאַר בערלען, אין דער לופֿטן, ווי אזוי מ׳אַרבעט מיט די פֿינגער, ארויף און אַראָפּ. מ׳דאַרף עס קענען!...

בערל אָרעס תמעוואַטער פּנים שמייכלט מיט אַ פּאָר פֿערדישע ציין, וואָס שטעקן ארויס פֿון זיין ברייט צעעפֿנטן מויל. עס געפֿעלט אים דער עסק און ער טוט אַ לאַך, וואָס הערט זיך אָן ווי אַ הירזשע פֿון אַ פֿערד. נוח שווערט זיך, אז ער זאָל אזוי לעבן, ווי ער וועט אויך בערלען לאָזן שפּילן אויף זיין פֿידל, ווען נאָר ער וועט וועלן. זיי ביידע וועלן זיין די קלעזמער, און ס׳וועט גיין אַ גאַנג.

און אויף מאָרגן טאַקע האָבן זיך די צוויי יינגלעך פֿאַרקליבן צו אָרע דעם קאָניוך אין שטאַל, זיך פֿאַררוקט טיף אין די היי און נוח האָט גע־פּרוווט סקריפּן אויף די פֿערדישע סטרונעס, און בערל האָט געהירזשעט פֿאַר פֿאַרגעניגן.

נוח איז אָבער ניט געבליבן צופֿרידן פֿון דער רעפּעטיציע. ווען ער האָט אמתע סטרונעס, האָט ער נאָך דעם געזאָגט בערלען, וואָלט ער גע־שפּילט אויף אַן אמתן, אָט אזוי ווי אָשר. ער ווייס אָבער פֿון פֿייוועלע כאַשע גיטלס די קלעזמערקע, אז אמתע סטרונעס זיינען געמאַכט פֿון עק פֿון אַן אָגער. אפֿילו די סטרונעס פֿון אָשר דעם קלעזמערס פֿידל זיינען אויך פֿון אַן אָגערישן עק.

בערל אָרעס איז אויפֿגעשפּרונגען פֿאַר פֿרייד. אַזאַ מזל! מאָרגן קריגט אריין זיין טאַטע אַן אָגער, וואָס די וועלט האָט נאָך אזא ניט געזען.

## נוח ביים אָגערס עק

אויף מאָרגן, ווי נאָר מ׳האָט אריינגעפֿירט דעם גרויסן אָגער אין שטאַל, האָבן שוין ביידע חברה־לייט ניט אָפּגעטראָטן פֿון דאָרט, און ביז מנחה

למעריב האָבן ביידע יינגלעך זיך אַריינגעשאַרט אין שטאַל אַריין, כלומרשט אָנקוקן דעם אָגער.

דער אָגער, העכער ווי אַלע פערד, מיט אַ ברוינער, גלאַנציק געפּוצטער פעל, איז געשטאַנען איבער אַ קאָרעטע מיט האָבער און געכראָמשקעט מיט הנאה. זיין לאַנגער און שיינער עק האָט ממש פאַרכישופט נוחן. ער האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט, ווי זיין פידל וועט אַ שפּיל טאָן מיט אַזעלכע סטרונעס. דער אָגער האָט זיי אָבער געשראָקן, ווייל פון צייט צו צייט פלעגט ער אַ טראַמפּל טאָן אין דער ערד מיט די הינטערשטע קאָפּיטעס, אויף וועלכע עס האָבן געשיינט פּאָדקעוועס, ווי נייע זילבערנע מטבעות. די יינגלעך האָבן מיט אַ גלאַנץ אין די אויגן געקוקט אויף דעם עק פון אָגער, האָבן זיך אָבער ניט געטרויט צוגיין נענטער. דער אָגער האָט אַ הויב געטאָן דעם עק און זיך אַ שמיץ געגעבן אין זייט און די האָר האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן און אַ שטראַל געטאָן מיט אַ ברוינלעך־שוואַרצן גלאַנץ.

„אוי ווי, ס'אַראַ סטרונעס דאָס וועלן זיין!" האָט נוח אַ שפּרונג געטאָן.

„איצט וועל איך אַ שפּיל טאָן אויף אַן אמת. נו, בערל, לאָמיר אַ נעם טאָן אַ ביסל סטרונעס..."

„איך האָב מורא, נוח, טשעפּע ניט!" האָט זיך בערל דערשראָקן. „ער קען נאָך דערלאַנגען מיט אַ קאָפּיטע און אוועקלייגן אויף אַן אָרט, הער אויף!" האָט בערל געוואָרנט.

„נו, אויב דו ווילסט ניט, וועל איך גיין". האָט נוח געפּרוווט זיך מאַכן קוראַזש, נאָר באַלד האָט ער זיך איבערגעלייגט און צוגעגעבן שוין ווייכער, כמעט זיך בעטנדיק ביי בערלען: „ווייסטו גאָר וואָס, בערל? דו גיי אַריבער צום אָגער פון פאָרנט און גלעט אים אויפן האַלדז, נעם אים אַן ביי דער גריווע און שאַר אים צו קופּקעלעך האָבער — און אַז ער וועט זיין פאַר־נומען מיט דער אכילה, וועל איך דערווייל אַ שלעפּ טאָן פון עק אַ הויפן סטרונעס און פאַרטיק..."

בערלען האָט געציטערט דאָס הערצל און ניט מיט גרויס חשק האָט ער מסכים געווען עס צו טאָן. צום סוף איז ער דאָך אַריבער ביים קאָפּ פון אָגער, זיך געשטעלט לעבן דער קאָרעטע און גענומען גלעטן דעם שטייף זיידיקן האַלדז פון פערד און אפילו געפּרוווט אים איינצונעמען מיט צאַרטע רייד: סוואָי, סוואָי, אָגערל, סוואָי, סוואָי... דאָס האָט געזאָלט אַזוי ווי הייסן: פּאַמעלעך אָגערל, באַזאַכט, ס'וועט ניט וויי טאָן...

מיט אָנגעשטרענגטע בליקן האָט בערל אריבערגעקוקט צו נוחן, ווי ער פארגנבעט זיך אזוי פּאַוואָלינקע צום עק פון אָגער. דערווייל האָט דער אָגער מיט זיינע גראָבע און פייכטע ליפּן ארייגעפּליאַשקעט די זשמעניעס האָבער און מיט הנאה געקייט.

## נוחס סוף

מיט האַרצקלאַפּעניש האָט נוח זיך פארגנבעט צום עק פון אָגער און מיט די דינע פינגערלעך אָנגענומען אַ בינטל האָר, אזוי פּאַרזיכטיק אז דער אָגער זאָל עס ניט פילן. דאַן האָט ער פאַרהויבן דאָס הענטל און מיט זיין גאַנצן כוח אַ צי געטאָן, אָבער די האָר האָבן ניט נאָכגעגעבן. האָט ער זיך פאַרמאָסטן עס צו טאָן אַ צווייטן מאָל, נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן עס צו טאָן, האָט אים אַ בליץ געטאָן פאר די אויגן דער זילבער־בלאַנק פון דער נייער פּאָדקעווע אויף דעם אָגערס הינטערשטער קאָפּיטע און ער האָט דער־פילט ווי עמעצער וואָלט אים דעם קאָפּ פון די פּלייצעס אָפּגעריסן — —

בערל האָט דערזען אז דער אָגער האָט נוחן אזא זעץ געטאָן און ער ליגט אויף דער ערד כמעט אַ טויטער, איז ער ארויסגעלאָפן פון שטאַל און זיך צעשריען איבערן געסל מיט א געוויין: אוי, גוואַלד, גוואַלד, דער אָגער האָט נוחן אוועקגעהרגעט !...

ס'איז געוואָרן אַ טומל און אַן אָנגעלויף ביי אָרעס שטאַל. ווייבער האָבן געקוויטשעט און געוויינט. די ערשטע פּאָר יידן וואָס זיינען אריין אין שטאַל האָבן נוחן געפונען ליגן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד און פאַרגאָסן מיט בלוט. די יידן האָבן דעם האַלב־טויטן יינגל אריינגעטראָגן צו אָרען אין אַן אַלקער און עמעצער איז געלאָפן צו גדליה דעם רופא. גדליה איז שנעל אָנגעקומען מיט זיין רענצל, און סאָפּענדיק פון שטיקל וועג האָט ער זיך מיט זיין שווערן גוף אריבערגעבויגן איבער דעם פאַרבלוטיקטן יינגל און מיט שטיקלעך וואַטע, וואָס ער האָט פייכט געמאַכט פון אַ פלעשל, האָט ער גע־נומען פאַרהאַלטן דאָס בלוט און ארומווישן די ווונדן.

פון אונטער דער בלוטיקער מאַסקע האָט זיך גענומען ארויסשיילן דאָס „צורעכטגעמאַכטע" פּנים פון נוחן. פון הינטער די צעשפּאָלטענע ליפּן האָט גדליה דער רופא דערזען די אויסגעזעצטע פאָדערשטע ציינדלעך. דאָס נעזל איז געווען צעפּליאָשעט און אוועקגעדרייט אָן אַ זייט. דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם אָטעמען און געעפנט די פאַרלאָפּענע אייגעלעך.

„גאָט צו דאַנקען, אַבי ער האָט אים ניט אויסגעזעצט די אויגן און גע־שפּאָלטן דעם מוח!" האָט גדליה גערעדט צו זיך מער ווי צו די ארומיקע. „אַ נס איז מיט דעם יינגל געשען — ברוך דער לאַטוטניק וועט דאַרפן גומל בענטשן..."

## דער טאַטע איז גאָר צופרידן...

ברוך האָט אָבער געטראַכט אַנדערש ווי גדליה דער רופא. ווען מ'האָט נוחן אריינגעטראָגן אין דער כאַלופּע פון טאַטן, איז ער גראָדע געזעסן מיט אַ הילצערנעם לעפל איבער אַ טעפּל קרופּניק און זיך געלאָזט ווילגיין... ווען ער האָט דערזען נוחקען אַ פאַרבאַנדאַזשירטן, האָט ער אויף גדליה דעם רופא מיט די צוויי יידן, וואָס האָבן געטראָגן זיין תכשיט, אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגאַפּנעס פון הינטער די שפּאַקולן און ער האָט זיך קוים איינגע־האַלטן ניט מכבד צו זיין זיין זינדל מיט דעם הייסן פּרעס־אייזן. אין לאַ־טוטניק האָט זיך נאָך מער צעברענט די יוכע, אז ער האָט געהערט פון רופא וואָס ס'האָט פּאַסירט, און ער האָט קורץ אָפּגעפּסקנט:

„כאַפּט אים די כאָליערע! האָט זיך אים ניט געזאָלט גלוסטן צו ווערן אַ קלעזמערוק".

גדליה דער רופא האָט אים אויסגעמוסרט פאַרוואָס ער שילט דאָס קינד:

„אייער יינגל, ר' ברוך, איז פון טויט לעבעדיק געוואָרן. איר דאַרפט בענטשן גומל, וואָס ער קען נאָך האַלטן אָפן די אייגעלעך. ער איז זייער קראַנק".

דאָ האָט שוין ברוך זיך ניט געקענט איינהאַלטן און ארויסגעשאָסן:

„קראַנק איז ער געווען ווערן א שניידער, ווי דער טאַטע, און מיר העלפן לאַטענען די פויערישע שערמעגעס. ער וואָלט געוואָרן א גוטער בעל־מלאכה. האָט זיך אָבער אין אים א שד אריינגעכליאַפּעט, ווערן א קלעזמערוק. ער איז קאַפּאַבל געווען אַ מיתה משונה איינצונעמען, נאָר צו קענען אַ דרימזע טאָן מיט אַ סמיטשיק. נו, האָט אים דער אָגער געגעבן אַ שמיץ מיטן סמיטשיק, אז ער וועט שוין איצטער כאָליען, ער וועט מוזן ווערן אַ שניידערוק אַנשטאָט אַ קלעזמערוק. אַ מיתה משונה האָט אים געזאָלט נעמען איידער ער איז גע־קומען צום פּערדס עק!..."

נוח איז געלעגן. אין עולם התוהו און ניט געהערט און ניט געוווסט פון זיין טאַטנס רייד. די יידן האָבן זיך דערוויל ארויסגעשאַרט, און גדליה דער רופא האָט אָנגעזאָגט דעם טאַטן אז ער זאָל פונדעסטוועגן אויפפאַסן אויפן יינגל, האָט געווונטשן אַ רפואה שלמה און איז אויך אַוועק.

נוח איז געלעגן און ווי אַ פייגעלע ארויסגעפּיפּטשעט דינע קרעכצעלעך. ברוך האָט זיך אריבערגעבויגן איבער אים, פאַרגעסן וואָס ער האָט נאָר וואָס געזאָגט און זיין טאַטעשע האַרץ איז געוואָרן צענומען פון קינדס ווייטיק.

## נוח דערקענט זיך ניט

נוח, נאָכן אָפּליגן אַ פּאָר חדשים מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירט און מיט שמי־רעכצן פאַרקלעפּט פּנים, איז צום ערשטן מאָל אַראָפּ פון בעט. ווען דער טאַטע איז ארויס פון אַלקער האָט ער זיך אויפגעהויבן, קוים מיט מאַטערניש ארויפגעקראָכן אויף דער טאַבורעטקע און געכאַפּט אַ קוק אויף זיך אין דעם פאַרגעלטן שפּיגל, וואָס איז געהאַנגען ביי דער סטעליע. אז ער האָט דערזען זיין פּנים האָט אים דער אָטעם פאַרכאַפּט און ס׳איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: זיין פּנימל איז געווען אַ צעקרימטע מאַסקע — און ער איז אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן געיאָמער.

פון יענעם טאָג פלעגט נוח זיך אַראָפּכאַפּן פון בעט, ארויפקריכן אויפן בענקל, קוקן אויף זיין פּנים און וויינען. ער האָט אויף זיין אייגן פּנימל רחמנות געהאַט. עס איז געווען דער זעלבער נוח מיט אַן אַנדער פּנים, וואָס האָט אים אליין געשראָקן. ער האָט זיך ניט דערקענט: די ליפּ אויבן האָט זיך צעטיילט אויף צוויי, מיט אַ לאָך אין מיטן, ווי צוויי רויטע פליימעלעך, און הינטער זיי אַ פּוסט פינצטער לעכל, וואָס דאַרף זיין א מויל. זיין נאָז איז געוואָרן ברייט און פלאַטשיק, ווי א רוי שטיקל פלייש מיט צוגעקלעפּטע נאָז־לעכער. ער האָט זיך אָנגעהויבן שעמען און געזוכט מיטלען ווי צו פאַרדעקן און פאַרשטעלן די צרות. מיט זיין אונטערשטער ליפּ האָט ער געפּרוווט פאַרשטעלן די פּוסטע לאָך פון דער אויבערשטער ליפּ. ער האָט געהאַלטן ס׳קעפּל ארונטערגעבויגן, אז קיינער זאָל אים ניט זען און ער זאָל אויף קיינעם ניט דאַרפן קוקן.

איצט, מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ און אָן די פאָדערשטע ציינער, האָט זיך זיין קול אויך געענדערט, אז ער אליין האָט עס ניט דערקענט. עס איז ארויסגעקומען ווי מיט אַ דינעם סוויסטש, ווי פון אַ פּוסט פייפל. ער האָט

זיך געפילט פאַרשעמט און פלעגט זיך כסדר באַהאַלטן אין אַלקער. ער פלעגט זיך ארומדרייען אין דער ענגער כאַלופּע און ניט וויסן ווי ער וועט זיך ווייזן אין גאַס פאַר זיינע חברים. ער האָט אָנגעהויבן צוהעלפן דעם טאַטן מיטן לאַטענען די שערמעגעס, אָבער פאַר לאַנגע חדשים האָט ער זיך אין גאַס ניט געוויזן.

אז ער האָט זיך לסוף געיאַוועט אין געסל, האָבן אים די ווייסע חברה־ניקעס נאָכגעקרימט און אים אַ נאָמען געגעבן זובאַק. פון דעמאָלט אָן האָט קיין איינער אים ניט גערופן ביי זיין אמתן נאָמען, נאָר זובאַק, און פאַר נוחן האָט זיך געענדיקט די וועלט. פון אַ קלעזמער ווערן האָט שוין נוח מער ניט געקלערט, ווייל ער האָט געוווסט אז מיט אזא פנים ווי זיינעם קען מען קיין מוזיקאַנט ניט ווערן. אים האָט נאָר פאַרדראָסן וואָס זיינע אַמאָליקע חברים טשעפּן זיך מיט אים און זיי מיידן אים אויס. פלעגט ער זיצן אַ צו־געשמידטער צום שניידערשן וואַרשטאַט און גאַנצע טעג איז די נאָדל גע־פלויגן אין זיינע נאָך קינדישע פינגערלעך.

אז נוח איז עלטער געוואָרן איז אים צו זיין שיין פנים צוגעקומען אַ חולאת: „די פאַליקע". פון וואַנען דאָס האָט זיך פלוצעם גענומען האָט אפילו גדליה דער רופא ניט געקענט דערקלערן. ס'איז גענוג געווען, אז עמעצער זאָל אים מאַכן אין כעס, האָט זיך גלייך שוים באַוויזן אין די ווינקלען פון זיין מויל, זיין אונטערשטע ליפּ האָט אָנגעהויבן צופּן און ציטערן, די אויגן פלעגן ווערן גלאָציק, כמעט איבערגעקערט, און ער פלעגט אַ פאַל טאָן אויף דער ערד מיט אַ רעווען און קוויטשן, הענט און פיס פלעגן אים נעמען וואַרפן און דער גאַנצער גוף פלעגט קאָנוולסירן.

דעמאָלט האָט קיינער ניט געטאָרט צוגיין צו אים אָדער אים אָנרירן. אַ היפּשע ווײַלע שפּעטער פלעגט ער אָן כוחות בלייבן ליגן שטיל, פלעגט לאַנגזאַם עפענען די אויגן, און א בלאַסער, אַ פאַרשעמטער פלעגט ער זיך קוים אויפהויבן. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ פלעגט ער זיך לאָזן אין שטוב אריין און שוין בלייבן דאָרט פאַר אַ גאַנצן טאָג.

## נוח ווערט אַ פריזיוניק

נוח האָט אָבער שטאַרק דערוואַרט די צייט, ווען ער וועט זיך דאַרפן שטעלן צום פּריזיוו. ער האָט טאַקע געוווסט אז מ'וועט אים ניט אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט, אָבער דאָך וועט ער זיין אַ נאָוואָבראַנעץ און דאָס איז געווען ביי

אים דער שענסטער חלום. בעת ער וועט זיך דאַרפן צושטעלן מיט אַלע נאָ־וואָבראַנצעס אין דער פריסוטסטווע, וועלן זיי, די יידישע נאָוואָבראַנצעס, אים מוזן ארייננעמען און פאַררעכענען מיט אַלע צוגלייך.

אז די נאָוואָבראַנצעס האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן אין דעם טאָג פון פריזיוו ביי קאָמיענעצקין אויפן ראָג, האָט זיך נוח זובאָץ אויך געיאָוועט. איז געוואָרן אין רעדל אַן אומצופרידענע מורמלעניש. משהקע קופעצעס זינדל און שמואליק דער נאַטאַליזער, האָבן זיך פאַרקרימט, דערזעענדיק נוחקען. אויך אַנדערע האָבן ניט פאַרטראָגן דעם זובאָץ מיט זיין „פאַליקע״. האָט מען ארויפגעקוקט צו קלמן בולאַן, וואָס פאַר אַ מינע ער וועט מאַכן. זיי האָבן געוווסט, אז דעם פסק וועט ער ארויסגעבן. האָט קלמן א בייזן בליק געוואָרפן אויף די באַלעבאַטישע כניאָקעס און זייערע נאָכלויפער און אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויטאָריטאַטיוון באַפעל צו חברה פריזיוניקעס:

„יאַטן, מ׳וועט נוחקע זובאָץ ארייננעמען אין דער חברה — ער איז אויך אַ נאָוואָבראַנעץ. און אז גאָט האָט אים געשטראָפט און געמאַכט פאַר אַ קאַליקע איז וואָס — איז ער שוין קיין יאַט ניט? ער וועט אונדז נאָך גוט צונוץ קומען, נוחקע. און ייחוס איז ביי אונדז פריזיוניקעס ניטאָ, ווי איך בין אַ ייד!״ און ווי ער וואָלט געוואָלט באַשטעטיקן זיינע רייד, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן נוחן איבער דער פּלייצע, אז יענער האָט זיך אזש אַ קרים געטאָן פאַר ווייטיק, און א זאָג געטאָן צו אים: „נוחקע, דו גייסט מיט מיר און מיט געצלען, דו הערסט, נוח! און האָב איך דר׳ערד אַלע יאָלדן!״ מיט דעם האָט קלמן בולאַן פאַרענדיקט, — דאָס האָט געזאָלט הייסן, אז ער וועט שוין אויפפּאַסן אז די באַלעבאַטישע זינדלעך זאָלן דאָ ניט מאַכן שבת פאַר זיך.

נוח איז געוועןן גערירט פון קלמנס פאַרטיידיקן אים, אז פאַר שמחה האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. ער האָט אַן אויפגערעגטער זיך געקלאַפּט אין האַרצן און ארויסגעפּאָנפּעט אין זיין פייפנדיקן לשון, אז ער וועט פאָלגן קלמנען אין פייער און וואַסער — זאָלן אזוי אַלע נאָוואָ־בראַנצעס דאָ ארויסגיין פריי פון פאָניעס הענט...

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט נוח זובאָץ האַרציק געלאַכט צו־זאַמען מיט די בלאַטע פריזיוניקעס. די באַלעבאַטישע זינדלעך האָבן זיך איינציקווייז אוועקגעשאַרט אומצופרידן, נאָר קלמן האָט הנאה געהאַט וואָס ער האָט זיי אָנגעריבן אַ מאָרדע.

# 16

# פריזיוניקעס



די צייט פון שטעלן זיך צום פריזיוו האָט זיך דערנענטערט. רעקרוטן האָבן זיך געװמען חברן, פריינדלעך, קלעפּן איינע צו די אַנדערע. קלמן האָט זיך באַקאַנט מיט שטעטלשע פריזיוניקעס, יונגעלייט אין זיין עלטער, מיט וועמען ער האָט אין זיין לעבן ביז דעם טאָג קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַלע די בחורים האָבן געקוקט אויף קלמנען מיט דרך־ארץ.

משה קופּעצעס בן־יחיד, אַ דאַר בחורל מיט רויט ארומגעליאַמעוועטע אויגן, האָט געקוקט אויף קלמנען ממש מיט האַרץ־קלאַפּעניש. ער האָט פּאַרזיכטיק באַטראַכט יעדן קער און ריר קלמנס, האָט אים ארייגעקוקט אין די אויגן ווי אַ געטריי הינטל. ער האָט זיך צו קלמנען געלעקט און געחנפעט, אויב ער האָט עס געדאַרפט און אויב ניט.

אין קלמנען האָט עס דערוועקט אַן עקל און ער האָט מיט אַ ווידערגע־פיל זיך אָפּגעדרייט פון אים. די איבערגעטריבענע פריינדשאַפט און אונ־טערטעניקייט פון רייכן זינדל, האָט קלמן געוווּסט, איז ניט ערלעך, און דאָס וואָס ער רעדט מיינט ער ניט. אזעלכע ווי משה קופּעצעס זינדל זיינען גע־

ווען נאָך, און צו זיי אַלעמען האָט קלמן קיין צוטרוי ניט געהאַט. אָבער אנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט זיי, האָט ער בכלל קיין אכט ניט געלייגט ניט אויף זיי, ניט אויף זייערע רייד.

פאר זיין בעסטן חבר צווישן די נאָוואָבראַנצעס האָט קלמן זיך אויס־געקליבן געצל שמושטשיכעס, אַ פריזיוועניק וואָס האָט זיך זיין גאַנצן לעבן גע־האָדעוועט אָן אַ טאַטן, אזוי ווי ער, קלמן, און וואָס האָט זיך אויך, נאָך פון קינדווייז, ארומגעדרייט ארום די פערד־הענדלער אויפן מאַרק. איז קלמן גע־וואָרן דער גלאַוונער אָנפירער פון די נאָוואָבראַנצעס, און געצל — זיין אדיו־טאַנט, און צו זייער וואָרט האָבן זיך אַלע פריזיוועניקעס געדאַרפט צוהערן.

## אין אַן אָסיען נאַכט

שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך געיאָגט איבערן הימל, זיך געטראָגן מיט רוגזה און פאַרדעקט ווו נאָר אַ שטיקל ווייסער פלעק, ביז זיי האָבן פאַר־ווישט דאָס לעצטע צאַפּלדיקע שטערנדל. איבערן שטעטל האָט זיך אויס־געלייגט אַ שווערע פינצטערניש, ווי אַ מעכטיקע האַנט וואָלט זיך אויף אים ארויפגעדריקט. נאָר ערגעץ אין מרחקים האָט נאָך געציטערט אַ דין שטריי־פעלע ווייסקייט, וואָס די כמאַרעס האָבן עס בשום אופן נישט געקאָנט איינ־שלינגען.

דאָס דראָבנע רעגנדל האָט שוין אזוי געטריפט דעם גאַנצן לאַנגן אָוונט. אין דער שטאָק־פינצטערניש האָט זיך קיין מענטש ניט געטרויט ארויסצו־גיין אין דרויסן. דורך די נאַס־שמוציקע שייבלעך האָבן אומעטיק געטאַנצט די פלעמלעך פון די פאַרקאָפּטשעטע לעמפּלעך, ווי דורך פאַררויכערטן גלאָזבראָך. שנירעלעך וואַסער האָבן גערונען.

די געסלעך זיינען טיף אין בלאָטע. אַנטקעגן דעם מאַטן שיין פון די שטוביקע לעמפּלעך רעפלעקטירן זילבערדיק־בלאַס די ריטשקעלעך, ווי לאַנגע דינע פעדעם. די מענטשן וואָס מוזן גיין אין אַ שליחות, אָדער קומען שפּעט פון בית־מדרש פון אַ שיעור, צי אַנדערע גענג, פאַלן אריין אין די טונקעלע שטיבער דורכגענעצט ביז צום ביין, מיט פייכט־פאַרשוויצטע פנימער, און די בגדים שווער אָנגעזאַפּט מיט פייכטקייט, אזש אויסצודרייען.

אויף דער גאַס איז אָבער שווער צו דערקענען אַ מענטשלעך געשטאַלט, נאָר ווי גייסטער וואָלטן ארומגעבלאָנדזשעט אין חושך. דערפאַר באַוועגן זיך די מענטשן לאַנגזאַם, מיט אַ לאָמטערן אין איין האַנט, און אַ שטעקן

אין דער צווייטער. מיטן עק פון אייזערנעם שטעקן פּרוווט מען ערשט אויס דעם וועג, מ׳טוט אַ קלאַפּ צי עס קלינגט ניט אָפּ אַ שטיין צי אַ ציגל אין בלאָטע, אויף וואָס ארויפצוטרעטן. ייִנגערע מענטשן שפּרינגען אריבער קונציק די גלאַנציקע ריטשקעלעך, עלטערע בראָדזשען מיט שווערע יוכ־טענע שטיוואַלעס דורך די געדיכטע בלאָטעס, און פראַנטן, מיט פּאַרקאַ־שערטע קאַלאָשעס און מיט פיינע גומענע קאַלאָשן, שפּרייזן ווי אויף קוילן, כדי ניט אָנצושעפּן דאָס פאַרבלאָטיקטע וואַסער אין די רויט־אויסגעבעטע קאַלאָשן. אויב עס גייען אַ פּאָר יונגאַטשעס, צי ישיבה־בחורימלעך, האַלטן זיי זיך ביי די הענט, טאַקע זיך ניט צו פאַרלירן אין דער פינצטער, אָבער אויך כדי ארויסצוהעלפן איינער דעם צווייטן פון דער סכנה צו בלייבן שטעקן מיט אַ פוס אין בלאָטיקן וואַסער.

אין דער אָסיען נאַכט אָבער באַוועגן זיך פריי די פּריזיוועניקעס. זיי פּילן זיך העלדיש און מעסטן די גאַסן מיט זייערע שטיוול מיט די הויכע כאָלאַוועס. בלאָטע, ניט בלאָטע — זיי שפּרייזן דרייסט דורך דער געדיכטקייט אונטער זייערע פעסטע יונגע פיס, און האָבן הנאה פון אומאויפהעריק זיך זיפּנ־דיקן רעגן.

קלמן בולאַן פאַרויס, ווי דער גלאַוונער פון די פּריזיוועניקעס, און הינטער אים שלעפּט זיך נאָך אַ גאַנצע כאָפּטע. זיי שפּרייזן מיט האַסטיקע טריט, אויסגעמושטירט אין שורות און מיט דער חשיבות פון זעלנערישער וויל־יונגערישקייט. זיי גייען איצט צו ביירעך שולקעס דעם פאָטאָגראַפטשיק אין צימער.

## ביירעך דער פאָטאָגראַפטשיק

ביירעך איז אויך פון דער קאָמפּאַניע פּריזיוועניקעס. ער איז אַ הויכער בחור מיט אַ לאַנגער טשופּרינע און טראָגט פּענסנע. ער רעכנט זיך אין שטעטל פאַר אַן אינטעליגענט, אָבער צום בעסטן פילט ער זיך צווישן בעלי־מלאכות. ער ווייס מיט זיי ווי אומצוגיין און זיי קוקן אויף אים ווי אויף אַן אייגענעם, ווייל ער האַלט זיך ניט גרויס ווי די אַנדערע שמינטעליגענטן.

ביי קאַמענעצקין אויפן ראָג האָט מען אים שטענדיק געקענט זען צווישן די שוסטערס און שניידערס אין מיטן אַ רעדל. זיין מאַמע די אלמנה, שולקע, איז אַ געוועזענע מיוחסת, און זי האָט זייער ניט געוואָלט ליידן וואָס איר זון

חברט זיך מיט אַבי וועמען. זי האָט אָבער גאָרניט געקענט אויספירן ביי אים, כאָטש זי פלעגט אים אָפט דערמאָנען:

„ווען דיין טאַטע, זכר צדיק לברכה,וואָלט פלוצלינג אויפגעשטאַנען פון קבר און געזען מיט וועמען, ווי איז מיר, זיין זון חברט זיך, וואָלט ער חלילה נאָכאמאָל געשטאָרבן. קענסטו זיך ניט צוקלייבן קיין באַלעבאַטישע חב־רים ?" פלעגט זי אים צוואַרפן איר טענה.

בייראַך פלעגט אָבער צוריק טענהן, אז ער זעט ניט אין זיין חברן זיך מיט אָרעמע און ערלעכע מענטשן קיין פאַרברעכן. און אויך ער פלעגט „נעמען צו הילף" דעם טאַטן:

„אדרבא, דער טאַטע וואָלט גאָר צופרידן געווען פון דעם, ווייל דער טאַטע עליו השלום איז געווען אַ קלוגער און ערלעכער ייד. פאַר זיין לעבן האָט ער זיך אויך מיט יעדן איינעם, אָן איבערקלייבעניש, געחברט".

און הגם ער האָט געהאַלטן זיין מאַמען בכבוד, האָט ער אָבער מיט דעם ניט געוואָלט איר נאָכגעבן.

אז חברה פריזיוניקעס זיינען דורכגענעצטע און פאַרבלאָטיקטע אריינ־געפאַלן צו בייראַך שולקעס אין צימער, האָבן זיי שוין דאָרט געטראָפן די מאָרעניקעס (וואָס צערן זיך). יענקל מעכליוק איז געזעסן אויבן אָן און מיט התפעלות אויסדערציילט די נייעס, אז ניט געקוקט וואָס אכטעמיעוו האָט ארויסגעשיקט די פירער פון „בונד" קיין אַרכאַנגעלסק, פונדעסטוועגן עקט זיך ניט די וועלט. מ'הערט כסדר אז אין „לייטישע שטעטלעך" טוט זיך נאָך אַלץ עפעס, מ'אַרבעט „פאָד פּאָלניע". ער, מאַכליוק אליין, שווייגט אויך ניט — אָט האָט ער זייער גרעט־וועשעריין אָפגעגעבן אַן אַגיטאַציע און האָט איר אָנגעלערנט צו פאַרלאַנגען פון זיין טאַטן מער געלט פאַר איר אַרבעט...

מיטן ארייגרייסן זיך אין צימער פון קלמן בולאַן מיט זיין חברה פרי־זיווניקעס, איז יענקל מאַכליוק שטיל געבליבן. דאָ האָט עס איצט געדאַרפט פאָרקומען די פאַרזאַמלונג פון אַלע פריזיוויניקעס, כדי אויסצואַרבעטן דעם חשבון וויפל געלט מ'וועט דאַרפן היינטיקס יאָר פאָדערן ביי קהל, און אויך ווי צו פאַרטיילן די סומעס אויף אַ יושרדיקן אופן.

קיין חלוקי־דעות זיינען ניט געווען, ווייל קלמן בולאַן האָט שוין גלייך אין אָנהייב אָפגעפסקנט אז פון קאַראָבקע דאַרף מען קריגן כך וכך, און אַלץ זאָל פאַרטיילט ווערן אויף גלייכע חלקים צווישן אלע נאָוואָבראַנצעס, וואָס וועלן אָפגעגעבן ווערן פאַר סאָלדאַטן.

„קיין יחסנים זיינען ביי אונדז ניטאָ, אַלע גלייך, איר פאַרשטייט ?" האָט קלמן געהאַקט אויף זיין פשוטן לשון. „און פון די ווייסע בילעטן וועט מען נאָכדעם רייסן אַ פּאַס !", האָט ער געשריען און געקוקט צום ווינקל וווּ משהקע קופּעצעס בן־יחידל איז געזעסן.

אַלע האָבן מסכּים געווען מיט קלמנס רייד : געדעכט, בולאַן, געדעכט : האָבן זיך דערטראָגן קולות פון אַלע זייטן. און מיט דעם איז געווען געענ־דיקט די פאַרזאַמלונג. די מאָרעניקעס האָבן זיך גלייך גענומען אויסטאַשן; אַ טערטל־מערטל.

## קלמן מיט זיינע יאַטן

קלמן האָט מיט ווידערווילן און עקל זיך צוגעקוקט ווי די מאָרעניקעס זיינען פאַרטיפט אין די קאָרטן. ער האָט געזען ווי דער שפּיל ווערט אַלץ מער האַזאַרטנער און די מענטשן אַלץ מער נערוועזער ; ווי איינער וויל אריבערכיטרעווען דעם צווייטן ; ווי מען טרעט זיך אָן אונטערן טיש מיט אַ פוס, מ׳גיט זיך איבער צייכנס ווי ארויסצונאַרן די פּאָר גראָשן פון די יאָלדן. האָט קלמן אַ ווונק געטאָן צו געצלען מיט נוח זובאַצן און אָן אַ זיי געזונט האָבן זיי זיך אַלע דריי ארויסגערוקט. די פינצטערניש האָט זיי פאַרשלונגען. זיי האָבן געשפּרייזט שווייגנדיקע צו אברהמל פּראַטשעשניק אין שענק אריין.

„איר פאַרשטייט, יאַטן", האָט קלמן, אַן אויפגעמונטערטער נאָך די ערשטע פּאָר גלעזלעך, אָנגעהויבן אויפקלערן זיינע מיטטרינקער, „דאָס מאָרן זיי זיך, די יאָלדן, אז מ׳זאָל זיי באַפרייען, זיי ווילן ניט אַנדערש קומען קראַנ־קע אין פּריסוטסטווע. זיי זיינען זיכער אז זיי וועלן ארויס פון פּריזיוו. זיצט מען גאַנצע נעכט און קיין אויג מאַכט מען ניט צו, מ׳עסט אויף גאַנצע קאָ־שיקעס מיט זויערע עפּל, מ׳זופּט שטאַרקע טיי מיט עסיק און מען שפּילט אין קאָרטן. טאָ וואָס פעלט זיי, די גבירישע ניבזהניקעס, אז טאָן טוט מען קיין זאַך ניט, גאַנצענע טעג שלאָגט מען זיך קאָפּ אָן וואַנט, און אז מע פאַר־שפּילט די עטלעכע רובל גיט באַלד דער טאַטע אנדערע. וואָלטן זיי אָבער פּרווון פאַרדינען אַ קאָפּיקע, ווי אַ נאַש בראַט, וואָלטן זיי זיך ניט וואַרפן אזוי גרינג מיט די האַלבע רובלדיקע". און אראָפּזופּנדיק נאָך אַ גלעזל גיט בור־לאַן אַ זאָג מיט פאַרדרוס : „עס קומט זיי אָן גרינג, טראָסצע ליכאַ מאַטערי !"

קלמן בולאַן קלאַפּט אַ גלעזל צו אַ גלעזל מיט זיינע צוויי חברים און

רעדט מיט כעס וועגן די ליידיק־גייערס, וואָס ווילן זיך אויסקויפן פון פרי־זיוו אויפן חשבון פון די אָרעמע ייִנגלעך. ער שילט און זידלט אזוי לאַנג ביז פון דער פלאַש קוועטשט מען ארויס דעם לעצטן טראָפּן און זי בלייבט שטיין אויפן טיש ליידיק און טרוקן.

ווען די טראַיקע האָט פאַרלאָזן אברהמלס שענק איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער רעגן האָט אויפגעהערט. פון די וואָלקנס איז שוין לאַנג קיין זכר ניט געווען. זיי זיינען געגאַנגען וואַקלדיק. אין דער בלאָטע האָט געזילבערט דער לבנה־סערפּ פון הימל, ווי אין אַ שפּיגל. זיי האָבן מיט זייערע טריט פאַנאַנדערגערירט די ריטשקעלעך און דער סערפּ האָט זיך צעשאָטן אין צעריסענע זילבער־פּעדעמלעך ביי יעדן שפּרייז זייערן.

קלמן בולאַן אין מיטן, פאַרלייגט מיט די הענט אויף די אַקסלען פון זיינע חברים איןביידע זייטן, האָט געפילט אז זיי זיינען טויט־שיכור, און האָט ווי אַ געניטער אַלטער טרינקער זיי געפּרוווט אונטערהאַלטן. זייערע שיכורע קולות האָבן פאַרקלונגען דעם מאַרק און די געסלעך ארום מיט אַ רוסיש ליד „פּאָסליעדני ניניעטשנאָ דינאָטשעק״.

קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז ניט געווען אין גאַנצן ארום, נאָר אין די שוואַרצע שויבן האָבן זיך פלעמלעך ציטעריק צעפינטלט, שרעקעוודיקע נעזער האָבן זיך צוגעדריקט צו די שייבלעך צו זען ווי די שיכורע פּריזיוו־ניקעס גייען און פאַרשווינדן...

## אין פּריסוטסטווע

עס איז שוין געווען נאָך די יום־טובים. די סוכות זיינען געשטאַנען פאַראומערטע און דער סכך איז געהאַנגען איבער די ווענטלעך ווי צע־קאָלטנטע אָפּגעקראָכענע האָר. די זון האָט זיך גאַנצע טעג כמעט ווי ניט באַוויזן. איבערן קאָפּ זיינען געהאַנגען בליי־אָנגעגאָסענע כמאַרעס, אָט, אַ רגע נאָר און זיי וועלן פּלאַצן און די וועלט פאַרגיסן.

אַ קאַלטער ווינט איז פון ערגעץ אָנגעפלויגן און האָט אָנגעהייבן טרייבן די האַרבסט־בלעטער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ביי די פּאַרקאַנעס. ער האָט זיי צוזאַמענגעיאָגט אין אַ געדריי, ווי אין אַ ווילדן קאַראַהאָד. אין די גאַסן האָט זיך דערהערט אַ געפּויק און געקלאַפּעריי פון די ניט גוט פאַר־ריגלטע לאָדנס. ווו דער ווינט פּאַקט נאָר אזעלכע לאָדנס, לאָזט ער זיי שוין ניט אָפּ און שפּילט מיט זיי אַ משוגענעם שפּיל פון געקריץ און געגריליץ

אויף די פאַרראָסטע זאַוויעסעס. בלעכענע שילדעלעך, וואָס הענגען אויף פאַרזשאַווערטע שוואַרצע דראָטן, האַלט דער ווינט כסדר אין רייסן, אַזוי לאַנג ביז ער גיט זיך אַן עצה מיט איין דראָט. אַז ער נעמט זיך צום צווייטן דראָט, דערזעט אַמאָל דער קרעמער די סכנה און ער נאָגלט צו דעם שילד צו דער וואַנט אַזוי, אַז ער זאָל שוין פאַר קיין ווינט ניט מורא האָבן...

אין דעם ווינטיקן באַגינען זיינען אַרום פּריסוטסטווע פאַרזאַמלט אַלע פּריזיוויניקעס. אָן אַ שיעור יונגע שקצים פון די אַרומיקע דערפער זיי־נען אָנגעקומען. זייערע פּעלצענע קורצע פוטערלעך זיינען פאַרגאַרטלט מיט געלע האַרטע רימענס. זייערע היטלען מיט די גלאַנציקע דאַשיקעס זיינען ווויליונגעריש אָנגעטאָן אויף אַ זייט; טייל טראָגן שוין ווינטערדיקע קוטשמעס, און ביי זיי אַלע שטעקן אַרויס בלאָנדע פּיאות, קונציק אויסגע־דריידלט און פאַרקאָמט אַרויף, איבערן זייט פון די היטלען.

יידישע פּריזיוויניקעס שטייען באַזונדער, אין גרופּקעלעך. מ׳רעדט ווייניק, נאָר מען טרייסלט זיך אונטער פון קעלט און — פון שרעק פאַר דער פּריסוטסטווע. קוקן די שקצים מיט בייזע אויגן אויף די „זשידעס״, און די יידישע בחורים קוקן זיך איבער מיט שרעקעוודיק־צעטומלטע בליקן.

ביי משהקע קופּעצעס בן־יחידל איז דאָס פּנים בלייך און איינגעצויגן ווי אַ פייג. דאָס דריי חדשימדיקע מאָרען זיך איז אויף אים שטאַרק קענטיק. די אויגן, אַרומגעלילאַמעוועט מיט שוואַרצע רינגען, זיינען רויט און אָנגע־שוואָלן. ער האַלט זיך קוים אויף די פיס. האָט אים גראָדע דערקענט אַן איז־צעוויטשער שייגעץ, וואָס האָט זיך דערמאָנט אָן אַלטע קריוודעס, און אים דורכבויערנדיק מיט אַ פּאָר גליאיקע אויגן האָט ער גרינגשעציק צו אים אַ זאָג געטאָן:

„היי, קופּטשיק, שיווריש, ליכא מאַטערי טוואָיא, זשיד פאַרכאַטי״.

(היי, סוחרל, טרייסלסט זיך, אַ רוח אין דיין מאַמען, פאַרכעוואַטער זשיד).

## אָנלערנען די זשידעס...

די דאָזיקע זידל־ווערטער זיינען געקומען ווי אַ שטרענגער אָנזאָג, אַז איצט איז די פּאַסיקסטע צייט זיך אָפּצורעכענען מיטן רייכן יידישן זינדל. משהקע קופּעצעס זינדל האָט זיך געדוכט, אַז אַ שטורעם גייט זיך אַראָפּלאָזן איבער זיין קאָפּ. אין גאַנצן אַ פאַרלוירענער האָט ער מיט צעשראָקענע בליקן אָנגע־הויבן זוכן הילף ביי די אַרומשטייענדיקע יידישע נאָוואָבראַנצעס. זעענדיק

אז קיין צו פיל בעלנים זיך איינצושטעלן פאַר אים וועלן דאָ ניט זיין, און פאַרפירן אַ געשלעג מיט אַן איוצעוויטשער כאַמולע איז ניט פאַר זיינע כוחות, האָט ער זיך געפּרוווט ארויסגליטשן, זיך אָפּטראָגן. דער שייגעץ האָט אים אָבער פאַרהאַלטן, אַ נעם געטאָן פאַר די לאַצן און מיט כעס אַ זאָג געטאָן:

„סטאָי, ניע אוטשעקיי, סוקין סין!" (שטיי, אנטלויף ניט, הינטישער זון).

ס'בן־יחידל האָט זיך צוגויפגעקאָרטשעט אונטער די פאַרקראַמפּטע פויסטן פון שייגעץ און זיך גענומען בעטן אז ער זאָל אים אָפּלאָזן. אָבער גראָדע דאָס האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג: וואָס מער ער האָט זיך געבעטן, אַלץ שטאַרקער האָט אין שייגעץ די יוכע אויפגעקאָכט, ביז דער דער ערשטער פּאַטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין בלאַסער באַק. אָבער דעם צווייטן פּאַטש האָט שוין דער שייגעץ ניט באַוויזן צו געבן, ווייל אויף די באַנומענע קולות פון משהקע קופּעצעס זינדל, איז אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד קלמן בולאַן. ער האָט באותו רגע, ווען דער שייגעץ האָט גראָדע אויפגעהויבן אַנטקעגן דעם יינגלס פּנים זיין האַרטע לאַפּע, אים אַ נעם געטאָן פון הינטן, ביים קאָלנער, אים אויפגעהויבן אין דער הויך און ווי אַ פּילקע אים אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. קיין לאַך איז אין דער ערד ניט גע־וואָרן, ווייל דער הויף איז געווען מיט גרויסע שטיינער אויסגעברוקירט, אָבער פון פאַל האָט דער איוצעוויטשער שייגעץ אָנגעהויבן שפּרינגען און סקאַווו־טשען, ווי אַ הונט מיט אַן אונטערגעשלאָגן פּיסל.

צווישן די שקצים איז געוואָרן אַ טומל: אָט שלאָגן גאָר די פאַרשאָל־טענע זשידעס אַ זייעריקן. און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן הערן אויפגערעגטע קולות:

„פּאַדיאָם רעביאַטאַ, מי אים פּאָקאַזשעם!" (קומט, חברה, מירן זיי אָנ־לערנען).

## אַ נס איז געשען...

אָבער גראָדע, ווי אַ נס וואָלט פּאַסירט, האָבן זיך אין דער זעלבער רגע ברייט געעפנט די גרויסע טירן פון פּריסוטסטווע, און אין מיטן דער עפענונג איז געשטאַנען טאַרלאַקאָ מיט אַ פּאַק לאַנגע פּאַפּירן אין האַנט. ער האָט היינט אויסגעזען פייערלעך אין זיין נייעם מונדיר און מיט די שפּיציק ארויפ־געדרייטע וואָנצעס, וואָס האָבן געגלאַנצט פון פּאָמאַדע. ער האָט אַ קאָ־מאנדעווע געטאָן ס'זאָל זיין שטיל.

אַלעמענס בליקן האָבן זיך מיט איין מאָל אַ ווענד געטאָן צו די פונאַנ־דערגעעפנטע טירן, און מ׳האָט פאַרגעסן דעם אינצידענט וואָס האָט זיך אָקערשט אָפּגעשפּילט. די הערצער פון די יידישע בחורים האָבן גענומען קלאַפּן שטאַרקער, פון דערוואַרטונג.

ס׳האָט זיך יעדן געדאַכט אז ער הערט זיין אייגן האַרץ אין דער שטיל־קייט. מען האָט אָבער נאָר געהערט טאַרלאַקאָס גרילציק שניידיקע שטים, וואָס האָט אויסגערופן איין נאָמען נאָכן אַנדערן און געהייסן אריינגיין, באַ־גלייטנדיק מיט שטרענגע בליקן יעדן איינעם, אין דעם גרויסן פּאָדערצימער פון פּריסוטסטווע.

ווען אַלע זיינען שוין געווען אויסגעטאָן, האָט שקאָדע, דער סטראָזשניק, די מוטער־נאַקעטע יונגע מענטשן אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, לויט דעם צעטל אין זיין האַנט. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און פון הינטער דער זייטיקער טיר איז אריינגעקומען די פּריסוטסטווע: דער מאַרשאַלעק פּאָ־רויס, דריי הויכע אָפיצערן מיט גאָלדענע שליפעס און מעדאַלן, און צוויי דאָקטוירים אין ציוויל. שקאָדע האָט צוזאמענגעקלאַפּט די אָפּצאַסן פון די שטיוול, זיך אויסגעצויגן שטראָם ווי אַ סטרונע און די רעכטע האַנט צוגע־לייגט צום דאַשעק.

די אריינגעקומענע האָבן זיך געזעצטביים טיש און דער מאַרשאַלעק האָט אוועקגעלייגט די ליסטע פון די פּריזיוויניקעס פאַר זיינע אויגן. ארום איז געווען שטיל ווי אין אַ מקום קדוש. די יונגע מענטשן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. אַ פליג וואָלט מען איצט געקענט הערן דורכפליען. ענדלעך האָט דער מאַרשאַלעק אויסגערופן דעם ערשטן נאָמען — און די פּרי־סוטסטווע האָט זיך פלייסיק גענומען צו איר אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר בליקן פון די דאָקטוירים אויף די נאַקעטע מענער, אַמאָל האָט מען אויך צוגעלייגט אַ פינגער צום פּולס, צי אַ טרובקע צום האַרצן, אָבער קיין סך האָט מען זיך ניט צערעמאָניעוועט: גאָדיען, זעלטן ווען — ניע גאָדיען, און פאַרטיק. דאָס הייסט: דו טויגסט פאַר אַ סאָלדאַט, אָדער דו טויגסט אויף כפּרות, און אַ סוף מיט דעם שפּיל.

## אָפּגעגעבן...

קלמן בולאַן האָט אויסגעזען ווי אַ ריז אַנטקעגן איינגעדאַרטן משהקע קופּעצעס זינדל, וועלכער איז געשטאַנען פאַר אים אין דער ריי און ס׳האָט

אים געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. אז מ׳האָט אים אָפּגעוואויגן און אָפּגעמאָסטן, האָט דער דאָקטאָר באַטאַפּט די רויט־פּאַרליאַמעוועטע אויגן זיינע און נאָך אַ סודותדיקן ישוב־הדעת מיט די אַנדערע האָט דער מאַרשאַלעק געפּסקנט מיט אַ מין ביטול: ניע גאָדיען.

קלמן בולאַן איז ארויסגעטראָטן פאָרויס און באַגלייט מיט אַ חוזק־שמייכעלע דעם אָפּטרעטנדיקן רייכן זינדל, וואָס האָט געהאַלטן ארונטער־געלאָזן זיינע אויגן, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, כאָטש ער האָט גאָר געוואָלט ארויסגיין מיט אַ טענצל פאַר שמחה.

דער מאַרשאַלעק האָט בלויז אַ בליק געוואָרפן אויף קלמנען און אים געפרעגט:

„זדאַראָוו?" און ער האָט אפילו ניט געפּרוווט אויסריידן זיין שווערן נאָמען.

„זדאַראָוו, וואַשע וויסאָקאָ ראָדיע!" האָט קלמן אָפּגעראַפּאָרטירט דרייסט און מונטער.

לפנים וועגן און אַ ביסל אין שפּאָס האָט דער דאָקטאָר צוגעלייגט זיין האָרך־רערל צו קלמנס ברייטן ברוסטקאַסטן, דאַן האָט ער אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

„מאָלאָדיעץ, טראָיעוויצקי! וועסט זיין אַ גוטער דראַגונער".

ביי קלמנען איז געווען גאָר שטאַרק אַנגעלייגט, וואָס דער דאָקטאָר אליין רופט אים ביי זיין פאַמיליע־נאָמען און שמייכלט צו אים אזוי פריינט־לעך. אין שטעטל האָט מען אפילו ניט געוווסט אז ער האָט אַ פאַמיליע־נאָמען, דער בולאַן — דאָס האָט יעדער געוווסט. האָט קלמן אַ וואָרף געטאָן מיט אַ בינטל פריילעכע בליקן צו דער פריסוטסטוויע און געענטפערט דעם דאָקטאָר, ווי ער וואָלט שוין געווען אין „סלוזשבע":

„טאַק טאָטשנאָ, גאָספּאָדין דאָקטאָר!" און וואַרפנדיק אַ באַרימערישן קוק אויף די נאַקעטע נאָוואָבראַנצעס אין דער ריי, ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט ווייזן זיין גוטברודערשאַפט מיט נאַטשאַלסטווע, איז ער מיט פעסטע טריט אַוועק צו זיין בינטל זאַכן.

# 17

# די פּריזיוועניקעס לאָזן ניט לעבן

## אַ ווינטיקער שבת פרימאָרגן



ון צפון איז אָנגעפלויגן מיט געבייזער אַ קאַלטער און שניידיקער ווינט. ער האָט געקלאַפּט אין די לאָדנס אין די נעכט, און אין די טעג האָבן זיך די לויזע שויבן אין די פענצטער געשאָקלט און געזשומט מיט אַ קלינגעריי, מחמת דער קיט האָט דורכן זומער אויסגעטריקנט און אָפּ־געפאַלן און ערשט איצט האָט מען דערפילט אז מען מוז די שויבן פונדאָסניי פאַרקיטעווען. דער ווינט האָט זיך צעבלאָזן מיט אַ קאַלטער בשורה איבער די געסלעך, מיט געוואָי און געברום, ווי מחנות הונגעריקע וועלף. יידן האָבן דערשפּירט דעם אָטעם פון די אָנקומענדיקע פרעסט און באַשלאָסן, אז גלייך נאָך שבת, אם־ירצה־השם, וועט מען דאַרפן אריינשטעלן די טאָפּל־פענצטער, ווייל ס׳וועט זיין אַ קאַלטער און פריאיקער ווינטער.

„דער ווינטער האָט זיך צוגעאיילט!" האָבן יידן מיט כמורנע פּנימער זיך תרעומותדיק באַקלאָגט. „מ׳טאָר מער ניט וואַרטן..."

איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל. מ׳האָט אָנגעהייבן פאַרלאַטען די הייזער, פאַרשמירן די ווענט מיט ליים, פאַרריכטן די צעשפּאָלטענע אויוונס,

זיך באַזאָרגן מיט נאָך אַ זעקל קאַרטאָפל און אַ דייזשקעלע קרויט, און ווער ס׳האָט געקענט אָפּשפּאָרן אַ גילדן האָט אריינגעפּירט נאָך אַ פורל האָלץ.

גבירים האָבן ארויסגעשלעפּט די ווינטערדיקע וואָלענע מלבושים, מאַנט־לען און פּעלצן, וועלכע זיינען געלעגן אַ גאַנצן זומער אין זייערע באַהעל־טענישן, דיק באַשאָטן מיט נאַפטאַלין אז מויל זאָל זיי ניט אויפפרעסן. אָרעמע מענטשן האָבן ארויפגעשלעפּט אויף זיך אַלטע כאַלאַטלעך, צע־קנייטשטע און ניט קיין געפּרעסטע, צעקאָדערטע מאַנטלען און פאַרשטויב־טע וואַטוווקעס, אָקערשט אַראָפּגענומען פון די ביידעמער און הענגערס. מ׳האָט איינגעדרייט און איינגעוויקלט די פאַרפרוירענע ביינער, וואָס דער אומגעריכטער ווינט האָט זיי פלוצלינג דערטאַפּט.

שבת פרי האָט די זון געכאַפּט אַ בלינקל מיט אַ פּאָר קאַלטע שטראַלן אויף די דעכער פון שטעטל און תיכף געמאַכט אַ ויברח. זי האָט זיך באַ־האַלטן הינטער די יאָגנדיקע כמאַרעס אויפן הימל, ווי זי וואָלט געוואָלט אויסמיידן אַ מלחמה מיטן צפון־ווינט, וואָס האָט זיך אויף איר געוואָרפן פון גלייך באַגינען.

מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס, מיט טליתים פאַרקוועטשט אונטער די פּאַכוועס און די הענט פאַררוקט אין די ברייטע אַרבל, מיט איינגעהאָר־בעטע פלייצעס פון שמייסנדיקן ווינט, האָבן זיך יידן געיאָגט יענעם שבת־פרימאָרגן אין בית־מדרש אריין. און אין דער זעלבער צייט האָבן זיך די נאָוואָבראַנצעס געקליבן צו בייראַך שולקעס אין פאָטאָגראַפיע־שטיבל.

## קלמן מיט זיינע יינגלעך גרייטן זיך

מער פון אַלעמען איז געווען באַזאָרגט מאָטל, שימקע די אַרבעסניצעס. אַ ביסל אַ זאַאיקע און פון שטענדיק אָן אַ דערשלאָגענער, איז ער דאָך גע־ווען אַ שטיקל הילף פאַר זיין שוואַכער מאַמען. געווען איז ער אַ שוסטער און גערופן האָט מען אים „מאָטל דער שווייגער״, און פאַרוואָס ער האָט תמיד געשוויגן האָט קיינער ניט געוווסט. ס׳איז אַ פּנים געווען צוליב זיין אונטערשטאַמלען, אָבער אַנדערע האָבן געזאָגט אז ס׳איז אַ נאַטור אזא, ער איז פון די שווייגערס. און כאָטש קיין שטומער איז ער ניט געווען, פלעגט ער אָבער ריידן מער אויפן ווונק ווי מיטן צונג.

זיין שכירות, דעם רובל אַ וואָך וואָס ער האָט פאַרדינט, פלעגט ער, גלייך ווי ער האָט עס געקראָגן, אוועקגעטראָגן צו דער מאַמען. די מאַמע

זיינע, שימקע די אַרבעסניצע, האָט געבעטן גאָט פאַר איר מאָטלען, אז מ׳זאָל אים נאָר ניט אָפּגעבן אין סאָלדאַטן, אָבער די תפילות אירע זיינען ניט דערהערט געוואָרן. איצט וועט די מאַמע נאָך מער מוזן ארומלויפן אין די ווינטערדיקע פרעסט מיט די קאָשיקעס אַרבעס, צו פאַרקויפן פאַר די חדר־יינגלעך פאַר אַ קאָפּיקע אַ מעסטל. פון דעם אליין טראַכטנדיק איז מאָטלען געוואָרן גאָר אומעטיק אויפן האַרצן.

אָבער קלמן בולאַן, ווי ער וואָלט ארויסגעלייענט מאָטלס געדאַנקען, האָט אים געטרייסט:

„נישט געדאגהט, מאָטל, כ׳וועל שוין זען אז דו זאָלסט קריגן אַן אפּותיקי פאַר דיין מאַמען, ווי איך בין אַ ייד. מאָטל, קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן!" האָט ער אים פאַרזיכערט. „און פאַרגעס ניט אז געצל און נוח זיינען אויך מיט אונדז", האָט ער זיך געכאַפּט צו דערמאָנען די אַנדערע צוויי חברים צוליב לאָיאַליטעט, „און מ׳קען זיך אויף אונדז דרייען פאַר־לאָזן, האָב ניט קיין מורא, אַלץ וועט זיין גוט! נאָר דערווייל, חברה, מוז מען זיך צואיילן — מיר מוזן זיין אין בית־מדרש גלייך נאָך דער ערשטער קדושה".

כאָטש נוח זובאַץ איז געווען זיכער אז מ׳וועט אים ניט אָפּגעבן אין זעקס וואָכן ארום, ווען ער וועט זיך ווידער דאַרפן שטעלן צו „איספּיטאַניע" (מעדיצינישע אונטערזוכונג), איז ער דאָך געווען פאַררעכנט צווישן די אָפּ־געגעבענע באָוואָבראַנצעס. האָט מען טאַקע זיין נאָמען דערווייל ניט ארויפ־געשטעלט אויף דער ליסטע פון די געלטנעמער, אָבער ער אליין האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט דער חברה און איז ניט אָפּגעטראָטן פון קלמנען און געצלען, זיי געפּאָלגט אין פייער און אין וואַסער.

## אין בית־מדרש

אז דאָס קרענצל חברה איז אָנגעקומען אין בית־מדרש צו קדושה, האָט קלמן, שטייענדיק מיט זיי אין פּאָליש, פונאַנדערגעזאָגט יעדערן באַזונדער וואָס ער האָט צו טאָן. נוח זובאַץ מיט אַלע איבעריקע האָבן געזאָלט בלייבן שטיין ביי דער דרויסן־טיר און קיינעם ניט ארויסלאָזן פון בית־מדרש. ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אז מ׳זאָל זיך האַלטן שטיל און ניט פאַרטשעפּען קיינעם, סיידן עמעצער וועט זיך וועלן בגוואַלד ארויסרייסן. נאָך דעם האָט ער און געצל זיך אוועקגעלאָזט צום ארון־קודש. זיי האָבן זיך אוועקגעשטעלט

אויף די טרעפּלעך, פֿאַרשטעלנדיק דעם וועג פֿאַר די וואָס וועלן גיין ארויס־נעמען די רייניקייטן.

דערזעענדיק די אָבלאַווע פון די נאָוואָבראַנצעס האָט זיך אין בית־מדרש אָנגעהויבן טומלען. יידן האָבן שוין ניט געהערט דעם בעל־שחרית און מ׳האָט זיך צעשטעלט אין רעדלעך און געפירט וויכוחים. ס׳האָבן זיך ווי תמיד איינגעפונען צוויי צדדים — איינער האָט געגעבן גערעכט די נאָוואָבראַנצעס, דער צווייטער — די גבאים. דער טומל איז פון מינוט גרע־סער געוואָרן, און דער שמש, מאָטקע פּיזשיק, האָט געמוזט כסדר פּאַטשן אין טיש פון בעלעמער און שרייען איבער אלעמענס קולות: מפסיק! מפסיק!

צום אויסנעמען איז דער עולם אַנטשוויגן געוואָרן. מ׳האָט איינגעהאַלטן די אָטעמס, ווי מ׳וואָלט דערוואַרט אַ גרויסע געשעעניש. אַלעמענס בליקן זיינען געווענדט געווען צום ארון־קודש.

קלמן און געצל זיינען אויך געשטאַנען שווייגנדיק, ניט ארויסגערעדט די גאַנצע צייט אַ וואָרט, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אויף אַ מיליטערישן פּאַ־טרול. קלמן האָט זיך קאָנצענטרירט אין איין פּינטל, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אז זיין בליק זאָל זיך באַגעגענען מיט הערצל דעם שוסטער אָדער מאָניע דעם אַגענט — די צוויי מענטשן מיט וועלכע ער האָט געוואָלט אויסמיידן אַ קריגעריי.

## קלמנס דרשה...

עס האָט אויסגעבראָכן אַ טומל. די קולות האָבן זיך געריסן אַלץ העכער און זיך געקייקלט אונטערן סופיט. איינער האָט אריבערגעשריען דעם אַנ־דערן און קיינער האָט ניט געוווסט וואָס דער צווייטער וויל. ביז ירחמיאל דער מולער איז ארויף אויפן באַלעמער, אַ זדאָראָוון פּאַטש געטאָן אין טיש און — מיט איין מאָל איז שטיל געוואָרן. ער האָט אויסגערופן מיט זיין קלינגענדיקן טענאָר:

„אָט אזוי, אז ס׳איז שטיל וועלן מיר קומען צו אַ טאָלק. מיר קענען דאָך ניט בלייבן פֿאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג אין בית־מדרש. און ס׳איז טאַקע אַ חילול־השם אז יעדער יאָר זאָל זיך איבערחזרן דאָס זעלבע שפּיל. אז אָרעמע קינדער גייען נעבעך אַוועק אויף סלוזשבע, איז אַ מיצווה זיי צו באַפרידיקן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. נישקשה, קהל וועט ניט בדלות ווערן״.

„אים איז גוט צו ריידן, איז אים", האָט מענדל מעקיניק אריינגעשריען ירחמיאלן אין די רייד אריין, „און ווו זאָל קהל נעמען, ווו? אז דער בולאַן האָט ארויסגעשטעלט אזא סומע, אזא מטמון גאָלד, האָט ער ארויסגע־שטעלט..."

קלמן, וועלכער האָט געפילט די שטעכעדיקע בליקן ארום זיך, האָט שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן זיך. דאָס פנים רויט, פאַרלאָפן מיט בלוט פאַר כעס, איז ער ארויף אַ טרעפּל העכער און אריבערבייגנדיק זיך צו מענדל מעקיניק האָט ער צו אים געשריען: „אַ מטמון מיט גאָלד וויל איך, האַ, ר' מענדל? אָבער גלייבט מיר, יידן", האָט ער זיך אויסגעגלייכט און גע־רעדט צום עולם, „ווי איך בין אַ ייד, אז עס איז ניט פאַר מיר. האָב איך ווען ביי עמעצן געבעטן פאַר זיך? און כל־זמן כ'האָב מיינע צען פינגער, וועל איך ניט בעטן, יעי באָגו! און כאָטש איך בין אויך איינער פון די נאָוואָבראַנצעס און גיי דינען פאָניען צוזאַמען מיט זיי, וויל איך פון קהל קיין איין פּרוטה ניט. וואָס מיר ווילן: אַ ביסל פאַר מאָטל שימקעס דעם שווייגער, פאַר געצלען און אַנדערע יינגלעך, וואָס לאָזן איבער אָרעמע, קראַנקע מאַמעס אויף גאָטס באַראָט".

אין בית מדרש איז געוואָרן שטיל. יידן האָבן זיך איבערגעקוקט מיט צושטימענדיקע בליקן, ווי איינער זאָגט: דער בחור רעדט דאָך גאָר צו דער זאַך. ער נעמט זיך אָן די קריוודע פון אָרעמע אלמנות. און אז קלמן האָט געפילט אז זיינע רייד קלעפּן זיך צו, האָט ער זיך נאָך מער צעהיצט:

„יע, יידן, זאָגט טאַקע איר, ווער וועט אַכטונג געבן אויף די פינצטערע מאַמעס, אז זיי וועלן ניט האָבן אַ שטיקל טרוקן ברויט, די קאָראָבקע אָדער סתם קהל? קיינער ניט! דעריבער איז אַ מיצווה זיי צו פאַרזיכערן מיט אַ שטיקל ברויט כאָטש אויף דעם ערשטן יאָר. אָבער כ'וויל ניט פאַר זיך, איר הערט, יידן, קרענקען זאָל איך!" האָט זיך בולאַן געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אין האַרצן. „אויב כ'וועל זיך צורירן צו דעם געלט זאָל איך גע־שוואָלן ווערן ווי אַ באַרג! איצט פאַרשטייט איר שוין?"

יידן האָבן מיט פאַרווונדערונג זיך צוגעהערט צום מענה־לשון פון פּראָסטן בחור און געקוועטשט מיט די פּלייצעס איבער זיינע שאַרפע שבועהס אין אַ מקום קדוש. הערצל דער שוסטער האָט זיך האַסטיק צוגע־שאַרט צו חיים דעם גבאי און עפּעס איינגעטענהט מיט אים אין דער שטיל. קהל האָט געוואַרט אויפן וואָרט פון גבאי, נאָר הערצל איז צוגעקומען און

אין נאָמען פון גבאי פאַרזיכערט קלמנען, אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ טוענדיק אין פּלייצע, אז נאָך היינט ביינאַכט וועט מען ביים רב אין שטוב דעם ענין דערליידיקן אויפן בעסטן און שענסטן אופן.

קלמן מיט זיין סוויטע נאָוואָבראַנצעס, נעמענדיק פאַר גוט די הבטחה פון הערצלען, האָבן פאַרלאָזן דעם בית מדרש.

## די אסיפה ביים רב

יענעם שבת־צו־נאַכט, ווען קלמן בולאַן און געצל שמושטשיכעס זיינען געזעסן אין אַן אָפּגערוקטן ווינקל ביים רב אין שטוב און זיך צוגע־הערט צום וויכוח פון די באַלעבאַטים מכוח דערליידיקן דעם געלט־ענין פאַר די נאָוואָבראַנצעס, האָט קלמן אין גאַנצן געשוויגן. אים איז דערווידער געווען די נאַרישע רייד מיט די צביעותדיקע ארגומענטן, וואָס די גבאים האָבן דאָ איינגעטענהט מיטן רב. ער האָט אַ ווונק געטאָן צו געצלען און אים געוויזן אַ פאַרקוועטשטן פויסט, דאָס האָט געהייסן: מיר דאַרפן זיך האַלטן שטאַרק ביי אונדזער דעה און ניט אַראָפּלאָזן קיין פּרוטה. און קלמן האָט אריינגעסודעט געצלען, אז אויב אפילו מעקיניק וועט זיך שטעלן אויפן קאָפּ, וועט ער ביי אים גאָרניט אויספירן.

ווען ניט הערצל דער שוסטער, וואָס איז געווען אויף דער זייט פון די נאָוואָבראַנצעס, וואָלט דאָ קלמן קיין איין איבעריקע מינוט ניט געזעסן. נאָך דער דרך־ארץ פאַר הערצלען האָט אין אים געוועקט האָפענונג, אז זיי וועלן נאָכגעבן די פאָדערונגען און ער האָט מיט געדולד געוואַרט.

נאָך לאַנגע דינגענישן צווישן זיך, האָט אים חיים דער גבאי פאָרגע־לייגט דעם באַשלוס פון די באַלעבאַטים, און געפרעגט צי ער איז מסכים. קלמן האָט געענטפערט קורץ און שאַרף:

„כ׳האָב אייך שוין געזאָגט וועגן אונדזער פאָדערונג היינט ביים דאַוו־נען און כ׳האָב ניט וואָס צוצוגעבן. און אויב איר ווילט בלייבן ביי דאָס אייעריקע, וואָלט איך אייך ראַטן, אז אם־ירצה־השם איבעראכטאָג־שבת, זאָלן די באַלעבאַטים מיטברענגען אין בית־מדרש אריין זייערע ווייבער מיט די קינדער מיט די טשאָלענטן — און אז גאָט וועט העלפן וועט מען פּראַוון שלוש־סעודות אין בית־מדרש...״

מיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר האָט ער מיט געצלען פאַרלאָזן דעם רבס הויז.

כאָטש קלמן מיט געצלען זיינען געקומען פון ר ב צום פּראַטשעשניק אין שענק מיט גאָרנישט ניט, איז קלמן דאָך ניט געווען ביי זיך געפאַלן און ער האָט, ווי זיין שטייגער, געטרייסט די נאָוואָבראַנצעס, אז מ׳וועט אויספירן:

„יאָטן, זאָרגט זיך ניט, קיין פּרוטה וועט ניט פעלן צום חשבון. די באַלעבאַטים האָבן הייאָר אַ האַרטן נוס צו צעקנאַקן. מיר וועלן זיך אין דער קאַשע ניט לאָזן שפּייען״. קלמנס פאַרזיכערונג האָט געהויבן די שטי־מונג ביי דער חברה, וואָס האָט זיך געהייסן דערלאַנגען אַ גאַנצע פלאַש מיט אַ „זאַקוסקע״.

קלמן האָט זיך דאָס מאָל געהיט ניט איבערצוכאַפּן די מאָס. ער האָט געטיילט פּאָרציעס בראָנפן פאַר דער חברה און מיט יעדערן געקלאַפּט גלעזלעך אויף לחיים. אָבער עס איז געווען נאָר פון יוצא וועגן, ווייל ער אליין האָט כמעט ניט געטרונקען.

„מיר האָבן נאָך ביינאַכט אָפּצוטאָן אַ רעכט ביסל אַרבעט״, האָט קלמן זיך ווי פאַרענטפערט, „דעריבער מוז איך האָבן מיין קאָפּ אויף די פּלייצעס״.

און אז חברה נאָוואָבראַנצעס איז געוואָרן בגילופנדיק אויף אַן אמת און יעדער האָט געוואָלט פונדאָסניי פונדעווען, האָט קלמן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

„ס׳איז גענוג! מען מוז אָנהייבן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פאַרן שטיקל אַרבעט היינט ביינאַכט!״

אז חברה האָט זיך ארויסגעלאָזט פון אברהמל דעם פּראַטשעשניקס שענק, איז שוין געווען באַלד האַלבע נאַכט. קלמן האָט זיי פאַרזאָגט, אז זיי זאָלן זיין סטאַטעטשנע און ניט מאַכן קיין טומל — האָבן זיי געפאָלגט און זיך געפירט ווי זיי וואָלטן גאָר קיין שנאַפּס פאר די אויגן ניט געזען. און שלאָפן איז מען זיך צעגאַנגען, ווען די הענער האָבן אָנגעהויבן קרייען.

## דער מאַרק גייט כאָדאָראָם

ווען די קרעמער זיינען מיט די בונטן שליסלען אין די הענט געגאַנגען זייערע קראָמען אויפמאַכן, האָבן זיי געפונען אַן איבערגעקערטן מאַרק. יידן מיט טליתים אונטער די אָרעמס, וואָס זיינען שוין צוריקגעקומען פון ערשטן מנין, קרעמער און הענדלער, האָבן זיך געקליבן אין רעדלעך און מ׳האָט הילכיק גערעדט, זיך געהאַלטן ביי די זייטן און געקייכט פון געלעכטער.

די רעדלעך זיינען זיך אַליין גרעסער צעוואַקסן, דער טומל האָט זיך געשטאַרקט און פון עפּענען די קראָמען האָט דערווייל קיינער ניט געטראַכט. פרי באַגינען איז שוין קינד און קייט געווען אויף די פיס און ס׳האָט געקאָכט אויפן מאַרק ווי אין אַ קעסל.

נאָר צוויי מענטשן האָבן ניט געלאַכט פון דעם שפּאַס, וואָס חברה האָט אָפּגעטאָן ביינאַכט — דאָס זיינען געווען חיים דער גבאי און מענדל מעקיניק, וואָס צו די ארייננגאַנג־טירן פון זייערע קראָמען זיינען געווען צוגעפּעסטיקט צוויי בית־הכיסאס. אויף חיים דעם גבאים בית־הכיסא איז געווען אָנגענאָגלט שלמה דעם מלאכס שילד „אפריקאַנסקי סאַפּאָזשניק״, און אויף מענדל מעקיניקס — „זובנאָי וורואַטש״.

וואָלט עס שוין געווען אַ האַלבע צרה, ווען מ׳וואָלט ניט אזוי דיק באַשמירט דעם צוגאַנג צו די קראָמען, אז עס זיינען כמעט קיין בעלנים ניט געווען נאָענט צוצוגיין. ארום 10 אזייגער האָט מען אראָפּגעבראַכט טאַרלאַקאַ דעם אוריאַדניק. אויפן וועג צום מאַרק איז ער בייז געווען, זיך געזידלט, געשריען און געשאָלטן די זשידקעס, וואָס טוען אים לעצטנס אָן געברענטע צרות. נאָר ווען טאַרלאַקאַ איז צוגעקומען נענטער צו דער אָפּענער סצענע, האָט ער געמוזט אויף גיך פאַרשפּאַרן זיין נאָז מיט דער פויסט און האָט זיך הויך און הייזעריק־שיכורלעך פונאַנדערגעלאַכט.

דער עולם ארום איז אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן הוראַ־געשריי, מ׳האָט געלאַכט און געפּילדערט. טאַרלאַקאַ האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אז אזא שפּיל געפעלט אים ניט. ער האָט זיך אַ ציי געטאָן אין דער גאַנצער לענג, אַ קלונג געטאָן מיט דער שאַשקע, ארויפגעדרייט די שטייף־אָנגעפּאָמאַדעוועטע וואָנצעס און אַ הייזעריקן געשריי געטאָן: „ראַסכאַדיס!״ דאָס האָט געזאָלט זיין אַ באַפעל אז מ׳זאָל זיך פונאַנדערגיין, אָבער דער עולם איז אָפּגעטראָטן בלויז אַ פּאָר שריט און — ווייטער געטומלט און געלאַכט. האָט טאַרלאַקאַ, וואָס האָט שוין פריער געהאַט באַקומען אַ „מתנת יד״ פון די באַלעבאַטים, געשיקט רופן אברהמל דעם פּראַטשעשניק און אים באַפוילן גלייך צו ברענגען זיין פאָזשאַרנע קאָמאַנדע מיט אַ פּאָר טונכלעך וואַסער און די פאַרשמירטע ארייננגענג צו די קראָמען זאָלן אָפּגערייניקט ווערן.

אין יענעם אָסיענדיקן פאַרמיטאָג, האָט זיך, צום ערשטן מאָל זינט דאָס שטעטל געדענקט, די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע געהאָצקעט האָפערדיק מיט

אירע פֿאַר פֿעסלעך איבערן ברוק: עס איז חלילה ניט געווען קיין שריפֿה. זיינען אַלע פּנימער געווען פֿריילעך און מ׳האָט מיט הנאה זיך געוויצלט אויפֿן חשבון פֿון די גבאים און באַלעבאַטים.

מיטאָג־צייט, אַז די פּאָזשאַרניקעס האָבן דערליידיקט זייער אומאָנגע־נעמע אָבער פֿריילעכע אַרבעט, האָבן זיי זיך לכבוד דער שמחה צוזאַמענ־געקליבן צו אברהמלען אין שענק. מען האָט גלייך אַראָפּגעבראַכט קלמן בולאַן, געצל שמושטשיכעס און די איבעריקע נאָוואָבראַנצעס און מ׳האָט צו־זאַמען געמאַכט אַ כוסה. און קלמן האָט געוויזן וואָס ער קען: חברה האָט געפֿונדעוועט און ער האָט „געגאָסן אין לאָמפּ״ אָן אַ חשבון. און אַז אויף דר׳ערד האָבן זיך שוין געוואַלגערט מער ווי אַ האַלבער טוץ פֿלעשער, האָט חברה פּאָזשאַרניקעס און נאָוואָבראַנצעס אַ נעם געטאָן קלמנען, אים אויפֿ־געהויבן אין דער הויך און געשריען הוראַ. פֿון אַזאַ כבוד איז אַפֿילו קלמן געוואָרן גערירט ביז טרערן. פֿלאַנטערנדיק מיט דער שיכורער צונג, האָט ער מיט אַ הייזעריקער שטים געשריען, דערביי זיך קלאַפּנדיק אין האַרצן מיט זיינע פֿעסטע קולאַקעס:

„ניט פֿאַר מיינטוועגן אַרבעט איך עס אַזוי. איר זעט געצלען, איר זעט מאָטל דעם שווייגער, אָט פֿאַר די יאָטן! פֿאַר זייערע מאַמעס טו איך עס! און איך האָב פֿאַר קיינעם קיין מורא ניט! אַ באַרג אַש וועל איך מאַכן פֿון דעם, וואָס ס׳וועט זיך שטעלן אין מיין וועג, איר הערט? כ׳טו עס פֿאַר די אָרעמע חברה!״ און קלמן האָט אָנגעהייבן וויינען. „איר הערט?״ האָט ער ווייטער געשריען מיט טרערן אין קול. „כ׳האָב זיי אַלעמען אין דער ערד, די באַלעבאַטים, די גבאים! ווי איך בין אַ ייד! און די ניכפּה זאָל מיך כאַפּן אויף אָן אָרט, אויב כ׳וועל דאָס מייניקע ניט אויספֿירן. איך גיי דינען פֿאָניען, אָבער כ׳וועל ניט אוועק פֿון דאַנען ביז כ׳האָב ניט דאָס געלט פֿון זיי. טאָ דערלאַנגט נאָך אַמאָל אַ פֿליאַכע, חברה. טייערע יאָטן!״

און פֿון טרערן איז ער מיטאַמאָל ארויסגעפּלאַצט אין אַ האַרציק־הילכיקן געלעכטער.

# 18

## קלמן ווערט אַ דראַגונער



אַס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז קלמן פאַרוואָרפן געוואָרן ווייט פון דער שטעטלדיקער היים. אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם פּריזיוו האָט מען אים און געצלען, אין טאָווארנע וואַגאָנעס, אָנגעפּילט מיט יונגע שקצים, אָפּגעשיקט קיין קאַלוגע, אין דאָרטיקן דראַגונער פּאָלק.

צוערשט האָט מען זיי אויסגעפּוצט אין בגדי מלכות. איינער פון די אונטער־אָפיצערלעך האָט זיי אריינגעפירט אין אַ גרויסער שטאַל, וווּ אויסגעגלאַנצטע פערד זיינען געשטאַנען, ווי סאָלדאַטן, אין לאַנגע רייען. דאָ האָט מען יעדן פון זיי איבערגעגעבן די השגחה איבער אַ פערד, וועלכן מ׳האָט געדאַרפט יעדן באַגינען רייניקן און באַרשטן. נאָך דעם האָט מען זיי געלערנט ווי אָנצוזאָטלען די פערד, ווי אָנצוטאָן אַ ביקס אויף דער פּלייצע, ווי אָנצוהענגען די שווערד ביי דער זייט און ווי אַ קיצל צו טאָן דאָס פערד מיט די גלאַנציקע שפּאָרן, וואָס זיינען געווען צוגעבונדן מיט ריימענדלעך צו די שטיוול.

קלמן איז ניט געווען געפאַלן ביי זיך, פאַרקערט גאָר — דאָ האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט חשוב. און מיט דער צייט האָט ער אויסגעפונען, אז אין הלכות פערד קען ער זיך פאַרמעסטן ניט נאָר מיט זיין זוואָדנעם, נאָר

אפילו מיטן ראָטנעם קאָמאַנדיר אליין. ביי אים איז די גאַנצע תורה וועגן פערד און ווי זיך צו באַגיין מיט די סאָלדאַטסקע מכשירים געווען ניט שווע־רער ווי אַראָפּלאָזן אַ סאָטקע בראָנפן אויפן ניכטערן מאָגן און פאַרבייסן מיט אַ פרישן בייגל און אַן אָפּגעשונדענעם הערינג. און ס׳איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז דער זוואָדנער, אַ הויכער דאָרפישער זשלאָב מיט אַ רויט פנים און פלאַקסענע האָר, האָט געליבט טראַיעוויצקין, וואָס איז אַ זשיד, אָבער טויג זיך אויס צו זיין פערד בעסער ווי „אַן אונדזעריקער, אַ פּראַ־וואָסלאַוונער״.

כאָטש קלמן איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט נושא חן געווען ביים זוואָדנעם, איז אָבער דער טעם פון יענעמס רייד, מיטן ארויסשטעלן אים פאַר אַלעמען ווי אַ זשיד, אים ניט געווען צום האַרצן. חוץ דעם איז קלמנען אָנ־געקומען אומגעהויער שווער זיך אויסצולערנען די „פּאָטשערעס״, ווי ער האָט עס גערופן. די סאָלדאַטן האָבן געמוזט קענען אויסווייניק אַלע טיט־לען און דעם גאַנצן יחוס פון באַטיושקא צאַר. עס איז געווען אַ לאַנגע מגילה פון דער ראָמאַנאָוו־פאַמיליע, זיידעס און עלטער־זיידעס, קניאַזן, וועליקי קניאַזן מיט גענעראַלן און זייער גאַנצן יחוס־אבות ביז אין דער באָבען אריין.

## די סאָלדאַטסקע תורה

קלמן איז געזעסן אויף זיין פּאַלאַטע און געחזרט די אַלע נעמען, וואָס זיינען אים ניט געקראָכן אין קאָפּ אריין. אלע ווײלע האָט ער זיך אָפּגערוט און פאַרקלאָגט פאַר זיין חבר געצלען וואָס איז געזעסן ביי זיין זייט:

„צו וואָס פאַר אַ כאָלעריע זיי מוזן עס מיר ארײנקלאַפּן אין קאָפּ די אַלע פּאָטשערעס, פאַרשטיי איך ניט. מע מושטירט מיט די פערד, דאָס פאַרשטיי איך נאָך. טאָמער מאַכט זיך עפּעס אַ מלחמהלע מיטן יאָפּאָנטשיק, זאָלן אונדזערע קענען אַ הויב טאָן אַ האַנט, וויסן ווי צו שנעלן אַ קנײדל פון דער מאטקע. אָבער וועט דיר דען דער יאַפּאָנטשיק פרעגן, ווען דו וועסט זיך באַגעגענען מיט אים אין פעלד, דעם יחוס פון דיין צאַר באַ־טיושקאַ, האַ? געצל? דעמאָלט וועלן דאָך די אַלע שאלעמויזן ארויספליען פון דיין קאָפּ און וועסט טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך: אַ שנייד טאָן מיט דער שאַבליע, אָדער אַ שיס טאָן מיט דער מאטקע, אז דער קלאָג זאָל זיי נעמען, די יאָפּאָנטשיקעס״.

אז קלמן האָט זיך אראָפּגערעדט זיינע פּאַרדרוסן, האָט געצל זיך אָנ־געהויבן קלאָגן אויף זיין ווילד־נאַרעוויסטן פערד, וואָס ער קען זיך מיט אים קיין עצה ניט געבן:

„שלעכט, קלמן, דו הערסט, זיי האָבן מיר מכבד געווען מיטן אמתן סוס, אַ פּגירה אויף אים. און זיי ווילן נאָך, אז איך זאָל מיט דער קאָבילע איינקנעלן דעם פערדישן אלף־בית — געפונען דעם ריכטיקן מבין אויף פערד, דער קלאָג זאָל זיי נעמען. כאָטש גיב איר אַ קרענק, וויל זי זיך ניט צוגעוווינען צו מיר. זי בריקעט מיט די פּיסנויעס, ווי אַ געקוילעטער אָקס, און איך בין צעשראָקן אויף טויט. פאַר דעם זוואָדנעם איז עס צוערשט א קאָמעדיע, אָבער אז ער לאַכט זיך געננוג אָן, נעמט ער זידלען מיט געדרייטע מי־שברכס, סטראַשעט מיט קלעפּ און אַנדערע מאָל האַלט ער טאַקע וואָרט: פּאַרפּאָרט אין פּיסק אריין. פרעג איך דיר, קלמן־לעבן, האָט פּאָניע ניט געמעגט כאַפּן די ניכפּה איידער איך האָב אים דערקענט, האַ?" געצל ציט אָפּ דעם אָטעם פון זיין לאַנגער טענה, צום סוף פרעגט ער ווייך: „זאָג זשע מיר טאַקע, קלמן, וואָס טוט מען? ווי קריכט מען ארויס פון דער ביעדע, האַ?"

געצל שטעקט אריין זיינע צוויי קולאַקעס אין די קודלאַווע האָר און בלייבט זיצן אַ פאַרזאָרגטער.

קלמן, זעענדיק געצלס אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ פרוווט אים טרייסטן:

„דאגה ניט, געצל! מ'לעבט אלץ אריבער, און שווערערע זאַכן אפילו לערנט מען זיך אויך אויס. אָט, זע, איך קען שוין באַלד אויף אויסווייניק דעם גאַנצן יקום־פּורקן פון דעם באַטיושקאַ צאַרס משפחה, און אז איך האָב זיך אַן עצה געגעבן מיט אזא שווערן מפטיר, ווערסטו מיט דער קאָבילע זיך אויך אַן עצה געבן. דאָס ערשטע וואָס דו דאַרפסט טאָן, ווי נאָר דו כאַפּסט זיך ארויף אויף איר, אַ בוכצע טאָן איר אין די זייטן מיט די שפּאָרן. טאַקע איינמאָל און נאָכאַמאָל — זשאַלעווע ניט! זאָל זי האָבן דרך־ארץ פאַר דיר, זי וועט בעסער ווערן. און דעם זוואָדנעם האָב אויך אין דער אדמה, זאָל ער שרייען אויפן בויך, און מען מוז אויך אמאָל אראָפּשלינגען זיינע א פּיסנאָיע אין אחור. אָבער מאַך זיך ניט ווויסנדיק, אפשר וועט אים מיאוס ווערן. דאַרפסט וויסן, געצל, אז זיין ביי פּאָניען אַ סאָלדאַט, איז ניט זיך דאָרט ארומוואַלגערן ביי דער מאַמען אויפן טאַפּטשאַן. פּאָניע גיט א נאָך־וואָבראַניע די ערשטע חדשים צו שמעקן פּולווער. אָט, אין מיר קאָכן די

בלוטן ניט איין מאָל און איך האַלט זיך איין. ביסט דאָך אַ נאַש בראַט, געצל, וועסט ניט פאַרלוירן גיין״.

אזא פּאַק מיט רייד האָט קלמן ארייַנגעוואָרפן אין זיין חבר געצלען, נאָר כדי אים אַ ביסל אויפצומונטערן. און געצל איז געווען צופרידן פון קלמנס ווערטער.

## אַ פּאַראַד אין ראָטע

די ראָטע, אין וועלכער קלמן און געצל האָבן געדינט, האָט זיך גע־גרייט אויף דעם 1טן פּאַראַדנעם באַזוך פון ראָטנעם קאָמאַנדיר. די זוואָדנע האָבן געאַרבעט אויף אַלע כלים. זיי האָבן יעדן טאָג געיאָגט און געמאַ־טערט די סאָלדאַטן. יעדער איינער האָט געוואָלט ווייזן עפּעס בעסערס און שענערס, כדי נושא־חן צו זיין ביים ״ראָטנעם״, און דורך דעם אפשר אויך קריגן אַ ״נאַגראַדע״: געלויבט ווערן און אפשר נאָך א צאַצקע אויף די עפּאָלעטן אויך.

קלמן בולאַנס זוואָדנער איז יעדן פרימאָרגן געווען אָנגעכמורעט ווי אַ בייזער הונט. אים האָט זיך אַפּנים אויסגעדאַכט, אז זיין זוואָד איז דער ערגסטער. טאַקע דערפאַר האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו ווייזן די נאָוואָ־בראַנצעס וואָס סלוזשבע הייסט.

מיט רוגזה האָט ער געקאָמאַנדעוועט, זיך געטשעפּעט צו יעדן איינעם, און פאַר דער סאַמע קלענסטער קלייניקייט געזידלט, גערופן יעדן סאָלדאַט מיט די געמיינסטע ווערטער, און אזוי לאַנג גערעוועט ביז ער איז געוואָרן הייזעריק. מיט די לעצטע כוחות פלעגט ער קאָמאַנדעווען, אָבער וואָס מער ער האָט געשריען אַלץ ווייניקער האָט עס געהאָלפן.

איין פרימאָרגן, ווען די ״זאַניאַטעס״ האָבן גראָדע אויסגעקוקט אין זוואָדנעמס אויגן ערגער ווי אַלעמאָל, האָט טאַקע געצל זיך אָנגעשטרענגט, אז אַלץ זאָל ביי אים ארויסקומען לויט דער קאָמאַנדע. פון זוואָדנעמס פּיסק האָבן זיך געריסן קולות און קללות, אָבער געצל האָט זיי כמעט ניט געהערט, ער האָט זיך געפלייסט צו זיין אין אָרדענונג. מיט התמדה האָט ער זיך געיאָגט אויף זיין קאָבילע, כדי נאָכצוהאַלטן דעם גאַלאָפּ פון די אַנדערע. ער האָט שטרענג געהאַלטן אַן אויג אויף איר, אז זי זאָל זיך ניט ארויס־רוקן פון דער ריי, אז די ריי זאָל זיין ווי אַ סטרונע. אָבער אין מאָמענט ווען דאָס גאַלאָפּירן האָט דערגרייכט דעם שנעלסטן טעמפּאָ האָט ביי געצלען

אַן אומגליק פּאַסירט. צי ער האָט אַ צו פעסטן זעץ געטאָן מיט די שפּאָרן, צי אַ צו שטאַרקן צי געגעבן דעם צוים — מיטאַמאָל, אין מיט פון געיעג, האָט זיין קאָבילע זיך אַ שטעל געטאָן דיבאָם, מיטביידע פאָדערשע פיס אין דער הויך, און מיט די הינטערשטע זיך געגומען דרייען אין אַ קאַראַהאָד. אין איין רגע איז דער גאַנצער רייטער־רינג געווען צעשאָטן, ווי אַ צע־פלאָכטענע שנור. געצל איז געזעסן אויף זיין פערד בלייך ווי אַ טוך, זיך אָנגעהאלטן מיט אַלע כוחות פאַר די לייצעס, אז ער זאָל פון פערד ניט ארונטערפאַלן.

דער זוואָדנער איז געבליבן שטיין אַנטקעגן געצלען. דאָס גאַנצע בלוט איז אים פאַר כעס אין פּנים אריין און די אויגן זיינען געווען אָנגעגאָסן מיט ווילדער רציחה. ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן אז אלע זאָלן שטיל שטיין, און צו געצלען האָט ער מיט די לעצטע הייזעריקע כוחות ארויסגעברומט:

„אַראָפּ פון פערד, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!"

געצל האָט, האַלטנדיק דאָס פערד פאַרן צוימל, זיך אויסגעצויגן פאַר דעם זוואָדנעם און געציטערט פאַר שרעק.

צוערשט האָט ער געהערט קוויטשיקע זילדערייען אויפן חשבון פון זיין „פּאַרכאַטע זשידאָווסקן רייטן", און גלייך נאָכדעם האָט ער דערפילט אויף זיין פּנים פייערדיקע פּעטש, וואָס האָבן זיך צעקלונגען מיט געררויש אין זיינע אויערן. דער צעיושעטער זוואָדנער האָט אָבער ניט באַוויזן צו לאַנג געצלען צו פּאַטשן.

## קלמן איז מכבד דעם זוואָדנעם

מיט איין שפּרונג איז קלמן געשטאַנען אַנטקעגן זוואָדנעם. און איידער יענער האָט נאָך באַוויזן צו זען וואָס דאָ קומט פאָר, איז קלמן אים שוין פאַרפאָרן אין מאָרדע אריין איין מאָל און גאָר פלינק אַ צווייטן מאָל. פון קלמנס „צווייטן קולאַק" איז דער זוואָדנער געבליבן אויסגעצויגן אויף דער ערד, ביי קלמנס פיס, און ריטשקעלעך בלוט האָבן רויט אַ שימער געטאָן אין די ווינקלען פון זיין מויל.

די סאָלדאַטן, איבערראַשט און ניט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגליטשן זיך פון די זאָטלען, צוגעהאַלטן די פערד ביי די ציימלעך און טאַקע הנאה געהאַט פון דעם בראַוון „יעוורעיטשיק", וואָס האָט אריינגעלייגט אזא בינטל פינגער אין זוואָדנעם. מ'האָט זיך איבער־

געוווּנקען מיט צופרידנקייט, געטאָן אַ שמייכל און אפילו זיך איבערגע־וואָרפן מיט זידל־ווערטער אויפן חשבון פון דעם רשע. אַלעמען האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט געכאַפּט אזא חלק, אז ער וועט עס האָבן צו גע־דענקען. עס וועט זיין פאַר אים אַ לערע ניט צו מוטשען אזוי פיל די סאָלדאַטן.

דעם זוואָדנעם האָט מען גלייך אוועקגעפירט אין קאַזאַרמע אריין, און קלמן בולאן האָט מען אונטער אַ וואַך און מיט „פּאַראַד" אָפּגעפירט אין דער מיליטערישער טורמע.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען קלמנען געבראַכט צום מיליטערישן געריכט. דאָרט איז שוין אויף אַ באַנק געזעסן זיין זוואָדנער מיט אַ פּאַר־באַנדאַזשירטן קאָפּ. ער האָט אים אָנגעקוקט מיט בייזע בליקן, ווי אַ הונט וואָס איז אָנגעבונדן אויף אַ קייט.

## אין מיליטערישן געריכט

„סמי־רנאַ!" האָט אַ פעלדפעבל אַ קאָמאַנדע געגעבן און אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן ווי סטרונעס. אין צימער איז שטיל געוואָרן.

אַ פּאָר אָפיצערן מיט זילבערנע פּאָגאָנעס זיינען אריינגעגאַנגען און זיך געזעצט ביים טיש. זיי האָבן אריינגעקוקט אין פּאַפּירן און שטיל גערעדט צווישן זיך. דער יינגערער אָפיצער האָט אַ רוף געטאָן:

„קלמן טראַיעוויצקי — זיך מעלדן צום מיליטערישן געריכט!"

קלמן איז צוגעגאַנגען צום טיש, אַ קלאַפּ געגעבן מיט די שפּאָרן און צוגעלייגט זיין האַנט צום דאַשעק, ווי אַן אַלטער סאָלדאַט. עפּעס האָט קלמן געפילט, אז אויך דאָ מוז ער האַנדלען דרייסט און ניט ארויסווייזן קיין שוואַכקייט, אַנדערש איז ער אַ פאַרלוירענער. זיי זיינען דאָך אַלע פּאָניעס און האַלטן איינער פאַר דעם אַנדערן, האָט ער שנעל אַ טראַכט געטאָן. קלמן, האַלט זיך! האָט ער זיך אליין געמונטערט.

„דו ווערסט באַשולדיקט, אז מיט 2 וואָכן צוריק האָסטו אין די אויגן פון גאַנצן זוואָד געשלאָגן דעם זוואָדנעם ניקאָליי מאַזורקאַ". האָט דער אָפיצער געזאָגט.

„ריכטיק, אייער הויכקייט!" האָט קלמן באַשטעטיקט מיט מיליטערישן קנאַק.

„ווייסטו אז אַ סאָלדאַט טאָר ניט הויבן קיין האַנט קעגן זיין זוואָדנעם?"

„איך ווייס!“ האָט קלמן געמעלדעט.

„טאָ פאַר וואָס האָסטו עס געטאָן — קעגן געזעץ?“

„ווייל דער זוואָדנער האָט געזידלט שמושקאָוויטשן און אים געשלאָגן — נאָר דערפאַר ווייל ער איז אַ ייד, און דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל...“

„שווייגן!“ האָט דער אָפיצער אַ געשריי געטאָן. „זיך צערעדט ווי אויפן מאַרק...“

די צוויי אָפיצערן האָבן עפּעס צווישן זיך גערעדט. ווידער איז גע־קומען דער באַפעל פון פעלדפעבל „סמירנאַ!“

„דער סאָלדאַט קלמן טראַיעוויצקי“, האָט דער אָפיצער געלייענט דעם אורטייל, „ווערט פאַרמשפּט דורך דעם מיליטערישן געריכט אויף 2 וואָכן קאַרצער; איין מאָל אַ טאָג טיי מיט ברויט, פאַר שלאָגן זיין זוואָדנעם ני־קאָליי מאַזורקאַ“.

נאָך דעם האָט דער עלטערער אָפיצער צוגעגעבן מיט דראָאונג:

„קלמן טראַיעוויצקי! זיי וויסן אַז די שטראָף איז צוליב געוויסע סיבות היינט אַ מילדע. אָבער מיר האָבן באַשלאָסן דיר צו וואָרענען: אויב עס וועט פּאַסירן אַזוינס נאָכאַמאָל, וועסטו אוועקגעשיקט ווערן אויף 3 יאָר קאַטאָרגע אין סיביר“.

אַ ווײַלע שפּעטער האָבן אים צוויי סאָלדאַטן געפירט מיט אויסגע־שטרעקטע און באַשפּיזטע ביקסן צום קאַרצער. קלמן איז געווען צופרידן פון פּסק־דין און צו זיך געשמייכלט. ער האָט זיך געריכט אויף ערגערס. עס האָט אים אויסגעקוקט אַ לייכטע שטראָף, און ער איז זיך פאָרגעקומען ווי אַ חתן, וואָס די אונטערפירער באַגלייטן אים צו דער חופּה...

## אין קאַרצער

אַ סאָלדאַט האָט געעפנט אַ פאַרזשאַווערטן שלאָס און די טיר פון קאַרצער האָט אַ סקריפּ געטאָן. קלמן האָט זיך געדאַרפט איינבויגן אין דרייען דורכצוקריכן דורכטן טירל. די שטיקנדיק־פאַרדומפּטע לופט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין נאָז. ס'איז אים געוואָרן איבלדיק, ניט־גוט. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער פייכטער ערד און מיט די הענט אָנגע־טאַפּט די שימלדיקע ווענט פון ביידע זייטן. דאָס חדרל איז אפילו ניט גע־ווען דלד על דלד. פון דער אנדער זייט איז געקומען דער גרילץ פון שלאָס

און קלמן האָט זיך דערפילט, ווי ער וואָלט אַ לעבעדיקער אריינגעפאלן אין אַ קבר...

קלמן האָט אָבער זיין שטראָף מקבל געווען באהבה. אים האָט איצט ניט געאַרט וואָס זיי האָבן אים פאַרשפּאַרט אין אזא לאָך, אָן לופט, אָן ליכט און אָן וואַסער. ניט נאָר האָט ער זיך דאָ ניט געקענט באַוועגן, ניט זיך אויפשטעלן, נאָר אפילו אויסציען זיך ווי געהעריק איז ניט מעגלעך געווען. דאָך האָט ער עס אָנגענומען פאַר ליב.

דאָס ערגסטע איז געווען דאָס שלאָפן. איינגעדרייט און איינגעקאָר־טשעט ווי אַן אַלטער זאַק, פלעגט ער איינדרימלען. די לופט האָט אים ווי פארסמט און ער פלעגט אפילו ניט פילן די האַרטע ערד אונטער זיך. אז ער פלעגט זיך אויפכאַפּן, האָבן אַלע ביינער וויי געטאָן פאַר גאַנצע שעהן. אפילו דאָס ביסל ברודיק וואַסער מיטן שטיקל פאַרדאַרטן ברויט, וואָס מ׳פלעגט אים צווואַרפן ווי פאַר אַ חזיר איינמאָל אַ טאָג, האָט אים אויך ניט געאַרט. ער האָט געוווסט: ער האָט עס כשר פאַרדינט.

2 וואָכן איז ניט קיין אייביקייט, האָט ער זיך געטרייסט, און קלמן בולאן איז געוווינט צו צרות, נישקשה, ער וועט דורכהאלטן... אפילו צו דעם קאַרצער וועל איך זיך צוגעוווינען. אָבער מיין קולאק וועט דער חזירשער זוואָדנער געדענקען מער ווי 2 יאָר... און ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס דער אָפיצער האָט מיר געסטראַשעט מיט 3 יאָר סיביר, זאָל אפילו נאָך מיין ארויסגיין פון דאַנען דער זוואָדנער מיך פּרובירן פאַרטשעפּען מיט „זשיד״, וועל איך אויף אַן אָרט ביז איין צאָן אים אויסהאַקן. איך וועל דעם הינטישן זשלאָב נאָך באַווייזן וואָס אַ זשיד קען. איך מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אים צומאַכן זיין חזירשע פּיסק, זאָל ער וויסן ווי אַ זשיד קען מכבד זיין... זאָלן די אַנדערע סאָלדאַטן זען אז אַ ייד קען זיין אַ גוטער סאָלדאַט ווי די אַנדערע און זיי וועלן אים ניט שפּרינגען אויפן קאָפּ...

גאַנצע 2 וואָכן האָבן די דאָזיקע געדאַנקען אים ניט אָפּגעלאָזט. און אז נאָך די 14 טעג האָט מען אים ארויסגענומען אויף דער ליכטיקער וועלט, האָט ער זיך קוים געקענט האַלטן אויף די פיס. ער האָט געפינטלט מיט די אויגן קעגן טאָגליכט, ווי אַ הון בין מנחה למעריב. ער האָט זיך אויסגע־צויגן, אויסגעגלייכט די ביינער און אויף זיין פּנים האָט אַ שפּיל געטאָן זיין שטענדיקער שמייכל. און מיט אַ שמייכל האָט ער זיך געלאָזט אין קאַזאַרמע אריין.

# דער העלד פון ראַטע

די ראַטע האָט קלמנען אויפגענומען מיט אָפענער פרייד. „מאָלאָדיעץ, טראַיעוויצקי!״ האָבן אים די סאָלדאַטן געקלאַפּט איבערן פּלייצע. קלמן האָט זיך געפילט ווי אַ זיגער, וואָס איז צוריקגעקומען נאָך אַ געוווּנענעם שלאַכט.

„וואָס דען? פון אזא סוויניאַ זיך לאָזן אָנמאַכן אויפן קאָפּ!״ האָט קלמן גערעדט צו די סאָלדאַטן און פאראיינס אויך זיי געגעבן אָנצוהערעניש, אז אים קען מען ניט לייכט קריכן אין לעבער אריין...

געצל האָט זיך געפילט שולדיק אין קלמנס שטראָף און ער האָט כמעט געוויינט ביי זייער באַגעגעניש. איז אָבער קלמן אים ארויפגעפאַלן אויפן האַלדז מיט זיין האַרציקן געלעכטער, און אים געגעבן אַ פּאָרציע מוסר:

„זיי ניט קיין קינד, געצל, און מאַך זיך ניט נאַריש. קלמן ווייס וואָס ער טוט. דו ביסט אין מיין שטראָף אין גאַנצן ניט שולדיק, ווייל אויב ער האָט דיר געזידלט „זשיד פּאַרכאַטי״, האָט ער דאָס אויך מיר געמיינט. און געפּאַטשט האָט ער דיר נאָר דערפאַר ווייל דו ביסט אַ ייד, האָב איך אים טאַקע פאַר דער גאַנצער ראַטע געוויזן ווער קלמן איז און אז מיין בינטל פינגער ליגט אויך ניט אין קימפּעט. און זאָל ער נאָר פּרובירן רופן דיר נאָכאַמאָל זשיד, אָדער אַ הויב טאָן אַ האַנט, צערייס איך אים ווי אַ הער־רינג. דו הערסט, געצל, זאָל איך אזוי דערלעבן זען מיין מאַמען, ווי איך צעמאָל אים אויף אַש און גיי באַדיי אין סיביר אויף דריי יאָר, איז מיין נאָ־מען ניט קלמן״. אזוי האָט קלמן גערעדט מיט פייער, כדי צו ווייזן געצלען זיין גוטברודערישקייט.

געצל האָט קלמנען ארומגעכאַפּט, שטאַרק אים געדריקט צו זיך און מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ פול האַרץ געשריען:

„אַ געזונט אין דיין לעבער, קלמן! וואָס וואָלט פון מיר דאָ געוואָרן אָן דיר? דו מעגסט מיר גלויבן, קלמן, אז דיינע 14 טעג אין קאַרצער האָבן זיך פאַר מיר געצויגן ווי 14 יאָר. ווי אזוי זאָל איך עס דיר זאָגן? איך האָב געבענקט נאָך דיר, קלמן, פונקט אזוי ווי נאָך מיין אייגענער מאַמען. איי, קלמן, אַ דונער האָט געמעגט איינשלאָגן פאַניע־קוואַס, איידער נאָך מיר האָבן אים דערקענט״. און ער האָט כליפּענדיק זיך אָפּגעדרייט פון קלמנען.

קלמן האָט ארויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף געצלס שולטער און געזאָגט שטיל:

„געצל, זיי קיין נאַר ניט, מיר האָבן פּאָניען אין דער אדמה!"

אָבער ווען קלמן האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיין נאַרע אויסצוגלייכן די ביינער נאָך די 14 טעג קאַרצער, האָט אים קיין שלאָף ניט גענומען. פון דער נאַרע, אונטער אים, איז צו אים דערגאַנגען געצלס געשמאַקער כראָפּן און ער האָט געטראַכט: אַ רחמנות אויף דעם אָרעמען יינגל, בענקט נעבעך אהיים, נאָך דער מאַמען. ס'איז נאָך גוט וואָס ער ווייס ניט, אז איך קלייב זיך ציען קאָמאַשן איבער דער גרענעץ. ווי נאָר איך וועל ווערן לינק, וועט ער זיך אין גאַנצן קיין אָרט ניט געפינען. אָבער ביי פּאָניען בלייבן — ניט דערלעבן וועלן זיי עס. קלמנען וועלן זיי ניט פירן פאַר דער נאָז.

ביי קלמנען זיינען איצט די מחשבות געלאָפן, ווי אַ סטאַדע גאַלאָפּירנדיקע פערד. אָט דערמאָנט ער זיך אָן דער היים, דאָס שטעטל, חברים. יאָ, העטשע און כאַטשע, מ'וועט זיך טאַקע נאָך דאַרפן ארייַנכאַפּן מיט זיי צו אברהמלען אין שענק, איידער ער וועט אריבער די גרענעץ, און מאַכן די אמתע ליאַמע. ניט אויף לאַנג, נאָר אַ שעה צוויי וועט ער זיך מוזן פאַרהאַלטן... און אָט דערמאָנט ער זיך אָן דער מאַמען און עס טוט אים אַ דריק אונטערן פּופּיק... און אָט — דאָס מיידל פון אפריקע: אייגנטלעך פּלאָנטערט זי זיך אים אין די מחשבות די גאַנצע צייט. ער פילט אַ בענקשאַפט צו איר, און דאָס מאַכט אים אומעטיק.

ער דרייט זיך אומרואיק אויפן שטרויזאַק. מיטאַמאָל ווערט אים פּריילעכער. ער גיט אַ טראַכט: אפשר זיינען שוין אָנגעקומען די רייזע־פּאַפּירן פאַר אים, אברהמל דער פּראַטשעשניק זיצט מיסתמא אויך ניט מיט פאַרלייגטע הענט. ער האָט שוין מיסתמא מיט די אגענטן טאָדרעס און מאָניע אַלץ דערליידיקט. דאָס אנטלויפן פון מיליטער איז אָבער ניט קיין לייכט שטיקל אַרבעט, ניט אַ בייגל אויפעסן... נאָר נאַפּליעוואַט, מיר וועלן זיי דאָ ניט באַגראָבן...

די אויגן קלעפּן זיך אים. ס'איז שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט. אין זיין מידקייט פילט ער ווי דער שלאָף קלאַמערט אים ארום. ער פאַרזינקט אין די אָרעמס פון זיסע, וואַרעמע חלומות.

# 19

# קלמן מאכט פּליטה

## אין אַ ווינטערדיקן שבת

אין דרויסן האָט דער פראָסט געברענט אָן רחמנות. די זון האָט אָבער שפּילעוודיק און ליבלעך אַריינגעקוקט אין די פאַרפרוירענע פענצ־טער. אירע שטראַלן האָבן געשיינט מיט קאַלטן אָפּגלאַנץ דורך די אייז־פאַר־קאָוועטע שויבן, וואָס זיינען געווען מיט פאַרשיידענע געבלימלטע אוזאָרן באַמאָלט. אויף די ראַנדן, ביי די ראַמען, זיינען די שויבן מיט שניי־שטויב ווי מיט ווייסע פעלצלעך געווען צוגעדעקט. די טאָפּל־פענצטער זיינען געווען פראָסטיק פאַרפאַנצערט און ניט געלאָזט די זון זאָל זיך אריינרייסן אין די הייזער אינעווייניק. יעדער שפּעלטעלע איז געווען פאַרהאַקט, יעדער שפּאַ־רונקעלע פאַרקלעפּט מיט צייטונג־פּאַפּיר. צווישן ביידע פענצטער, אויפן הילצערנעם ברעטל, איז געווען אָנגעשאָטן אַ גרוי־פאַרפרוירענער זאַמד און אַ פּאַס פון קליינינקע ווייסע שטיינדעלעך, ווי אַ שטעגעלע אין מיטן. אַלץ איז געווען אזוי צוגעפּראַוועט, אז קיין טראָפּעלע קאַלטע לופט פון דרויסן זאָל זיך חלילה ניט אריינזיפּן.

די אַנגעוואַרעמטע לופט איז געווען ווי פאַרשפּאַרט אין די הייזער, פאַרשטיקט און דומפּ און ניט געווען מיט וואָס זי אָפּצופרישן, חוץ ווען אַ טיר האָט זיך געעפנט. אָבער די מענטשן האָבן אויסגעמיטן צו עפענען צו פיל די טירן, ווייל ביי די אריינגענג זיינען אומגעזוען געלעגן פאַרטייעט קנוילן פראָסטיקע לופט. ווי נאָר אַ טיר האָט זיך געעפנט, האָט די קאַלטע לופט זיך אַ שפּאַר געטאָן צוזאַמען מיט דעם אריינגייער מיט אזא קראַפט, אז ס׳איז ניט געווען קיין עצה ווי דעם קאַלטן שטראָם צו פאַרצוימען. די איינציקע זאַך: מ׳האָט האַסטיק צוריק די טיר פאַרקלאַפּט. אָבער דעמאָלט האָבן די קנוילן לופט שוין געהאַט באַוויזן זיך אַ קייקל צו טאָן איבער דער פּאָדלאָגע, ווו זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן די ווענט און אָנגעהויבן ארויפּ־דראַפּען זיך צו דער סטעליע. דאָרט פלעגן זיי זיך אויסמישן מיט דער וואַ־רעמער שטוביקער לופט און אויף אַ רגע האָט מען דערפילט די פרישקייט.

כאַטשע און העטשע האָבן צוגערוקט דעם טיש פון מיטן שטוב צו דעם ליימענעם אויוון ביי דער וואַנט. זיי האָבן געוואָלט זיך צושפּאָרן צום אויוון אָנצווואַרעמען אַ פּלייצע, אָבער פון אויוון האָט געיאָגט מיט אזא היץ, אז זיי האָבן זיך געמוזט אַ ביסל אָפּרוקן. דעם היינטיקן שבת האָט דאָמענישע, די שבת־גויה, ניט געזשאַלעוועט קיין בעריאָזעווע שייטלעך האָלץ און אָנגעפּאַ־ליעוועט דעם אויוון, אז עס זאָל האַלטן די וואַרעמקייט ביז נאָך הבדלה. דאָ־מענישע האָט שוין באַצייטנס דערשמעקט אז דער פראָסט וועט שטאַרקער ווערן, ניט ווי די יידן האָבן זיך געטרייסט אז עס ווערט גאָר מילדער.

כאַטשע און העטשע זיינען איצט געווען צופרידן צו זיצן אין דער וואַ־רעמער שטוב, ווו די שטילקייט איז געווען צעלייגט אין אַלע ווינקעלעך. פון אַלקער האָט זיך נאָר פון צייט צו צייט דערטראָגן דאָס פאַרשטיקטע כראָפּען פון כאַטשעס ווייב.ביידע מענער האָבן גערעדט צווישן זיך אזוי שטיל, ווי זיי וואָלטן זיך געסודעט, כדי ניט אויפצווועקן די פאַרמאַטערטע ווייבער וועלכע האָרעווען זיך אָן ביים אריינברענגען דעם שבת אין הויז.

העטשעס זעקס יאָריק מיידעלע איז געשטאַנען ביים פענצטער, גע־הויכט און געהוקעט מיטן מיילכל אויף דער פראָסטיקער שויב. מיט דער הילף פון אַ גלאַטן קנעפּל האָט זי געפּרוווט אויסוואַרעמען אַ לעכל אין דיי־נעם אייז, כדי זי זאָל כאָטש מיט איין אייגעלע קענען כאַפּן אַ קוק צום דרויסן; זען די הרובעס גלאַנציקן שניי, וואָס בלישטשעט אין פראָסט ווי די בליצלאָמפּן פרייטיק צו נאַכט אין בית־מדרש.

# אַ בריוו

אין דער שטילקייט האָט זיך פון צייט צו צייט דערטראָגן אַן עכאָ פון טריט, בעת דער פאַרהאַרטעוועטער שניי פלעגט זיך צעסקריפּען אונטער די טריט פון פאַרבייגייער. איצט האָט זיך אַ סקריפּעריי פון גיכע טריט דער־נענטערט צו דער שטוב. כאַטשע און העטשע האָבן זיך איינגעהערט מיט נייגער, ווייל ס׳האָט זיך זיי אויסגעוויזן אז עמעצער לויפט אַהער.

און אָט האָט זיך די טיר אַ פּראַל־אויף געטאָן. צוליב די קנוילן פּראָסטיקע לופט האָט מען אין דער ערשטער רגע ניט געקענט זען ווער ס׳איז אריינ־געקומען, אָבער באַלד האָט זיך אויסגעשיילט די פיגור פון כאַטשעס עלטערע טאָכטער. זי האָט גלייך ארויסגעפּלאַצט מיט דער נייעס:

„פאַר קלמנען איז אָנגעקומען אַ זאַגראַניטשנער בריוו. יעפּים דער ראַזנאָשטשיק האָט געהייסן קומען אויף פּאָסט, דאָרט דאַרף מען זיך חתמע־נען און אָפּנעמען דעם בריוו״.

„פון אפריקע!״ האָט כאַטשע געפּסקנט אַן אויפגעלעבטער.

„פ. ן דער מויד!״ האָט העטשע צוגעגעבן אַ דערפרייטער. „מיסתמא די פּאַפּירן פאַרן בולאַן״.

„מ׳וועט דאַרפן גלייך נאָך הבדלה אָנזאָגן יענטען און — די אנדערע...״ האָט כאַטשע אַ ווונק געטאָן צו העטשען.

„דבר ניט!״ האָט העטשע אים דערלאַנגט אַ צי פאַרן אַרבל. „די ילדה דאַרף פון דעם ניט וויסן״.

„אוודאי״, האָט כאַטשע שטיל צוגעשטימט. „מ׳עט שוין מאָרגן אַלץ איינלאָדן...״

אז כאַטשע האָט באַלד נאָך מעריב אָנגעזאָגט אברהמל דעם פּראַטשעש־ניק די נייעס פון בריוו, האָט אברהמל זיך ארומגעקוקט צי קיינער הערט זיך ניט צו. ער האָט זיך צוגעבויגן צו כאַטשען און אים איינגערוימט, אז ער זאָל האַלטן די צונג צווישן די ציינער און זאָל פאַר קיינעם ניט דערציילן קיין מעשיות. „און דאָס איבעריקע לאָזט צו מיר!״ האָט אים אברהמל פאַרזאָגט.

„יאָ!״ האָט כאַטשע צוגעשאָקלט געהאָרזכאָם מיטן קאָפּ צו אברהמלס רייד.

„טאָ געדענק!" האָט אים אברהמל נאָך אַמאָל געוואָרנט. „עס איז זייער סעקרעטנע..."

אויף מאָרגן איז מען ווידער געזעסן ביי טאָדרעס דעם אַגענט, הינטער אראָפּגעלאָזענע פאָרהאַנגען, און מ׳האָט זיך געסודעט. אויבן אָן איז געזעסן טאָדרעס, ביי זיין רעכטער האַנט איז געווען זיין געהילף, מאָניע, אנטקעגן — אברהמל דער פּראַטשעשניק און יענטע די מאַזשניצע. מ׳האָט גערעדט אזוי שטיל, ווי מ׳וואָלט דאָ געפּלאָנט אַ פאַרשווערונג קעגן מלכות. פון ווילע צו ווילע האָט מען נאָר געהערט ווי יענטע שמאָרעט מיט דער נאָז, גיט אַ שנייץ און אַ וויש מיט איר פאַרשמאָלצענעם פאַרטעך די אויגן.

נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת איז געבליבן, אז טאָדרעס אליין וועט מיט אַלע נייטיקע פּאַפּירן זיך לאָזן קיין קאָלוגע צו קלמנען. ער וועט מיטנעמען פּאָסיקע ציווילע זאַכן און אים פון דאָרט אריבערפּעקלען אויף יענער זייט...

„מיט גאָטס הילף וועט אלץ זיין גוט!" האָט טאָדרעס פאַרזיכערט יענטען און מיט דעם פאַרענדיקט די שושקעריי, ווי איינער זאָגט: ס׳איז מער ניטאָ וואָס צו ריידן.

## דער פאַרשטעלטער קלמן

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז קלמן געזעסן אין אַ וואַגאָן פון צווייטן קלאָס. ער איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ נייעם אָנצוג, ווי אַ חתן־בחור. ביי זיין זייט איז געזעסן טאָדרעס דער אַגענט, מיט פאַרריסענעם אָנשטעל, עלעהיי אַ טאַטע און אַ זון פון דער בעסערער געזעלשאַפט. טאָדרעס האָט שוין געוווסט ווי אזוי אָפּצונאַרן די אויגן פון די נאָכקוקערס און נאָכשמעקערס. זייער באַן האָט זיך געהעצקעט פון טיף ראָשיי נענטער צו דער גרענעץ, צום שטעטל וווהין ער פירט איצט דעם „חתן". טאָדרעס האָט מיט חשיבות פאַררויכערט אַ דיק, פריציש ציגאַרעטל, וואָס האָט פאַרשמעקט מיט אַ זיסן גערוך אין גאַנצן קופּע.

פאַר דער גאַנצער צייט האָט קלמן ניט אראָפּגעלאָזט זיין בליק פון די נייע בגדים, אין וועלכע טאָדרעס האָט אים אויסגעסטראָצלט. ער האָט זיך אליין נישט דערקענט. פאַר מער ווי אַ האַלב יאָר איז ער געווינט זיך צו זען אין דער סאָלדאַטסקער אָנטועכץ פון דעם דראַגונער־פּאָלק, זיך וואַלגערן אויף אַ האַרטער נאַרע, און דאָ איז ער גאָר אויסגעפּוצט ווי אַ מויד,

וויגט זיך אויף אַ ווייכן געזעס. פון זיך יאָגן יעדן טאָג מיטן פערד אויף די מאַנעוורעס אין פּאָלק, איז די הויט פון זיין פּנים געוואָרן ברוין־רויט, מיט געזונטן קאָליר, די הענט זיינען אָבער געבליבן ווי אָנגעשוואָלן, צע־שפּאָלטן פון ווינט און קעלט.

קלמן טראַכט, איצט, אַז מ׳האָט אים פאַרשטעלט פאַר אַ רוסישן קופּיעץ, וואָלט אים זיין אייגענע מאַמע ניט דערקענט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער אָנגעטאָן אַ האַרטן, גומענעם קראַגן און ארויפגעטשעפּעט אַ שניפּס אויפן האַלדז. דאָס אָנטאָן איז אים לכתחילה שוין אָנגעקומען מיט מאַטערניש, און איצט דריקט עס אים פון אַלע זייטן. דער קאָפּ איז אים איינגעפּרעסט ווי ביי אַ פערד, וואָס מ׳טוט אים דאָס ערשטע מאָל אָן א כאָ־מעט. טאַפּט קלמן אַלע ווײַלע זיין אָנגעריבענעם האַלדז און ער קען זיך קיין עצה ניט געבן מיט דעם פאַרשאָלטענעם קראַגן. ער דערמאָנט זיך, אַז אַלע חשובע בעלי־בתים אין שטעטל טראָגן אויך אזעלכע קראַגנס, פאַ־פּירענע און גומענע. ער בורטשעט אין זיך אַ רוסישע קללה.

טאָדרעס ציט זיך מיט אַפּעטיט זיין ציגאַרעטל און פון דער טעקע נעמט ער ארויס אַ רוסיש בוך. קלמן באַטראַכט אים, ווי ער זיצט זיך אזוי רואיק און קוקט אריין דורך זיינע פּינקלדיקע שפּאַקולן אין בוך. ער זעט ווי טאָדרעס זיצט אזוי בכבודיק אָנגעגוידערט און דער קראַגן ליגט אויסגע־פּאַסט אויף זיין האַלדז, פּונקט אונטערן גערגעלע, און עס גיט אים אפילו קיין טשעפּע ניט. עס זעט אויס אזוי ווי דער קראַגן און טאָדרעס וואָלטן געווען איינגעוואַקסן איינס מיטן אַנדערן, און קלמן איז אים צוליב דעם מקנא.

ער, קלמן, קען דעם קראַגן ניט פאַרטראָגן, עס שטערט אים אַ דריי צו טאָן דעם קאָפּ, עס רייבט אים אין האַלדז און ער מוז יעדע ווײַלע אריינ־שטופּן מיט גוואַלד צוויי פינגער פון זיין לינקער האַנט צווישן קראַגן און האַלדז און פּרוּוון אַ צי טאָן, טאָמער וועט אַ ביסל לויזער ווערן. ער פּילט די גאַנצע צייט ווי עס שטיקט אים. ער וואָלט מיט שמחה א ריס אַראָפּ געטאָן דעם פאַרשאָלטענעם קראַגן צוזאַמען מיטן שניפּס און עס ארויסגע־וואָרפן דורכן פענצטער פון וואַגאָן. ווייס אָבער קלמן, אז ער מוז דערווייל ליידן. האַלט ער זיך איין ביז מ׳וועט אריבערשוואַרצן די גרענעץ, ביז דע־מאָלט מוז ער בלייבן א פאַרשטעלטער, אָט אזוי ווי די וואָס האָבן געשפּילט שולמית אין פּאָזשארנע סאַריי...

אין הארצן אָבער טראַכט ער, אז דאָס איז אַ הילוך פאַר אַ ישיבה־בחור אָדער סתם אַ יאָלד, און חברה בעלי־עגלות וואָלטן זיך אוודאי געקאַטשעט פון געלעכטער אים אָנקוקנדיק. און אפשר גייט מען דאָרט אויך אזוי? און זי וועט זיין צופרידן פון אזא הילוך, וועבן זיך פלוצלינג אריין אנדערע מחשבות אין זיין מוח וועגן דער ווייטער וועלט ווהין ער וויל אנטלויפן און צו וועמען ער פאָרט. ער איז זיכער אז סאָניע דערוואַרט אים מיט אומ־געדולד. זי איז פאר אים, טראכט ער, ווי אַ גוטע שוועסטער. א שוועסטער וואָלט דאָך ניט געקענט זיין מער פאַראינטערעסירט, שרייבן אזעלכע קלוגע און ליבע בריוו. זי האָט דאָך אזוי פיל געטאָן פאַר אים. און אז ער שטעלט זיך פאָר זיין באַגעגעניש מיט איר, ווערט אים וואַרעם אין אַלע גלידער און אַ שמייכל צעגיסט זיך אויף זיין פנים.

מיטאַמאָל אָבער דערמאָנט ער זיך, וואָס אים שטייט נאָך פאָר איבער־צולעבן ביז ער וועט זיך אריבערכאַפּן אויף יענער זייט, און זיין צעשמייכלט פנים פאַרציט זיך מיט אומעט. געגנוג מעשיות האָט ער זיך אָנגעהערט וועגן דעם אז מ׳כאפּט אויף דער גרענעץ און מ׳ברענגט צוריק פאַ עטאַפּנאָם פאַ־ריאַדקאָם. און ער איז נאָך דערצו אַן אַנטלאָפענער יונג, וואָס אזא איינעם קומט אַ גאָר גרויסע שטראָף. אָבער פאַר קיין שטראָף האָט קלמן קיין מורא ניט. ערגער ווי קאַרצער קען דאָך ניט זיין, און צו אָט דער שטראָף איז ער, קלמן, שוין געוווינט. ער האָט עס לייכט דורכגעטראָגן.

אין דעם מאָמענט דערמאָנט ער זיך טאַקע אָן געצלען. ער דערפילט אַ רחמנות צו אים: נעבעך געבליבן איין ייד אין דער גאַנצער ראָטע, וועט אים שוין איצט קיין צרות ניט פעלן. איבערהויפּט נאָכדעם ווי מ׳וועט זיך כאַפּן אז ער, קלמן, האָט געמאַכט אַ ויברח. אָבער איין גאָט איז זיין עדות, אז ער האָט זיך נישט געקענט העלפן, זוכט ער אַ באַרעכטיקונג פאר זיך. ווען ניט סאָניע שאַפּיראָ, וואָלט ער דאָס אין זיין לעבן ביי זיך ניט גע־פועלט, אז ער זאָל אַנטלויפן פון פאָניען און איבערלאָזן געצלען אליין. דאָס איז אַלץ צוליב סאָניע שאַפּיראָ... עס ציט אים צו איר ווי מיט אַ מאַג־נעט... און קלמן האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן קראַגן, וואָס דריקט אים. זיינע געדאַנקען ווערן אַלץ בלאַסער און פאַרנעפּלטער. ער ווערט אנט־דרימלט אויפן ווייכן געזעס. דער וואַגאָן וויגט אים איין מיט אַ זיסן קלאַנג: סאָנ־יע... סאָנ־יע... סאָנ־יע...

# אַ סוף־חודשדיקע נאַכט

פאַרטאָג. אויף דער שטעטלדיקער סטאַנציע האָבן גענומען ארומפּוי־זשען שאָטנס פון פאַרשלאָפענע מענטשן, וועלכע זיינען געקומען אָפּוואַרטן די באַן וואָס דאַרף באַלד אָנקומען פון טיף־רוסלאַנד. ווער ס׳איז געקומען באַגעגענען אַ משפחה־מענטשן און ווער ס׳האָט געדאַרפט אליין פאָרן. די אָנגעצונדענע לעמפּלעך האָבן זיך געצאַפּלט מיט שוואַכע פייערלעך, נאָר פון בופעט האָט געשלאָגן מיט בליציקן ליכט.

איבער די פאַרשלאָפענע געסלעך האָבן געשלייכט דריי פיגורן. אברהמל דער פּראַטשעשניק פאָרויס, הינטער אים — ווי ער וואָלט זיי געפירט — כאַטשע און העטשע. זיי האָבן דערהערט דעם ערשטן קריי פון אַ האָן. לויטן שטאַרקן נעמען דעם טאָן, איז עס מיסתמא געווען אַן אַלטער בכבודי־קער האָן, וואָס האָט פון זיין שעדעלע דער ערשטער אויסגעזונגען זיין לויב צום בורא עולם. אַ גאַנצע מחנה הענער האָבן אונטערגעכאַפּט און אָנגע־זאָגט דעם שלעפעריקן שטעטל וועגן טאָג וואָס קומט אָן, און די דריי זיך איילנדיקע מענטשן — וועגן דער באַן וואָס וועט באַלד קומען.

באַגלייט מיט קוקעריקוס זיינען די דריי געגאַנגען שטיל. זיי האָבן ניט גערעדט צווישן זיך, אָבער זייערע אַלעמענס געדאַנקען האָבן זיך געצויגן צום וואָקזאַל, צו דער באַן, וואָס וועט ברענגען זייער אַלטן פריינד קלמן בולאַן און טאָדרעס דעם אַגענט.

כאַטשען און העטשען איז געווען ניט צו דערקענען. ביידע האָבן זיך אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע לאַקירטע שטיוועלעך, די הויזן האָבן זיי איינגעלייגט אריבער די כאָליאַוועס מיט אַ פיינעם קנייטש, ווי פּראַנטן. געטראָגן האָבן זיי ביידע כמעט נייע געוואַנטענע בורקעס, אונטערגעגנייטע מיט פעלצלעך. די קיילעכדיקע, שוואַרצע באַראַשקענע קוטשמעס פאַררוקט צום אויער, אויף אַ זייט. איצט, אַן בייטש־שטעקלעך אונטערן אָרעם, האָבן זיי ביידע אויסגעזען ווי רוסישע סוחרים אראָפּגעקומען פון ערגעץ אויף אַ יריד אין שטעטל.

אַלע דריי האָבן זיך באַזעצט אין ליכטיקן בופעט און זיך געהייסן דער־לאַנגען טיי. זיי האָבן געזופּט לאַנגזאַם די הייסע גלעזער טיי, כדי צו פאַר־טרייבן די צייט. ביז די באַן וועט קומען איז נאָך געווען גענוג צייט. מ׳האָט איצט ווייניק גערעדט, אַלץ איז שוין פון פריער געווען אָפּגעמאַכט. זיי האָבן

געווויסט ווו דער „אורח" וועט פאַרפאָרן און זיך באַהאַלטן ביז אַלץ וועט ווי געהעריק צוגעגרייט ווערן פאַר גנבענען די גרענעץ. מאָניע דער אַגענט האָט שוין דאָ אַלץ באַזאָרגט. אברהמל דער פּראַטשעשניק האַלט שוין אפילו אין בוזעם־קעשענע אַ כּתיבה, אָנגעגרייט פאַר קלמנען.

דער פרימאָרגן האָט זיך ביסלעכווייז צעליכטיקט. אויפן וואָקזאַל איז געוואָרן לעבעדיקער. פורן פון די נאָענטע דערפער, און בוידן מיט פאַר־שוינען פון שטעטל האָבן זיך גענומען באַווייזן. מ׳האָט געשלעפּט פעק און וואַליזעס. עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג, אַ סימן אַז די באַן איז שוין אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע. מיט קלאַפּנדיקע הערצער זיינען געשטאַ־נען קלמנס דריי פריינד און אָפּגעוואַרט דעם אָנקומענדיקן צוג.

אַ לאָקאָמאָטיוו־פייף האָט דורכגעשניטן די לופט און אויפן האָריזאָנט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אַ וואָלקן רויך. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך דערשלעפּט מיט אַ גרילצעריי און סאָפּעריי צו דער סטאַנציע, ווי אַן אויסגעמאַטערט פערד נאָך אַ לאַנגן וועג. לאַנגזאַם איז ער שטיין געבליבן ביים ראַנד פון פּלאַטפאָרם. אברהמל האָט געוואָרפן אָנגעשטרענגטע בליקן אויף אַלע זייטן. זיי האָבן אַלע געקוקט צו די ארויסגאַנג־טירן פון די וואַגאָנעס און יעדער האָט זיך געפלייסט דער ערשטער צו דערזען קלמנען.

כאַטשע האָט פון דער ווייטנס דערזען צוערשט טאָדרעס דעם אַגענט, און גלייך נאָך אים איז קלמן אראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן־טרעפּל אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און צוגעלאָפן צו קלמנען. זיי האָבן זיךביידע איינגעקלאַמערט איינער אין אַנדערן. זיי האָבן געפילט ווי איינער וויל זיך שטאַרקער צודריקן צום צווייטן, מיט ליב־שאַפט. די זעלבע זאַך האָט זיך אַ מינוט שפּעטער איבערגעחזרט מיט די אַנדערע צוויי. טאָדרעס האָט אַ ווונק געטאָן צו אברהמלען, דאָס האָט באַ־טייט : גענוג. ער האָט זיך געאיילט מיט די צוויי צערודערטע פריינט אין שטעטל אריין.

## קלמן טרינקט ווידער אַ לחיים מיט פריינד

אין אַ הינטערשטן צימער פון אַן אָפּגעלאָזענער, האַלב־פוסטער אכסניה זיינען זיי איצט געזעסן און געקוקט קלמנען אין מויל אריין. ער האָט דער־ציילט זיינע איבערלעבונגען אַלס נאָוואָבראַנעץ, מעשיות און סתם שמד־שטיק פון דראַגונער־פּאָלק. ווי אַ נאָענטער מחותן צו דער שמחה, האָט

דער פּראַטשעשניק געהייסן אַרויפשטעלן אויפן טיש בראָנפן און צובייסן. קלמן, וועלכער האָט די אַלע חדשים ניט פאַרזוכט דעם ביטערן טראָפּן, איז שוין ביי די ערשטע עטלעכע גלעזלעך בגילופינדיק געווען. זיינע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט אַ גלאַנציקן אָפּשיין. אַ סימן אַז ער איז שוין אונטערן גלעזל, ווייל ער האָט שוין מער ניט געקענט דערציילן ווי פריער, גלאַטיק, נאָר די צונג האָט זיך אָנגעהייבן אַ ביסל פּלאָנטערן.

גראָדע האָט זיך קלמן איצט דערמאָנט די מעשה פון געצלען מיטן קאַרצער. ס׳האָט זיך אים געוואָלט דערציילן זיין בריהשאַפט, ווי אַזוי ער, קלמן, האָט פאַרפלאָכטן אַ בינטל פינגער אין מאָרדע אריין דעם זוואָדנעם. האָט ער געפילט אַז ער מוז נאָך אראָפּציען כאָטש איין האַלבע טייגלאָז כדי עס צו דערציילן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. נאָר ווי ער האָט אראָפּגעגאָרגלט די האַלבע גלאָז, האָט אים גאָר פאַרקוועטשט דאָס האַרץ אויף געצלען, וואָס איז געבליבן נעבעך אליין צווישן גויים; און צוליב זיין, קלמנס אַנטלויפן, וועט ער ערשט זיין אויף געהאַקטע צרות — האָט קלמן צונויפגעדריקט די קולאַקעס, אַ זעץ געגעבן אין טיש אריין און זיך צעכליפּעט מיט געיאָמער, ווי אַ קינד:

„איר פּאַרשטייט, ברידער! איך, די ניכפּה זאָל מיך נעמען, בין אַנט־לאָפן פון פּאָניען און איבערגעלאָזט געצלען אויף גאָטס באַראָט. איך האָב זיך אָבער איינגעשטעלט פאַר געצלען, צעפּאַלמעסט דעם זוואָדנעם ווייל ער האָט אים געררופן זשיד פּאַרכאַטי, און בין דערפאַר 14 טעג אין קאַרצער געזעסן... נאָר כ׳האָב דאָס אין דר׳ערד. כ׳האָב געוויזן די ערלים, אַז אַ ייד קען זיך אויך אַזוי גוט ווי זיי באַגיין מיט אַ פערד. די זשלאָבעס האָבן פאַר מיין דוך געציטערט, ווי איך בין אַ ייד! און אין מיטן דערינען, אַז די כאָ־ליערע זאָל מיך כאַפּן, גאָר גענומען און אַנטלאָפן...״

ער האָט אָפּגעמאָסטן די אַנדערע דריי מיט פאַרשיכורטע בליקן, ווי ער וואָלט געפאָרשט וואָס פאַר אַן איינדרוק זיין ווידוי מאַכט אויף זיי. ער האָט שטיל געפליסטערט:

„כאַטשע און העטשע, אירביידע זייט מיר ווי ברידער, וועט איר מיר דאָך גלויבן. און אייך, ר׳ אברהם, דאַרף איך דאָך אויך קיין פינגער אין מויל ניט אריינלייגן. איז הערט זשע וואָס כ׳וועל אייך דאָ איצט זאָגן, דעם כשרן אמת: איך קען מער ניט לעבן אָן איר... ווי נאָר איך דערמאָן זיך אָן איר, ליבא מאַטערי, הייבן אָן אין מיר צו קאָכן מיינע טריפהנע בלוטן...

איך ווער משוגע... איך גיי פון זינען אראָפּ... אַ פּאָהיבעל זאָל אויף מיר קומען, ברידער!... נו, טאָ וואָס האָב איך געדאַרפט טאָן? אָפּדינען פּאָניען און איר פּאַרלירן? אז איך קען פּאָרט אָן איר מער ניט לעבן אפילו איין טאָג... צוליב וואָס האָב איך געדאַרפט געבוירן ווערן אויף דער וועלט? פּאַרברענט זאָל עס ווערן! טראסצע וואַשע מאטערי!" און קלמנס קאָפּ האָט געטאָן אַ פּאַל צו זיינע פּלייצעס און ער האָט זיך צערעוועט ווי אַ גע־קוילעטער אָקס.

אברהמל דער פראַטשעשניק איז געוואָרן אומרואיק פון קלמנס אויפ־פירונג:

„אָט האָסטו דיר אַן ארויספאַר. און וואָס טוט מען מיט אים איצט?"

כאַטשע האָט אַ ווונק געטאָן העטשען, און ביידע האָבן זיך גענומען צום אַלטן, אויסגעפּרוווטן מיטל וואָס ברענגט קלמנען צו זיך. כאטשע האָט אים אָנגענומען פאַר די אַקסלען, אַ גוטן טרייסל געטאָן, און העטשע האָט אים בעת־מעשה דערלאַנגט דעם אמתן בוכצע אין זייט און זיך אויף אים צעשריען:

„בולאַן, אַ בראַנד דיר אין דיינע געדערעם אריין, האָסט זיך שוין צע־הוליעט! האָסט שוין אָנגעהויבן פּראַווען דיינע ריזיקע? אַבי כ'האָב גע־מיינט אז פּאָניע האָט דיר א ביסל אויסגעמענטשלט. צום סוף געבליבן דער אייגענער בולאַן. אַ כוואַראַבע דיר אין בייכעלע, קלמנקע, האָסט מיסתמא פאַרגעסן צו וועמען דו פּאַרסט? אַ לעבן האָט דאָס געכאַליעט נאָך דער מויד און איצט, אז גאָט האָט דיר געהאָלפן און דו וועסט איר שוין באַלד זען, זיך ארומכאַפּן מיט איר, האָט ער זיך גאָר צעכליפּעט ווי אַ חדר־יינגל".

„און זע נאָר ווו ער האָט זיך דאָס אויסגעקליבן צו פּראַווען זיינע שטיק: אין אַ פּרעמדער שטאָט, אין אַ פרעמדער אכסניה, צווישן פּרעמדע מענטשן. שעמסט זיך גאָרניט פאַר לייט, בולאַן? אוי, אַ כוואַראַבע האָט געמעגט נע־מען פּאָניען מיט זיינע דראַגונער".

קלמן האָט פּלוצלינג אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, זיך אויפגעשטעלט, און ווי ער וואָלט זיך ערשט דערמאָנט, האָט ער אַ ריס אַראָפּ געטאָן דעם האַרטן קראַגן פון זיין רויט־אָנגעריבענעם האַלדז. איצט האָט ער מיטאַמאָל זיך דערפילט פרייער, האָט ער ארומגענומען מיט זיינע שטאַרקע הענט כאַטשען און העטשען און זיי לײַדנשאַפטלעך אָנגעהויבן קושן. אין שיכורער באַ־גייסטערונג האָט ער זיי ארייַנגעשריען אין די אויערן:

„איךביידע זייט מיינע טאַטעס! צוויי טאַטעס זייט איר, מיינע, אַ געזונט אייך אונטער אייערע קאמעזשעלקעס! און איך, דער קלאָג זאָל מיך נעמען, פאָר אַוועק... אַוועק פון די טאַטעס... ווייט... ווייט...״ און קלמן האָט מיט די קולאַקעס זיך געפּויקט אין האַרצן אריין: „אָט אָדאָ וועט איר ביי מיר שטענדיק בלייבן, אפילו ווען כ׳וועל ליגן אין דר׳ערד, מיט שרעבלעך אויף די אויגן...״

און אזוי האלדזנדיק זיי האָט קלמן מיט זיין שווערן גוף זיך אראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, מיטשלעפּנדיק מיט זיך כאַטשען און העטשען.

# 20

# אין שטעטל

## אויף לאָנדאָנער וואָקזאַל

נאָך לאַנג־צעצויגענע טעג און וואָכן פון וואַגלענישן מיט באַן און שיף דורך גרויסע שטעט און האַפנס, איז קלמן שטיין געבליבן מיט זיין אָרעם פּעקל אויף אַ לאָנדאָנער וואָקזאַל. די שרעק פון גנבהנען די גרענעץ און אַלע מאַטערנישן אויף דעם אומבאַקאַנטן וועג, זיינען אים נאָך געווען איינגעגעסן אין די ביינער.

ווידער איז ער געשטאַנען אויף אַ גרויסער סטאַנציע. דאָס האָט אים דערמאָנט אָן זיין פרעמדקייט, ווי אויף אַלע פריערדיקע סטאַנציעס. די איז אָבער געווען אָן אַ שיעור גרעסער און דער טומל דאָ האָט שטאַרקער גערוישט אין די אויערן. שווערע לאָקאָמאָטיוון האָבן געהודזשעט, געסאָפּעט און געפייפט.

אין קאָפּ איז אים געשטאַנען די אומגעווינטע גרילצעריי, און פאַר זיינע אויגן האָבן פאַרבייגעשווינדלט שטראָמען מענטשן, ווי לויזער זאַמד וואָס שיט זיך פון אַ פאַרקוועטשטער פויסט. אַלע האָבן זיך דאָ געאיילט, געלאָפן,

ווי איינער וואָלט געיאָגט דעם אנדערן. מיט פעקלעך, טשעמאָדאַנעס און טאָרבעס אין די הענט, האָבן זיי זיך געצויגן אין פארשיידענע ריכטונגען און גערעדט אויף אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך. אָבער קיין איינער פון דער דאָזיקער גרויסער מאַסע האָט זיך אפילו אויף קלמנען ניט אומגעקוקט, נאָר אים אויסגעמיטן, ווי דאָ וואָלט געשטאַנען א בוים צי אַ פלאָקן.

קלמנס בלאָנדזשענדיקע בליקן האָבן געפּאָרשט די פּנימער, אפשר וועט ער דערזען א יידישע נאָז. זיינע בעטנדיקע אויגן האָבן ווי גערעדט מיט רחמנות: מיט וועמען פון אייך קען איך זיך צונויפריידן. אָבער מיטן בלויזן בליק איז שווער געווען אזא איינעם צו געפינען. יידישע פּנימער האָבן זיך אים טאַקע געוואָרפן אין די אויגן, נאָר ער האָט ניט געהאַט די דרייסטקייט אָפּצושטעלן איינעם פון זיי, ווייל ווי קען דאָס געמאָלט זיין, האָט ער גע־טראַכט, אַ ייד אָן באָרד־און־וואָנצעס, ווי אַן אמתער גוי.

אין גאַנצן פאַרצווייפלט איז אָבער קלמן נישט געוואָרן. ער האָט גע־ווּסט, אז אפילו איצט, אין דער פרעמדער מדינה און צווישן אַן ערב רב פון מענטשן, וואָס ניט ער פאַרשטייט זייער לשון און ניט ער זעט דאָ אַ יידיש פּנים, איז אים דאָך בעסער ווי מיט עטלעכע וואָכן צוריק, בעת ער האָט געשוואַרצט די גרענעץ. זינט ער איז אַנטלאָפן פון קאַלוגע ביז זיין אָנקום אויף דער סטאַנציע, האָט ער דורכגעמאַכט אלערליי גילגולים. די פּחדים אויפן וועג, טאָמער כאַפּט מען אים און מע פאַרשיקט אים אין סיביר, האָבן אים אזוי צעטרייסלט, אז אַ שאָרך פון אַ בלעטל אין וואַלד האָט אים געקענט מאַכן אויפציטערן. דער פויער, וואָס האָט אים געפירט אויף די וואַלדיקע סטעזשקעס, האָט אים טאַקע געזאָגט, אז קיינער יאָגט אים ניט, דאָס פלאַצן די אַלטע הארבסט־בלעטער אונטער די טריט זייערע.

איצט איז קלמן געשטאַנען אויף אַ פעסטן באָדן. ניט קיין בלעטלעך און ניט קיין מענטשן האָבן אים געשראָקן. דער טשאַד פון אַלע סטראַשנ־דיקע טעג האָט זיך גענומען אויסוועפּן פון זיין קאָפּ. זיין געדאַנק איז גע־וואָרן קלאָר און ער האָט אָנגענומען מיט ליבשאַפט זיין עלנטקייט.

ער וואָלט דאָ נאָך געניטשטערט מיט זיינע קוקערס ביז ער וואָלט דאָך געפונען אַ ריכטיקן יידן, אָבער מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַ שטילן ציטער הינטער זיך. ער האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען אַ הויכן פּאָליציסט, לאַנג ווי אַ דראָנג, מיט אַ צוויי־ברילעדיקן שוואַרצן לאַנגן הוט אויף זיין קאָפּ. קלמנס אומרואיקע און צעשראָקענע אויגן האָבן זיך באגעגנט מיט

אַ פּאָר שמייכלענדיקע אויגן. דער פּאָליציסט איז געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט קלמנען און ער האָט צו אים גערעדט אין זיין פרעמדן לשון. ער האָט אים עפּעס געפרעגט, נאָר קלמן איז געשטאַנען און געקוקט אויף אים, ווי אַ האָן אין בני אדם. ער האָט גאָרניט פאַרשטאַנען.

קלמן האָט אָבער געפילט אז ער וויל אים העלפן, איז אים דערפון וואַרעם געוואָרן אין אַלע גלידער און אויך פאַרדראָסיק אויף זיך אליין, וואָס ער קען אים גאָרניט ענטפערן. האָט זיך קלמן צעשמייכלט מיט אַ ברייטן, פריינדלעכן מויל און פונאַנדערגעשפּרייט הילפלאָז די הענט. ער האָט נאָך קוים ארויסגעשטאַמלט איינציקע אָפּגעהאַקטע ווערטער אויף יידיש, וואָס האָבן געזאָלט באַטייטן: איך פארשטיי גאָרנישט!

דער פּאָליציסט האָט צו קלמנען צוריקגעשמייכלט און מיט דער האַנט האָט ער אים געגעבן אַ צייכן ער זאָל שטיין בלייבן אויף אַן אָרט, און מיט איילנדיקע טריט איז ער אַוועק... אַ קליינע ווײַלע שפּעטער איז דער פּאָליציסט צוריקגעקומען צו קלמנען מיט אַן עלטערע פרוי. זי איז געווען נידעריק און פון איר צעקנייטשט פּנים האָבן צו אים ארויסגעשמייכלט אַ פּאָר גוטמוטיקע, בלויע אויגן. זי האָט קלמנען באַגריסט מיט אַ באַקאַנט היימישן „גוטמאָרגן".

## אויף לאָנדאָנער גאַסן

קלמן האָט שנעל געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אויף דער פרוי. זי האָט געטראָגן א קליינע הוט, און די הויכע, שפּיציקע פעדער, וואָס האָט ארויסגעשטעקט פון איר הוט, האָט אים אינגאַנצן צעטומלט. ווער ווייס וואָס פאַראַ פריצטע דאָס איז, האָט ער געטראַכט. ער האָט אַ פאַרלוירענער געזוכט די יידישע שטריכן אויף איר פּנים.

די פרוי האָט אָנגעהויבן צו ריידן צו קלמנען אין אַ צעקאַליעטשעטער, מאָדנער שפּראַך, א געמיש פון יידיש מיט גאָר אַ סך דייטשע ווערטער. קלמן האָט לויט אירע פראַגעס פאַרשטאַנען, אז זי וויל וויסן ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט און וווהין ער פאָרט. קלמן האָט איר אין קורצן דערציילט, אז ער פאָרט קיין אפריקע, אין אַ שטאָט וואָס הייסט יאָהאַנעסבורג, צו זיינעם אַ פעטער, אָבער דאָ אין לאָנדאָן האָט ער קיינעם ניט און ער ווייס ניט וואָס ער זאָל איצט טאָן. צו וועמען זיך ווענדן? האָט ער הילפלאָז געפרעגט.

די פרוי האָט באַמערקט אין זיין בעטנדיק פּנים, אַז ער דערציילט איר דעם אמת. פון זיינע אויגן האָט ארויסגעקוקט אומזיכערקייט און פאַר־צווייפלונג, אָבער אויך א פריידיקע יונגשאַפט. זי האָט אים בארואיקט מיט גוטע ווערטער און מיט דעם האָט זי אים דערמאָנט אָן זיין מאַמען. זי האָט אים געבעטן מיטגיין מיט איר.

זיי זיינען צוזאַמען ארויס פון דער גרויסער טונקעלער געביידע אויף דער רוישיקער גאַס. זי האָט אים צוגעפירט צו אַ קאַרעטע, וואָס איז גע־שטאַנען ביים טראָטואַר. א ווײַלע שפּעטער האָבן זיי זיך שוין געטראָגן איבער די גלאַט־געפּלאַסטערטע גאַסן. מיט אַ געניט אויג האָט קלמן באַ־קוקט די צוויי אויסגעפּוצטע פערד. לויט זייער גרויס האָט ער זיי געשאַצט אין אַ מטמון. ווי להבדיל די פון קניאז, וואָס פלעגט אָנפאָרן אין שטעטל מיט אזא פּאָר אָדלערס, איז קלמנען דורכגעפלויגן אַ געדאַנק.

דער קוטשער איז געזעסן פון הינטן, אין אַ באַזונדער אויסגעצאַצ־קעטן קעסטל. געטראָגן האָט ער אויפן קאָפּ אַ צילינדער, און קלמן האָט צו זיך געשמייכלט, זיך דערמאָנענדיק, אַז אינדערהיים פלעגט אזא צילינ־דער טראָגן דער קאַזיאָנער רב, צי דער גאָר גרויסער חזן פון דער כאָרשול, וואָס פלעגט קומען איין מאָל אַ יאָר אין שטעטל צו אַ קאָנצערט. די לייצעס האָט דער דאָזיקער „פריץ" געהאַלטן אָנגעצויגן איבער זייערע קעפּ. קלמן האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן, באַטראַכטנדיק מיט נייגער די זדאָראָווע און אומגעלומפּערטע פערד און דעם אופן ווי מ׳זיצט ביי לייטן אויף קאָזלעס.

פון דער אָפענער בויד האָט קלמן זיך אויך צוגעקוקט צו די טומלדיקע גאַסן מיט די אַלטע, אָפּגעקראָכענע מויערן פון ביידע זייטן. די צוויי־עטאַ־זשיקע טראַמווייען, פול־געפּאַקטע מיט מענטשן, האָבן מיט אַ בראַזגעריי און קלינגעריי זיך פאַרבייגעטראָגן פארביי אים. אויטאָס האָבן זיך פארביי־געגליטשט מיט עלעגאַנטער לייכטקייט. קוטשערס אין צילינדער־היט האָבן אַראָפּגעקוקט פון גלאַנציק־שוואַרצע דראָזשקעס און די שיינע פערד האָבן זיך גרינג געטראָגן. די גומענע רעדער האָבן ניט געמאַכט קיין גערויש. פאַר קלמנס אויגן האָט אלץ פאַרבייגעשווינדלט ווי אַ לוסטיקער פּאַראַד און ער האָט זיך נישט געקענט אָפּקוקן פון די זיך בייטנדיקע בילדער.

אָט דאָס הייסט א גרויסע שטאָט, האָט קלמן געטראַכט. אזא שטאָט האָט ער שטענדיק געוואָלט זען. אפילו די מענטשן זיינען דאָ גאָר אַנדערע. זיי זעען אים אויס נישט אזעלכע פאַרזאָרגטע און פאַרשלאָפענע ווי אין דער

הײם. זײער טעמפּאָ איז אַ גיכער, װי אַלע װאָלטן זיך דאָ אײלן ערגעץ װוּ. זײער גאַנג, זײערע באַװעגונגען, זײַנען פֿול מיט לעבן. און קלמן איז גע־װען צופֿרידן, װאָס ער װעט גאָר גיך אױך זײַן אײנער פֿון אָט אַזעלכע מענטשן אין אַ גרױסער שטאָט, אַ נײַער מענטש.

קלמן איז געװען אַזױ פֿאַרקלערט װעגן די קומענדיקע טעג, אַז ער האָט אַפֿילו ניט געפֿילט װי דער קוטשער האָט אָנגעצױגן די לײצעס און די פֿערד זײַנען שטײן געבליבן, און אַז די פֿרױ בײַ זײַן זײַט האָט אָנגעהױבן רײדן האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן װי פֿון אַ זיסן חלום.

„דאָס איז דער שעלטער, דאָ װעט איר האָבן אַ הײם ביז אײער שיף װעט אָפּגײן".

קלמן האָט מיט געררירטער דאַנקבאַרקײט געשמײכלט צו דער פֿרױ, װאָס איז אַראָפּ פֿון דער קאַרעטע און מיט שװאַכע, קורצע טריט איז זי געגאַנגען צו דעם כמורנעם בנין װאָס האָט געהײסן שעלטער און געזאָלט זײַן קלמנס הײם ביז די שיף װעט אָפּגײן. קלמן איז איר נאָכגעגאַנגען מיט דראָבנע טריטעלעך און אין האַרצן געפֿילט צו איר אַזאַ דאַנקבאַרקײט, אַז ער װאָלט זי אַרומגעכאַפּט און געקושט װי מ׳קושט אַ מאַמען.

## קלמן מאַכט זיך אַ װאַנע

אין שעלטער האָט קלמן מיט געהאָרכזאַמקײט אױסגעפֿירט אַלע אינס־טרוקציעס פֿון די אױפֿזעערס. מיט אַ ניט געװױנטער אונטערטעניקײט האָט ער זיך דאָ צוגעהערט צו די אָנװײַזונגען פֿון דעם עלטסטן, װי ער װאָלט געפֿאָלגט זײַן אָפּיצער אין דראַגונער פּאָלק.

צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן איז קלמן געלעגן אין אַ שפּיגלדיק־פּאָרצעלײענער װאַנע, װאָס פֿון איר קאָכיקן װאַסער האָט געשלאָגן מיט קנױלן פּאַרע. ער האָט זיך רחבותדיק צעלײגט און געטראַכט, װי גוט דאָ לעבן מענטשן. אין שטעטל עסן נאָר די רײַכע בעלי־בתּים פֿון פּאָרצעלײ־ענע טעלער, און דאָ מאַכט זיך קלמן בולאַן א װאַנע אין אַזעלכע פּאָרצעלײ. ער האָט איצט הנאה געהאַט זיך אַלײן צו פֿרעגן: בין איך טאַקע דער קלמן, דערזעלבער קלמן בולאַן, װאָס איז געװען אַ שמײסער בײַ עליע בעל־עגלה? איך, קלמנקע, יענטע דער מאַזשניצעס באָק, ליג איך עס אין מיטן טאָג אין אַ װאַנע, מיט אַזעלכע שמעקעדיקע באַרסקע זײף, װאָס דעם גרעסטן נגיד אין שטעטל האָט זיך עס ניט געקענט חלומען.

א־א־א! האָט קלמן זיך געריבן מיט דער ווייך־אַנגעמוליעטער מאַ־טשאַלקע זיין מוסקולירט־פאַרהאַרטעוועט לייב און זיך געקוויקט פון פאַר־געניגן. דאָס פּאַסט זיך גאָר ניט אַנדערש ווי פאַר דעם קניאַז פון שטעטל, איז אים ווידעראַמאָל געקומען אויפן זינען דער קניאַז וואָס מ׳האָט וועגן אים דערציילט, אז איך זיין פּאַלאַץ איז געווען אַ צימער מיט אזא גרויסע באָד ווו מ׳האָט אפילו געקענט שווימען, און אלערליי שמעקעדיקע זייפן פלעגט מען אים ברענגען אזש פון פּאַריז.

אַן אמתער גן־עדן! האָט קלמן געטראַכט, און זיך איצט דערמאָנט ווי אליהו דער אייזנקרעמער פלעגט זאָגן, אז קליינשטעטלדיקע מענטשן לעבן ווי שמוציקע חזירים, ווייל זיי קענען זיך גאָרניט פאָרשטעלן ווי מ׳לעבט ביי לייטן. און איצט פארשטייט ער אויך, וואָס ס׳האָט געמיינט ווען מ׳פלעגט זאָגן, אז אַ קליינשטעטלדיקער חכם איז אַ גרויסשטאָטישער טיפּש.

אז דער אויפזעער האָט קלמנען אָנגעוויזן צו מיטאָג אַן אָרט ביי דעם לאַנגן טיש, וואָס איז געווען פאַרדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך און אויסגע־פוצט מיט פאַפּירענע קאָלירטע סערוועטן, האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם שבת־נחמו ביי הערצל דעם שוסטער, ווען ער האָט, קומענדיק פון אפריקע, געפּראַוועט אַ גרויסע סעודה פאַר חברה קדישא. אזוי האָבן אויך דאָרט אויסגעזעזן די טישן; די גאָפּל־מעסער זיינען ווי דאָ געווען אויסגעלייגט פאַר יעדערן באַזונדער. אָבער דאָרט איז דאָך געווען אַ גרויסער יום־טוב — אַ קלייניקייט, די סעודה פון דער חברה קדישא, וואָס קיינער קען איר עד היום ניט פאַרגעסן! אָבער דאָ, אין אַ מיטן פון אַ וואָכיקן טאָג און סתם אָן אַ פאַרוואָס, זיינען די טישן געדעקט ווי צו אַ חתונה, און ער, קלמנקע, יענטע די מאַזשניצעס זונדל זאָל דאָ ווערן אַ גלאַוונער מחותן? האָט קלמן זיך אליין ניט געטרויט צוצורירן צום עסן, נאָר איז געזעסן און געגלאָצט.

## פּייוול

אַ ליטווישער יונגערמאַן, וואָס איז געזעסן פון פריער שוין, האָט באַ־מערקט קלמנס אומדרייסטקייט און געוואָלט אים מקרב זיין:

„יונגערמאַן, זעצט זיך אַוועק ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, ניט אויף אַ האַלבן שטול, ווי איר וואָלט האַלטן ביים אַנטלויפן. האָט קיין מורא ניט, דאָ איז נישט רוסלאַנד. קיינער וועט אייך פון אייער אָרט ניט אַראָפּזועצן. און שעמט זיך ניט, עסט, טייערער וועט מען אייך נישט רעכענען”. און ווי ער

וואָלט וועלן ווייזן ווי מ׳טוט עס, האָט דער ליטוואַק אַליין זיך אָנגעשטאָפּט פּולע פּיסקעס און געריבן אויף ביידע באַקן.

קלמן האָט צו אים געשמייכלט מיט דאַנקבאַרקייט. און אַז ער האָט זיך דערפילט היימישער האָט מען זיך באַלד פונאַנדערגעשמועסט. פון יענעמס רייד האָט קלמן זיך דערוווּסט, אַז אויך ער פאָרט קיין דרום אפריקע, און טאַקע אין יאָהאַנעסבורג, און צו קלמנס פריידיקער איבעראַשונג איז קיין גרענעץ ניט געווען. ער איז איצט גרייט געווען פאַר דעם יונגן מענטשן צו טאָן אַלץ, ווען ער האָט געהערט פון אים אַז אויך ער וואַרט דאָ אין שעלטער אויף דערזעלבער שיף. און קלמן האָט זיך מיט זיין גאַנצער וואַרעמער אי־בערגעגעבנקייט צוגעקלעפּט צו דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט מיטן נאָמען פייוול אראַנאָווסקי.

פייוול איז געווען אויסגעדאַרט און נידעריק. און פון ליטע איז ער גע־פאָרן קיין אפריקע נישט מחמת נויט, נאָר, ווי ער האָט איינגערוימט קלמנען גוט־ברודעריש, ווייל ער איז אנטלאָפן פון דער פּאָליציי פאַר אָנגעהערן צו אַ ניט לעגאַלער פּאַרטיי. די שטעטלדיקע פּאָליציי האָט שוין פון לאַנג גע־האַט געוואָרפן אַן אויג אויף אים, נאָר ער האָט זיך כסדר ארויסגעדרייט, ביז ער האָט זיך דערוווּסט אַז מ׳זוכט אים טאַקע אויף אַן אמת, אויף צו אַרעסטירן. חוץ דעם האָט ער געהאַט משפחה אין דער דאָזיקער אפריקע, האָט ער איינגעפּאַקט די פּאָר בעבעכעס און ער פאָרט. און קלמן איז געווען גליקלעך פון דער באַקאַנטשאַפט.

פייוול איז געווען אַ היימישער אינטעליגענט, וואָס איז געווען אָנגע־שטאָפּט מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און מיט סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־בראָשורן. מיט זיינע ברילן, אין דינע רעמלעך, און מיט זיין קאָפּ שוואַרץ־געלאָקטע האָר, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונגער לערנער אויף קעסט, וואָס האָט ערשט פאַרלאָזט די ישיבה, אָדער ווי אַ שטעטלשער לערער, אַן אָנפאַנגער. פייוול האָט אָבער קיין פאַך ניט געהאַט און ער האָט נאָך קלאָר ניט געוווּסט וואָס ער וועט דאָרט אין דער אפריקע טאָן.

קלמן האָט גלייך אָנגעהויבן קוקן אויף פייוולען ווי אויף אַ גרויסן מענטשן און האָט צו אים גערעדט מיט אַן אַ שיעור דרך־ארץ. פייוול האָט אָבער זיך באַצויגן צו קלמנען ווי צו אַ חבר — ער האָט זיך מיט אים גע־פריינדלט און אפילו געווען צוגעלאָזן. קלמן איז געוואָרן אינגאַנצן פאַר־כאַפּט פון דער באַגעגעניש, ווי ס׳וואָלט אים פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעך

גליק. ער האָט אַ צופרידענער געטראַכט, אַז כאָטש פּיוול זעט אויס צו זיין אַ גוואַלדאָוונער אינטעליגענט, איז ער אָבער אַזוי פּשוט, אַז ער פאַרשטייט ווי זיך צו חברן אפילו מיט אַזאַ פּראָסטאַק ווי אים, קלמן. האָט קלמן גע־טראַכט אַז אויך ער וועט זיך קענען צופּאַסן צו פּיוולען, און זייער חברשאַפט וועט אָנהאַלטן אפילו קומענדיק אין דעם נייעם לאַנד.

דערווייל האָט קלמן אויף אַ רגע נישט אָפּגעטראָטן פון זיין נייעם חבר, איז אים נאָכגעגאַנגען אומעטום און צו אַלץ וואָס ער האָט נאָר געזאָגט האָט ער צוגעשטימט. און וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען ביי קלמנען קודש. ער האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו זיינע מיינונגען, אָבער ניט אַלץ האָט ער פאַרשטאַנען. איבערהויפּט איז עס געוואָרן שווער, ווען פּיוול האָט גענומען ריידן וועגן „העכערע ענינים". קלמן האָט וועגן די אַלע זאַכן כמעט גאָרניט פאַרשטאַנען, נאָר ער פלעגט בלויז מיט הנאה צושמייכלען. זיינע גוטע אויגן האָבן געקוקט פּיוולען אין מויל אריין און ער פלעגט צו־שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי אַ סימן אַז מיט אלץ וואָס ער זאָגט איז ער, קלמן, מסכים.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען און פּיוול האָט גרינטלעך דערקענט קלמנען. אין דעם רויען און ניט אַנטוויקלטן מענטשן איז געזעסן אַ וואַרעמע נשמה פון אַ פּשוטן פאָלקסמענטש. ער האָט פאַרמאָגט אַ ברייט האַרץ, וואָס ער איז גרייט מקריב צו זיין פאַר יעדן איינעם. איז אויך פּיוול געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש מיט קלמנען, ווייל שטענדיק האָט ער געחלומט פון אַזאַ געלעגנהייט צו קענען קומען אין קאָנטאַקט און נאָענט ווערן מיט אַזאַ טיפּ. האָט אויך שוין פּיוול ניט אָפּגעלאָזט קלמנען אויף אַ מינוט און די פריינד־שאַפט איז געוואַקסן.

## צוזאַמען אויף אַ שפּאַציר

אַן אָסיענדיקע נאַכט האָט צוגעדעקט לאָנדאָן. די עלעקטרישע לאָמפּן אויף די סלופּעס ביי די מויערן האָבן זיך געוויגט הין־און־הער. פון ים איז אָנגעלאָפן א שטורעם. אַ דראָבנער רעגנדל האָט געזיפּט אָן אויפהער, האָט דורכגענעצט ביז צום ביין די בגדים. דער שניידיקער ווינט האָט געשמיסן אין פּנים. די שווארצע שויבן אנטקעגן די לאָמפּן האָבן אויסגעזען פאַר־ווייַנט, און די טרערן־טראָפּנס האָבן געגלאַנצט טרויעריק.

אין אזא נאכט — די ערשטע נאַכט ווי קלמן איז אָנגעקומען אין לאָנ־דאָן — האָט פייוול אים געפירט איבער די גאַסן כדי צו ווייזן די שטאָט. קלמן האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט און זיך אָפּגעזאָגט צו גיין ווייטער. ער איז געווען מיד פון די פיל וואָכן וואָגלענישן און דערפילט אַ נאָגעניש אין האַרצן. ער האָט אויך געוואָלט גיין זיך אויסרוען, ווייל די פיס האָבן זיך אָנגעהויבן ברעכן און די אויגן, האָט ער געפילט, מאַכן זיך צו פון זיך אליין. און הגם קלמן האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן, האָט ער דאָך ניט געהאָט די העזה צו פאַרלאַנגען גיין צוריק, נאָר ער האָט הכנעהדיק געבעטן:

„איך בעט אייך, פייוול, זייט ניט ברוגז אויף מיר... כ׳וואָלט וועלן גיין אויסרוען מיין פעקל ביינער... זאָל זיין ערגעץ אין אַ ווינקל, צי אויף אַ טרוקענער פּאָדלאָגע מיטן קולאַק צוקאָפּנס... איך פיל אז איך וועל דאָ פאַלן אין מיטן גאַס...”

„אזא גיבור!” האָט פייוול געזאָגט אין אַ שפּאַס, „אָבער אויף דער פּאָד־לאָגע וועט איר ניט שלאָפן”.

ער האָט אים צוריקגעבראַכט אין שעלטער און גלייך באזאָרגט פאַר אים אַ בעט אין דעם אלגעמיינעם שלאָפזאַל. דאָס בעט איז געווען איבערגעצויגן מיט פריש־קלאָרע בעטצייג.

„נו, דאָ האָט איר אַ שטיקל פּאָדלאָגע...” האָט זיך פייוול געוויצלט. „אַ גוטע נאַכט!”

קלמן איז שטיין געבליבן ווי אַ פאַרשולדיקטער ביי דעם בעט. ער האָט זיך צעשמייכלט, אַ דריק געטאָן מיטן פויסט דעם מאַטראַץ, ווי ער וואָלט אויסגעפּרוווט זיין כוח און שטיל, ווי ער וואָלט זיך נישט געטרויט, געזאָגט צו פייוולען אַ דאַנק און אַ גוטע נאַכט.

אז פייוול איז אַוועק איז קלמנס שווערע האַנט איינגעזונקען אין ווייכן מאַטראַץ. ער האָט הנאה געהאַט צו פילן ווי די ספּרוזשינעס גיבן נאָך דעם דרוק פון זיין האַנט. דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן וועט ער שלאָפן אויף אַ מאַטראַץ מיט ספּרוזשינעס. האָט זיך זיין האַרץ יינגלש געפרייט: טאַקע אזוי ווי דער פּריץ! מיט אזעלכע ווייסע בעטצייג! אז די ניכפּה זאָל מיך כאַפּן... האָט ער צו זיך גערעדט אַן אויפגעלייגטער.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און קלמן האָט פאַרהילכט דעם גרויסן שלאָפצימער מיט זיין געזונטן כראָפּן.

# 21

# דער פראַנצויז

## אַ בן־בית אין שעלטער

אין שעלטער האָט זיך געדרייט א יונגערמאַן, וואָס איז געווען הויך, דאַר און מיט אַ קאָפּ צעפּודלטע האָר, ווי ער וואָלט זיך אַ גאַנץ לעבן ניט געקעמט. זיין שוואַרצער גאַרניטער איז געווען גלאַנציק פון יאָרן טראָגן אים, און אין די עלנבויגנס האָבן זיך געצומען ווייזן סימנים פון דורכזיכטיקע „פענצטערלעך“.

פון וואַנען ער קומט און וווהין ער קלייבט זיך צו פאָרן האָט קיינער ביי אים נישט געקענט דערגיין. און אז עמיגראַנטן זיינען צוגעשטאַנען צו אים, ווי דער שטייגער איז, און געוואָלט דערטאַפּן מער איינצלהייטן אין שייכות מיט זיין בלייבן דאָ, פלעגט ער זיך נערוועז אַ צאַפּל טאָן, אויסשפּרייטן אַ פּאָר לאַנגע און דינע הענט, ווי ער וואָלט זיך יענעם געוואָרפן שלאָגן, און אויסשרייען: „מיינד יור אוען ביזנעס!“

כמעט קיינער פון די עמיגראַנטן האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון זיינע ווערטער, אָבער לויט זיין אויסזען האָט מען זיך אָנגעשטויסן, אז ער

ווײַל מ׳זאָל זיך פון אים אָפּטראָגן און אים לאָזן צורו. איינס האָט מען אָבער קלאָר פאַרשטאַנען, אַז צוליב זײַנע ניט באַשטימטע צילן, צוליב זײַן ניט געזעצטקייט אַלס מענטש, און איבערהויפּט צוליב זײַן אָרעמאַנסטווע, וואָס רייסט די אויגן, זיצט ער נעבעך אין שעלטער.

די אויפזעער האָבן לכתחילה אים געגעבן אָנצוהערעניש אויף אַן איידעלן אופן, אַז עס איז שוין צײַט פאַר אים זיך ארומצווזען וועגן אַ תכלית. אָבער אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט מען פּשוט גענומען „ריידן מיט אים באַקציינער״. אויך דאָס האָט אים גאָר ווייניק געאַרט, ער האָט זיי געהערט ווי אין טראָק. נאָר אַז דער קאָמיטעט איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים און געזאָגט, אַז מ׳וועט אים מוזן מיט גוואַלד ארויסוואַרפן, האָט ער זיי צוריק געדראָט — אַז ער וואָלט אַ בעלן געווען עס צו זען, ווייל ניט אַנדערש נאָר זיי ווילן נעמען אויף זייער געוויסן אַ יידישן נפש...

אוודאי האָט קיינער נישט געוואָלט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זײַן לעבן — און מ׳האָט אים ווידער צורו געלאָזן. איז דער יונגערמאַן אַזוי פאַוואָלינקע זיך אָפּגעזעסן חדשים אין שעלטער ביז ער איז שוין פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ שטענדיקן תושב. עמיגראַנטן האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, געמאַכט השערות וועגן דעם יונגנמאַן, ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט און וווהין אייגנטלעך וויל ער פאָרן, אָבער ס׳האָט זיך אַלץ געקלעפּט ווי אַן ארבעס אָן וואַנט. צום סוף, נישט קענענדיק אויסגעפינען ביי אים אליין דעם סוד, האָט מען צווישן זיך באַשלאָסן, אַז ניט אנדערש נאָר ער איז אַ פּראָנצויז. און דער טעם איז געווען: לויט זײַן ריידן יידיש איז ער ניט קיין פּוילישער, ניט קיין ליטווישער און ניט קיין רוסישער — טאָ איז ער געוויס פון פראַנקרייך — אַזא יידיש רעדט מען מסתמא אין פראַנקרייך — און דער יונגערמאַן איז געוואָרן דער פּראַנצויז.

אין עסצימער האָט ער געהאַט זײַן באַשטימטן פּלאַץ און קיינער האָט זיך חלילה אויף זײַן שטול נישט געטאָרט זעצן. אין שלאָפצימער האָט ער געהאַט זײַן בעט, און ווי איז געווען צו יענעם וואָס האָט אפילו על־פּי טעות זיך צוגערירט צו אים. דעמאָלט פלעגן די קולות דערגרייכן ביז צום הימל. אַלטע עמיגראַנטן האָבן תמיד איבערגעגעבן די פריש־געקומענע וועגן דעם פּראַנצויז, וואָס איז אַ בן־בית אין שעלטער, און אָנגעזאָגט אַז מ׳זאָל זיך היטן פאַר אים.

# אַ מעשׂה מיט אַ פענצטער

אז קלמנס נייער פריינד, פּיווול אַראָנסאָן איז אַריינגעקומען אין שלאָפ־צימער, האָט ער שוין געטראָפן קלמנען געשמאַק כראָפּענדיק. דאָס פענצטער איבער פּיווולס בעט איז געווען ברייט פונאַנדערגעעפנט. צוזאַמען מיט דער קעלט האָט דער ווינט אַריינגעשמיסן דראָבנע טראָפּנס רעגן. פּיווול האָט צוגעמאַכט דאָס פענצטער און זיך געלייגט שלאָפן. דאָס עלעקטרישע ליכט אין צימער איז נאָך ניט געווען אויסגעלאָשן. אַ פּאָר מענטשן האָבן נאָך אַריינגעקוקט אין אַלטע צייטונגען, וואָס זיי האָבן ערגעץ ווו דערשנאַפּט. אַנדערע זיינען שוין געשלאָפן. איבער אַלץ און אַלעמען האָט זיך געלאָזט הערן קלמנס כראָפּן.

דער פראַנצויז איז דעם אָוונט אַראָפּגעקומען דער לעצטער. דאָס ערש־טע האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויף דעם צוגעמאַכטן פענצטער און האָט זיך גלייך צעשריען פאַרוואָס מ׳האָט דאָס פענצטער פאַרקלאַפּט. ער קען נישט שלאָפן אין אזא שטיקנדיקע לופט, האָט ער געליאַרעמט. ער האָט צוגע־שפּרייזט מיט לאַנגע, האַסטיקע טריט צום פענצטער, ביי וועלכן פּיווול איז געשלאָפן, און האָט מיט איין באַוועגונג אים פונאַנדערגעפּראַלט.

פּיווול האָט זיך גענומען בעטן ביים פראַנצויז, אים געבן צו פאַרשטיין, אז עס איז אים אוממעגלעך אין אזא שרעקלעכן וועטער צו שלאָפן ביים אָפענעם פענצטער. ער פילט אז ס׳איז א סכנה, עט וועט זיך פאַרקילן אויף טויט. זיינע אַלע רייד האָבן אָבער גאָר ניט געהאָלפן.

„נישט דערוועגט זיך צוצומאַכן דאָס פענצטער! איר האָט געהערט!" האָט דער פראַנצויז באַפוילן און איז אַוועק.

פּיווול האָט זיך איינגעדרייט אין די דעקעס, אָבער זיי האָבן ניט גע־וואַרעמט. דער ווינט האָט אָנגעהויבן שטאַרקער בלאָזן און אויך די ווייטער־דיקע בעטלעך האָבן דערפילט די קעלט. האָט זיך אָנגעהויבן א מורמלעניש פון אומצופרידנקייט און באַלד האָבן אַ פּאָר עמיגראַנטן אויפגעהויבן אַ טומל און זיך צעשריען צו פּיווולען:

„פאַרמאַכט דאָס פענצטער, גיך! מיר וועלן דאָ אַלע דערפרוירן ווערן!"

דער פראַנצויז איז שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין בעט, ווי אַ קאַץ איז ער צוגעשפּרונגען צום פענצטער, זיך געשטעלט ווי אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך און ווידער באַפוילן:

„איר הערט! קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן דאָס פענצטער צומאַכן!“

די קולות האָבן זיך געשטאַרקט און אין טומל האָט זיך קלמן אויפגע־כאַפּט. אין ערשטן אויגנבליק האָט קלמן נישט געוווסט ווו ער געפינט זיך און האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דאָ איז אזא טומל. האָט ער זיך אויס־געריבן די אויגן, זיך אויפגעזעצט אויפן בעט און זיך ארומגעקוקט. דער־זעענדיק דעם פראַנצויז ביים פענצטער, איבער זיין חבר פּיוולס בעט, איז אים ביסלעכווייז אַלץ קלאָר געוואָרן.

פּיוול האָט געקוקט צום פראַנצויז מיט אַ דערשראָקענעם און בעטנדיקן בליק, אָבער יענער האָט אים מיט קולאַקעס, ווי אַ באָקסער, געדראָט און געוואָרנט, אַז טאָמער פּרוּווט ער זיך צורירן צום פענצטער וועט ער אים שלאָגן. זיינע פאַרקוועטשטע קולאַקעס, געצילט אין פּיוולען, האָבן קלאָר געמאַכט זיין מיין. ער האָט צו אים געשריען:

„איר הערט, גרינער, וואָס מ׳רעדט צו אייך: דאָס פענצטער בלייבט אָפן!“

פּיוול האָט אויף אַן איידעלן אופן אים נאָכאַמאָל געזאָגט, אַז ס׳איז פאַר קיין מענטשן ניט מעגלעך אין אזא שטורעם צו שלאָפן האַרט ביים אָפענעם פענצטער. ער האָט אפילו אים געפּרוּווט פאַרלייגן זיך צו בייטן מיט אים מיט די ערטער — זאָל ער, דער פראַנצויז, שלאָפן ביים פענצטער. פון אַלע בעטן האָט מען פּראָטעסטירט קעגן פראַנצויז און געהאַלטן מיט פּיוולען. מ׳האָט געשריען אַז דער ווינט וועט דאָ היינטיקע נאַכט אַלעמען אויסקאָסען, אָבער דער פראַנצויז האָט זיך פעסט געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

אַז קלמן האָט גוט באַנומען וואָס דאָ קומט פאָר, האָט פּיוול אים גראָדע באַמערקט און זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. אין געדאַנק איז קלמנען, שנעל ווי אַ בליץ, דורכגעלאָפן אַז דאָ איז די בעסטע געלעגנהייט ארויסצו־ווייזן זיין פריינדשאַפט צו פּיוולען, טאַקע ווי אַן אמתער חבר. מיט איין שפּאַן איז ער געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן פראַנצויז, און באותו רגע, ניט פאַרלירנדיק קיין וואָרט, האָט ער דעם פראַנצויז אַ הייב געטאָן מיט זיינע שטאַרקע הענט און אים אזא טרייסל געטאָן, אַז ביים פראַנצויז האָבן אָנגע־הויבן די דאַרע ביינדלעך צו קנאַקן. מיט האַסטיקע טריט האָט קלמן אים צוגעטראָגן צו זיין בעט און אים אַראָפּגעוואָרפן אויפן מאַטראַץ, פּונקט ווי ער פלעגט אראָפּוואַרפן אַ זעקל האָבער פאַר די פערד.

אין שלאָפֿזאַל איז געוואָרן אַזאַ פּאַטשעריי און בראַוואָ־געשריי, געמישט מיט געלעכטער צום פּראַנצויזס מפּלה, אַז דער באַלקן האָט זיך געהויבן. דער פּראַנצויז האָט זיך צעקוויטשעט ווי אַ געקוילעטער חזיר און מיט באַנו־מענע קולות געשריען אין טומל, אַז ער וועט אַזאַ נידערטרעכטיקייט נישט דערלאָזן, ער וועט אַלעמען פֿאַרקלאָגן פֿאַרן קאָמיטעט.

קלמן האָט אים מיט אַ שמייכל אָנגעקוקט און געוואָרנט, קורץ און שאַרף:

„דו הערסט, דו פּראַנצייזישער הערינג, טאָמער זאָגסטו איין שלעכטן וואָרט צו מיין חבר פּייוולען, מאַך איך פֿון דיר אויף אַן אָרט אַן איטאַליע־נישן לאָקש..."

אויף מאָרגן האָבן די עמיגראַנטן באַגעגנט קלמנען מיט צופֿרידענע שמייכלען. קלמן האָט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן ביינאַכטיקן אינצידענט. ער איז אָבער געווען גליקלעך, ווען פּייוול האָט אים מיט דאַנק און פֿריינד־לעך אַ זאָג געטאָן:

„דו ווייסט, קלמן, מיך האָסטו נעכטן ביינאַכט פּשוט געראַטעוועט. ביי אַן אָפֿענעם פֿענצטער וואָלט איך שוין היינט קיין לעבעדיקער נישט אויפֿגעשטאַנען..."

קלמן איז געווען צופֿרידן פֿון פּייוולס קאָמפּלימענט:

„זעסטו, דער ווינט האָט מיר געאַרט ווי פּאַראַיאָריקער שניי, נאָר אַ מענטש דאַרף קיין חזיר ניט זיין. און כ'האָב פֿיינט אַז אַ פּראַנצויז זאָל באַ־לעבאַטעווען אין שעלטער.

## די צוויי חברים ווערן נענטער

פּייוול האָט אָנגעזאָגט קלמנען מיט שמחה, אַז ער האָט דערליידיקט פֿאַר זיך די פּאַפּירן און ער קען שוין פֿאָרן — וועט ער פֿאָרן מיט אים צו־זאַמען, אויף איין שיף. פֿאַר פֿרייד האָט קלמן אים ארומגעכאַפּט און א הייב געטאָן, ווי מ'הייבט אויף א קליין קינד. און אַז ער האָט אים מיט ליבשאַפֿט אַ דריק געטאָן צו זיך, האָט פּייוול אַ קרעכץ געטאָן פֿון ווייטיק און קלמן האָט אים ארונטערגעלאָזן פֿאָרזיכטיק אויף דער ערד, ווי ער וואָלט מורא געהאַט ער זאָל אים נישט צעברעכן.

פֿון דעם טאָג האָט זיך קלמן נאָך מער צוגעקלעפּט צו פּייוולען, ווי ער וואָלט אים געווען אַ לייבלעכער ברודער. קלמן איז אין ווקס געווען כמעט

טאָפּלט גרויס ווי דער קליינער פּיוול, אָבער ער פלעגט זיך פּרווון קעגן אים איינקאָרטשען און האָט ארויסגעוויזן צו אים נאָך מער דרך־ארץ.

ער האָט דאָס חברן זיך פון פּיוולען צו אים באַטראַכט פאַר אַ גרויסן כבוד פאר אזא פּראָסטן יונג ווי ער, קלמן, איז. און נישט איין מאָל האָט ער געטראַכט, אז אַ שטעטלדיקער שמינטעליגענט וואָלט זיך מיט אים ניט גע־חברט, סיידן זיי וואָלטן געווען אין איין פּאַרטיי, ווי ס׳איז געווען אין בונד. אָבער די אַנדערע, וואָס האָבן אַ זופּ געטאָן אַ פּאָר פּסוקים פון אַ ביכל, פלעגן דאָך אפילו אין זייער אָרעם געסל ניט וועלן דורכגיין. און דאָ, אזא מאַן ווי פּיוול, וואָס קען אזוי גוט אָנשרייבן אַ בריוו און לייענט ביכער גאַנ־צענע נעכט, איז ער זיינען אַן אמתער חבר.

איבערהויפּט האָט קלמן רעספּעקט געהאַט פאר פּיוולען, ווייל די יידן אין שעלטער זיינען געקומען ביי אים פרעגן עצות און זיך מיישב זיין מיט אים וועגן וויכטיקע זאַכן. פּיוול האָט מיט זיינע ברילן קלמנען דערמאָנט מיירים דעם אַדוואָקאַט, און ווי יענער, האָט ער אויך אַ פריינדלעכן שמיי־כעלע יעדן איינעם אנטקעגנגעטראָגן. האָט קלמן אָפּגעמאַכט ביי זיך אז פּיוול איז דער גרעסטער מענטש דאָ אין שעלטער. אָט דאָס איז, האָט קלמן געטראַכט ביי זיך, אז מ׳פאָרט ארויס אין דער גרויסער וועלט טרעפט מען טאַקע גרויסע מענטשן. און צווישן אַ סך גרויסע מענטשן וואַרפט זיך אויך דורך אַמאָל אַ גוטער גרויסער מענטש, אָט אזא ווי זיין חבר פּיוול. ער האָט הנאה געהאַט צו טראַכטן גאַנצע שעהן וועגן פּיוולען און אין געדאַנק פלעגט ער אים רופן: מיין חבר פּיוול.

פּיוול האָט אויך גלייך דערקענט וואָס פאַר אַ פּרי קלמן איז. ער האָט אים ריכטיק אָפּגעשאַצט: קלמן איז דער אמתער פאָלקס־מענטש, וואָס האָט אַ ברייטע נשמה מיט אַ גאָלדן האַרץ. קלמן איז אים פאָרגעקומען ווי ניט קיין אָפּגעפּאָלירטער דימענט, אָבער פון אינעווייניק פינקלט סיי ווי ארויס זיין שטראַליקע גוטסקייט. און פּיוול איז גליקלעך געווען זיך צו טרעפן מיט אזא טיפּ פאָלקס־מענטש, וועגן וועלכן ער האָט זיך אזוי פיל אָנגעלייענט אין די יידישע ראָמאַנען און דערציילונגען. ער האָט תמיד געמיינט, אז די שריי־בער איבערטרייבן און מאַכן זייערע העלדן צופיל אידעאַל, איצט האָט ער געזען אז אזא העלד עקסיסטירט טאַקע אין דערווירקלעכקייט. אזא קלמן, וואָס זיין אייגענער איך שפּילט ביי אים אַ קנאַפּע ראָלע, ווייל צוערשט דאַרף קומען יענער, וועמען מע דאַרף העלפן. די אָ זיינען די אמת־זוכער, די קעמ־

פּער פּאַר גערעכטיקייט, די איבערגעגעבנסטע זין פון פאָלק. ער האָט נעג־טער זיך באַקענט מיט קלמנען און צופרידן געווען וואָס קלמן רופט וואַרעם זיך אָפּ אויף זיין פריינדשאַפט. ער האָט געזוכט אויסצופאָרשן נאָך פאַרבאָר־געגע פּעדעם אין דער פּשוטער האַרציקייט פון קלמנען, וואָס האָט אים אזוי פאַרכישופט.

די עטלעכע טעג, וואָס איז פארבליבן צו וואַרטן אויף דער שיף, זיינען שוין די צוויי חברים ניט אָפּגעטראָטן איינער פון אנדערן. איין טאָג האָט נאָכאַמאָל פּיוול גענומען קלמנען זען לאָנדאָן, ווייל ער, פּיוול, קען אויך אַ ביסל זייער פרעמד לשון. ער האָט קלמנען דערקלערט אַ סך בייעסן פון דער גרויסער שטאָט. האָט קלמן ארייננגעקוקט פּיוולען אין מויל אריין און געשלונגען יעדעס וואָרט. יעדע נייע זאַך איז אים געווען אינטערעסאַנט.

אָבער אז זיי פלעגן בלייבן אליין אין צימער און קיינער האָט ניט גע־שטערט, פלעגט פּיוול אויפהייבן זיינע קורצזיכטיקע גלעזער אויף אים, און דאָס איז שוין פאר קלמנען געווען א סימן אז פּיוול וויל הערן זיינע מעשיות. פּיוול פלעגט ארייננבויערן זיינע קלוג־שמייכלדיקע שוואַרצע אויגן אין קלמנס פּנים, און קלמן פלעגט ווי היפּנאָטיזירט דערציילן פון זיין אָרע־מער קינדהייט, פון שווערע הונגעריקע טעג, פון שטעטלשע יידן, פון אבּ־רהמל דעם פּראטשעשניק, און איבערהויפּט פון זיינע פריינד כאַטשע און העטשע, נאָך וועמען ער האָט אזוי שטאַרק געבענקט. און אז ער פלעגט זיך צעוואַרעמען, ווערן באגייסטערט פון די אייגענע רייד, פלעגט ער אָנ־הייבן איבערגעבן די געשפּרעכן מיט אלע זידלערייען און שעלטערייען, ווי ס'איז פאָרגעקומען אויף אַן אמת. דעמאָלט פלעגט ער באמערקן, ווי ביי פּיוולען אין די אויגן גלאַנצט אויף אַ פונק, צעצינדט זיך אַ פייערל, וואָס צעגיסט זיך מיט אַ ברייטן שמייכל איבער זיין קלוג פּנים. האָט קלמן פאַרשטאַנען אז פּיוולען געפעלן זיינע מעשיות און ער האָט מיט ברען פאָרגעזעצט, ביז פּיוול פלעגט זיך נישט קענען איינהאַלטן, פלעגט מיטביידע הענט ארומכאַפּן דעם גרויסן קלמנען און מיט ליבשאַפט צו אים ארויסשרייען זיין התפעלות:

„דערצייל ווייטער, קלמן! ס'איז אזוי אינטערעסאַנט און אזוי ווונדער־לעך! ביכער גאַנצע קען מען דאָך אָנשרייבן פון דיר... דערצייל, קלמן, ס'איז גוט צו הערן..."

# 22




## אין קאַיוטע און אויפן דעק




ין זיין קאַיוטע האָט קלמן געטראָפן פיר אומבאקאנטע פאַרשוינען, אַלע ליטווישע יידן, וועלכע זיינען געפאָרן קיין דרום אפריקע צו זייערע קרובים.

ר׳ גדליה, אַ היימישער קצב, אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, א גראָב־בייכיקער, מיט אַ קורץ־געשוירן און געקרייזלט בערדל, מיט אַ קאָפּ אַ ליסן, קיילעכדיק ווי א צייטיקער אַרבוז, האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט אין קאַיוטע ווי ביי זיין טאַטן אין ווייגאָרטן. ער האָט פונאַנדערגעפּאַקט זיין צידה לדרך, וואָס איז באַשטאַנען פון גאַנצע טאָרבעס טרוקענע שוואַרצע סוכאַרעס, לאַנגע קישקעס ווורשט און פעקלעך קנאָבל, אז די גאַנצע קאַיוטע איז פול געוואָרן מיטן רייצנדיקן ריח פון היימיש עסן.

לויט זיין כאַרכלדיקער שטים און לויט זיינע אויסדרוקן האָט קלמן דערפילט, אז קיין צו גרויסער חבר וועט ער מיט ר׳ גדליהן ניט ווערן. די איבעריקע דריי פאַרשוינען זיינען געווען דערשלאָגענע יידן, וואָס אויף

זייערע פּנימער איז געלעגן די שרעק פון דעם נייעם ארום און פון דער ווייטער, אומבאַקאַנטער צוקונפט.

קלמן האָט באקומען אַן אָרט אויף דער אויבערשטער באַנק, אָבער ווי נאָר ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיט זיינע אָרעמע פּעקלעך האָט ער זיך גלייך אוועקגעלאָזט אויפזוכן זיין חבר פּיוולען.

אויפן דעק איז געווען פריילעך. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט „בלעק־בוירד״. יידישע עמיגראַנטן האָבן ארומגערינגלט דעם אָרקעסטער, מיט נייגעריקייט האָבן זיי זיך צוגעקוקט צו די מאָדנע אינסטרומענטן. וואָלפּי, אַ לאַנדאָנער בחור, הויך און דיק ווי אַ סטרונע, האָט זיך דער ערשטער אוועקגעלאָזט טאַנצן לויטן ריטעם פון מוזיק. מאָדנע, ווילד־דרייענדיק מיט די זייטן, אונטערבויגנדיק זיינע לאַנגע פיס, האָט ער זיך באַוועגט הין און צוריק אזוי פויל, פּונקט ווי ער וואָלט אויסגעפירט אַ שטראָף, וואָס מ׳האָט אויף אים ארויפגעלייגט. באַלד זיינען צוגעשטאַנען עטלעכע ענגלענדער, איינער העכער פון צווייטן, איינער דאַרער פון צווייטן, האַלטנדיק די הענט אין די זייטן האָבן זיי זיך באַוועגט לאַנגזאַם, אזוי ווי זיי וואָלטן נאָכגעגאַנגען אַ פּראָצעסיע, וואָס ווערט געפירט פון אַ גלח.

קלמן איז געשטאַנען און האָט געקייכט פון געלעכטער:

„אָט דאָס רופט מען טענץ ביי די ענגלענדער... ווען איך האָב דאָ אונד־זער אָשרס קאַפּעליע, וואָלט איך זיי געוויזן וואָס טאַנצן הייסט״.

עס האָט טאַקע לאַנג ניט געדויערט און דער אָרקעסטער האָט זיך צע־שפּילט אַ פריילעכס. קלמן, אין מיטן פון אַ גרויסן קרייז, איז געשטאַנען אין אַ פּאָזע פון אַ רוסישן קאָזאַק. פּלוצלינג האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אין אַ קאַ־מאַרושקע, אז דער דעק האָט זיך ממש גענומען האַסטיקער טרייסלען אונטער זיינע פעסטע רגלים.

יידן האָבן צוגעפּאַטשט מיט די הענט, ענגלענדער האָבן צוגעקוקט ערנסטע, און ווען קלמן האָט אָפּגעשטעלט זיין שווינדלדיקן טאַנץ און זיך שעמעוודיק פאַרנויגט, האָבן די אַפּלאָדיסמענטן אָפּגעהילכט אין ווייטן ים אריין.

וועלפּקע, דער לאָנדאָנער בחור, איז צוגעקומען צו קלמנען, אים אָפּ־געשטעקט אַ שלום־עליכם און גראַטולירט:

„דו, פון ראַשע, דו אַ גוטער דאַנסער״, און אַ קלאַפּ טוענדיק אים אין פּלייצע האָט ער צוגעגעבן: „דוסט זיין אָללרייט״.

# דער קבלת־פּנים פון ים

די שיף האָט זיך באַגעגנט מיט די ערשטע כוואַליעס אויפן אָפענעם ים. זיי האָבן זיך פאַרגענומען אַ געיעג אויף דער שיף. וואַסער־בערג האָבן זיך געיאָגט איינער איבער דעם אַנדערן פון אַלע זייטן, מיט קראַפט האָבן זיי געזעצט אין די זייטן פון שיף און דאַן זיך צעברעקלט אין דראָבנע רעגן־טראָפּנס, זיך צעשאָטן אין דער הויך און באַשפּריצט דעם דעק. די שיף האָט זיך גענומען וויגן: אָט האָט עס אויפגעהויבן איר נאָז, אָט איר הינ־טערשטן טייל, און אפילו די זייטן זיינען אויך ניט רואיק געבליבן.

אויפן דעק איז שיטער געוואָרן. עמיגראַנטן זיינען אין די קאַיוטעס פאַרקראָכן, טייל האָט געאיבלט, און טייל האָט זיך סתם ניט הימלעך דער־פילט. דער קבלת־פּנים פון ים איז געווען גאָר ניט פריינדלעך. דער אָר־קעסטער האָט אויך אויפגעהערט שפּילן. אויפן דעק זיינען פאַרבליבן בלויז די עטלעכע הויכע, דינע ענגלענדער, וועלכע זיינען געפאָרן פון לאָנדאָן קיין דרום אפריקע זיך פאַרנעמען מיט גערעכטיקייט — ווערן פּאָליציי־לייט.

קלמן האָט קיין זאַך ניט געפילט. ווי שטענדיק האָט ער מיט זיינע שמייכלדיקע אויגן באַטראַכט אַלץ וואָס קומט פאָר אויפן דעק. אָבער ווען זיין חבר פייוול איז נאָך מער בלייכער געוואָרן, האָט קלמן עס גלייך באַ־מערקט און האָט אים אראָפּבאַגלייט אין קאַיוטע אריין. אין פייוולס קאַיוטע האָט קלמן געטראָפן וועלפקען; וועלפקעס טאַטן — אַ נידעריק, דאַר יידל מיט אַ געגאָלט פּנים און גלאַט־אָפּגעראַזירטע וואָנצעס, וואָס לויט קלמנס מיינונג האָט גאָר ניט געפּאַסט פאַר אַ טאַטן. דאָ איז אויך געווען אַ געלער בחור, וואָס איז געפאָרן פון ארץ־ישראל צו אַן אָנקל אין אפריקע.

די צוויי אויבערשטע בעטלעך זיינען געווען ליידיק, אַ סימן אז די קאַיו־טע איז נאָך ניט געווען פול. קלמן האָט זיך מתקנא געווען אין די מענטשן דאָ, עפּעס אזוי היימלעך אין דער קאַיוטע, ניט ווי ביי אים מיט גדליה דעם קצב, וועלכער האָט גלייך אין דער ערשטער מינוט פאַרחזירט די קאַיוטע, אז ס׳כאַפּט אָן אַ חלשות.

אז מען האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט קלינגען, האָבן אין קלמנס קאַיוטע ניט אַלע פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט. גדליה דער קצב איז געלעגן אויסגעצויגן מיטן בויך ארויף אויף זיין בעטל און געקייט קנאָבל. קלמן האָט זיך ארויסגעכאַפּט פון קאַיוטע און באַגעגנט פייוולען מיט וועלפקען,

וועלכע האָבן אים דערקלערט אז דאָס קלינגט מען צום עסן און אים מיט־גענומען צו וועטשערע, „פאָר סאַפּער״, ווי וועלפּקע האָט עס גערופן.

## דער חתן

ביי קלמנס טיש זיינען געווען אויסגעזעצט זיינע מיטפאָרער פון קאַ־יוטע, מיט גדליה דעם קצב בראש, און נאָך עטלעכע פאַרשוינען, וועלכע ער האָט געזען בייטאָג אויפן דעק. פייוול מיט וועלפּקען זיינען געזעסן ביי אַ ווייטערן טיש. לעבן קלמנען איז געזעסן אַ בלאָנדער יונגערמאַן, מיט אַ פּנים פול מיט זומערשפּרענקלעך, אָנגעטאָן אין אַלטע בגדים. ער איז מיט זיכערקייט געזעסן אויף זיין פּלאַץ און פונאַנדערגעזאָגט די „גרינע״ ווי אזוי זיך נוהג צו זיין.

„פון וואַנעט ווייס ער דאָס מיט אַלע פּיטשעווקעס די ענגלישע מינ־הגים?״ האָט זיך קלמן געוואונדערט. וויזט זיך ארויס, ווי ער אליין דער־ציילט, אז ער איז אַ וועלט־רייזנדער, ער פאָרט איבער דער וועלט, סתם אזוי, אָן אַ ציל און אָן אַ תכלית: גייט אַ שיף קיין אויסטראַליע — פאָרט ער אַהין, קיין אַרגענטינע, קיין קובאַ, קיין בראַזיל — פאָרט ער מיט. ער איז שוין אויסגעווען ווו די וועלט האָט אַן עק און איצט פאָרט ער קיין אפריקע.

„טאָ ווו נעמט איר געלט און דאָקומענטן?״

„דאָס איז ניט אייער באָבעס ביזנעס...״

האָבן עמיגראַנטן נאָכן עסן זיך געבראָכן די קעפּ וועגן דעם מאָדנעם בחור. אנדערע האָבן זיך משער געווען, אז דאָס מוז זיין אַ שפּיאָן, אָנגע־שטעלט פון דער שיף־קאָמפּאַניע אויף אויסצוגעפינען ביי די פּאַסאַזשירן ווער זיי זיינען? צי זיינען זיי כשרע מענטשן, ניט חלילה קיין רעוואָלוציע־מאַכער און צי זיי זיינען ראוי אריינגעלאָזט צו ווערן אין אַפריקע. דעם בחור האָט מען אַ נאָמען געגעבן „דער חתן״.

נאָך וועטשערע, ווען אַלע זיינען זיך ווידער צעגאַנגען אין זייערע קאַ־יוטעס, האָט „דער חתן״ פאַרנומען קלמנען אויפן דעק, אין אַ ווינקל, און צו אים אַ זאָג געטאָן:

„הער נאַר! מ׳רופט דיך, דוכט זיך, קלמן, אַ יאָ? פאַר זיי אַלעמען האָב איך ניט געוואָלט דערציילן ווער איך בין, אָבער צו דיר האָב איך צו־טרוי, מיר דוכט, אז דו ביסט אַן אייגענער יאַט און מ׳קאָן זיך אויף דיר פאַר־לאָזן. אז איך בין אויסגעווען די גאַנצע וועלט איז אמת, אָבער איך האָב זיך

אין ערגעץ ניט געקאָנט דערשלאָגן צו עפּעס. פּרווו איך איצט מיין מזל אין אפריקע. אָבער איך וויל זיך פאַר דיר פאַרטרויען, אז איך בין דאָ אויפן שיף אַ לינקער, פאַרשטייסט קלמן, אָן אַ פּאַס און אָן אַ שיפסקאַרטע. די גאַנצע שוועריקייט איז געווען דאָס ארויפכאַפּן זיך אויף דער שיף, אָבער דו זעסט דאָך: איך בין דאָ! און דאָ מוז מען האָבן א פריינט, וויל איך אז דו זאָלסט זיין מיין שיפס־פריינט. און אז גאָט וועט מיך העלפן אין אפריקע, וועל איך דיר אָפּצאָלן — כ׳מיין, אַ נאַש בראַט קאָן אָפּטאָן אַ טובה...״

„אזוי גאָר״, האָט קלמן אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר ליבלעכע אויגן, „טאָ וואָס זשע שווייגסטו, אויב אזוי, גוטער ברודער, שטעק אריין אַ לאַפּע און מ׳עט שוין אכטונג געבן אויף דיר״.

„איז עס אַ סעקרעט ביי אונדז — איך און דו און דער ים...״ האָט „דער חתן״ דריקנדיק קלמנס האַנט אים ארייַנגעשושקעט.

„איז ווו זשע וועסטו שלאָפן?״ האָט קלמן זיך דערמאָנט צו פרעגן.

„אָט דאָס איז דאָך ס׳אומגליק, ברודער קלמן, קענסטו אפשר טאָן עפּעס פאַר מיר?״

„ביי אונדז אין קאַיוטע איז יאָ פאַראַן אַ ליידיק בעטל, אין דער הויך, און גדליה דעם קצב האָט מען אין דר׳ערד!״

## אַ גאַסט אין קאַיוטע

אז קלמן האָט ארייַנגעפירט „דעם חתן״ אין קאַיוטע אריין, זיינען שוין אַלע געלעגן אויסגעצויגן אויף זייערע בעטלעך און זיך מכין געווען צום שלאָף. גדליה דער קצב האָט געאָכצט און געקרעכצט מער פון אַלעמען. ס׳איז אים עפּעס ניט גוט אין מויל, האָט ער זיך באַקלאָגט און געהאַלטן אין איין שפּייען און פרעסן קנאָבל. די לופט איז געווען אומדערטרעגלעך, אזוי אז „דער חתן״ האָט זיך שטאַרק פאַרקרימט ביים ארייַנגיין.

„אָט דאָ וועסטו האָבן דיין מקום מנוחה״, האָט אים קלמן אָנגעוויזן אַ בעטל אין דער הויך, אקעגנאיבער אים.

גדליה האָט זיך אַ קער געטאָן מיט זיין בויך צו קלמנען און מיט אַ כאָרכלדיקן געבייזער זיך געוואָרפן אויף אים:

„וואָס איז דאָס? וויניק זאַלבעפינפט אין אזא לאָך, דאַרפסטו נאָך ברענגען געסט אַהער? סט׳אזוי גוט זיין זיך קלייבן פון דאַנען!״

„ר׳ גדליה, שלאָפט געזונטערהייט, און אויב איר ווילט, קאָנט איר כראָפּען אויך, קיינער וועט אייך ניט פאַרווערן. אָבער איר וועט זיין אזוי גוט און דאָ ניט צופיל באַלעבאַטעווען, ווייל די שיף געהערט מיסתמא ניט צו אייך און איר קאָנט ניט פונאַנדערזאָגן ווער ס׳זאָל דאָ יאָ שלאָפן און ווער ניט. ס׳איז לכתחילה געווען אַ טעות: דעם בחורס פּלאַץ איז דאָ און מיין פּלאַץ איז אין אַן אַנדער קאַיוטע. מאָרגן פרי קלייב איך זיך ארויס״.

גדליה האָט מיט אַ קרעכץ צוריק אויסגעדרייט זיין בויך און בורטשענ־דיק האָט ער ארויסגעכאָרכלט:

„ליגט ביידע אין דר׳ערד, פון מיינטוועגן, מיין באָבעס דאגות, נאָר כראַקעט מיר ניט אויפן קאָפּ״.

„איר וועט אָבער זיין צופרידן, ר׳ גדליה, וואָס איר ווערט פּטור פון מיר, ניט אמת?״ האָט קלמן כיטרע אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר עינים אויף גדליהן. „מיר זיינען די זעלבע יחסנים — איר קענט האַלטן אַ קעלבל פאַרן עק און איך קען האַלטן אַן אָברוטש...״ און מיט איין הויב אויף זיינע שטאַר־קע הענט האָט ער זיך ארויפגעוואָרפן אויף זיין בעטל אין דער הויך.

## דער ים שטורעמט אויף אַן אמת

ניט אויף אַ געוויינלעכן אופן איז פאַרנאַכט די זון פאַרגאַנגען. איבער איר און אונטער איר האָבן זיך באַוויזן לאַנגע רויטע שטרייפן וואָלקנס. אַט האָבן זיי צוגעדעקט די זון און אויסגעמישט זיך מיט איר רויטקייט, און אַט זיינען זיי פאַרשוואונדן און די זון איז ווידער ארויסגעקומען אַ באַנייטע — גרויס און פלאַך, ווי די וואָלקנס וואָלטן איר ערשט אויסגעוועלגערט.

אויפן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן דינע פּאַסן שטראַלן, ווי רויט־זיל־בערנע פעדעם וואָלטן געווען אָנגעקניפּט פון דער זון צו דער שיף. דער ווינט האָט זיך גענומען שטאַרקן, די כוואַליעס האָבן זיך גענומען הויבן העכער, און וואָס העכער אַלץ חוצפּהדיקער זיינען זיי באַפאַלן די שיף. יע־דער שמיץ האָט איבערגעלאָזן אויפן דעק טראָפּנס, ווי נאָך אַ רעגן, און וואָס ווייטער האָט דער שטורעם אַלץ שטאַרקער זיך צעהוליעט.

די שיף האָט זיך וויגן גענומען רעכטס און לינקס. אַט האָט זי גאָר איר נאָז פאַרריסן, קלעטערנדיק אויף א הויכער באַרג־כוואַליע, און אַט האָט זי איר נאָז איינגעגראָבן אין דער כוואַליע, ווי זי וואָלט זיך פאַרטיידיקט פון אַ געפערלעכן אָנגריף.

דער דעק איז אָפּגעליידיקט געוואָרן. חוץ מאַטראַסן, וועלכע זיינען איילנדיק געלאָפן הין און צוריק, פאַרקניפּנדיק מיט געזונטע, פאַרמאַזאָ־ליעטע הענט גראָבע קאַנאַטן, איז קיינער פון די פּאַסאַזשירן ניט געווען אויפן דעק. אַלע האָבן זיך אין די קאַיוטעס פאַרגראָבן, אויף די בעטלעך געלעגן, די קעפּ אין די קישנס איינגענורעט, זיי זאָלן דעם שטורעם ניט פאַרנעמען.

פון צייט צו צייט האָט זיך אַ בראַזגעריי פון געפּעס דערטראָגן איבער די קאַיוטעס. דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן וואָיען פון ווינט, האָט געברומט מיט ווילדער מוזיק, ווי טויזנטער שדים און רוחות וואָלטן אין קעסל־פּויקן באַראַ־באַנעוועט אָן טאַקט און אָן ריטעם.

## די שרעק פון די פּאַסאַזשירן

אַז קלמן איז אריין אין קאַיוטע נעמען זיין פּעקל זיך איבערצוקלייבן, האָט ער געטראָפן די פּאַסאַזשירן, חוץ „דעם חתן", אין אַ שרעקלעכן צו־שטאַנד. דערשראָקענע און צונויפגעקאָרטשעטע זיינען זיי געלעגן אויף זייערע געלעגערס און געכליפּעט אין זיך.

גדליה דער קצב האָט אַזאַ שרעק ארויפגעוואָרפן אויף זיי, אַז אַלע זיינען זיכער געווען, אַז די שיף גייט אונטער. די שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען אַ מאַטראָס האָט זיך באַוויזן און אין איילעניש האָט ער פאַר־האַקט די דאָפּלטע אייזערנע פאָרהאַנגען איבער די קאַיוטע־פענצטער, און האָט שוין גלייכצייטיק איבערגעקוקט די זיכער־גאַרטלען איבער יעדערנס בעטל.

„יידן, וואָס שווייגט איר?" האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט גדליהס כאָרכלדיקע שטימע, „זעט איר דען ניט, אַז מיר גייען אונטער אינעם שטו־רעמדיקן ים? זאָגט תהילים, בעט גאָט, אפשר וועט ער רחמנות האָבן אויף טאַטעס פון קינדער..."

לסוף האָט ער זיין תחנונים־געשריי באַווירצט מיט עטלעכע טויטע קללות פאַר זיין „מרשעת".

„דו וועסט נישט אוועקגיין, קלמן, פון דאַנען, אין אַזאַ שרעקלעכער צייט", האָט גדליה מיט געבעט זיך געווענדט צו קלמנען, זעענדיק ווי ער נעמט זיין פּעקל זיך ארויסצוקלייבן. „האָב רחמנות אויף עלטערע מענטשן,

מיט דיר איז מען עפּעס ווי זיכערער, האָב רחמנות, קלמנקע, זעסט דאָך אליין ווו מיר האַלטן!"

„ווו האלטן מיר? ניט ווייט פון סאַוטעמפּטן", האָט זיך אריינגעמישט „דער חתן", וואָס איז שוין געווען אַ געניטער רייזנדער. „וואָס קלאָגט איר אזוי, ר' גדליה, די שיף גייט נאָך ניט אונטער, און חוץ דעם איז עס דאָך ניט אייער שיף..."

„נעם אַוועק דעם ממזר פון מיינע אויגן, קלמן", האָט זיך גדליה צע־קאָכט, „ווייל איך וועל אים צעטרייבערן דעם אינגעווייד, דעם האָלאָדראַ־נעץ, האָסטו אזוינס געהערט? דער טויט ליגט פאַר די אויגן און ער מאַכט נאָך חוזק, אַזאַ בראָדיאַגע".

קלמן האָט אַ ווונק געטאָן צום „חתן" ער זאָל שווייגן, און געפּרוווט באַרואיקן זיינע מיטפאָרער, איבערהויפּט גדליהן, אָבער עס האָט ווייניק געהאָלפן. אָפּגעריסענע פּסוקים תהילים האָבן זיך געטראָגן מיט שלוכצע־נישן פון די איינגענורעטע קעפּ פון די יידן און איבער אַלעמען האָט זיך געהערט דאָס וואָרטשען און קרעכצן פון גדליהן, וואָס האָט אָנגעפילט די קאַיוטע מיט שרעק און אומהיימלעכקייט.

קלמן האָט נאָכגעגעבן, ער איז שוין די נאַכט געבליבן אויף זיין אָרט אין קאַיוטע. איינאָרדענענדיק זיך אויף זיין אויבערשטן געלעגער און צו־הערנדיק זיך צום שלוכצן פון זיינע מיטפאָרער איז אים אויך אַ פּחד באַפאַלן...

ווער ווייסט, האָט ער געטראַכט, אפשר גייט טאַקע די שיף אונטער? קיין סימנים פון רואיקער ווערן פון שטורעם ווייזט זיך ניט; פאַרקערט, דער שטורעם אויפן ים שטאַרקט זיך מיט יעדע מינוט. די שיף איז שוין אפּנים א „זקנה" און גייט היינט דאָס לעצטע מאָל אויפן ים... אין קלמנס אויגן זעט די שיף אויס ווי אַ פּושקע שוועבעלעך אין וועלכער מ'האָט אריינ־געשטעקט אַ ציגאַרן־שפּיץ. עס רעוועט און סאָפּעט מיט די לעצטע כוחות, ווי אַ געקוילעטער אָקס. די כוואַליעס שיסן אין שיף אריין ווי מיט האַרמאַטן און די שיף וואַרפט זיך, שליידערט זיך ווי אין קדחת, כדי אויסצוהאַלטן דעם דרוק פון צעבושעוועטן ים.

## אַ שלאָפלאָזע נאַכט

חוץ דעם „חתן" האָט אין קאַיוטע קיינער מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. און קלמן, זיך צוהערנדיק צום ווידוי־זאָגן פון די עלטערע יידן, האָט גע־

טראַכט: איז עס שוין טאַקע דער סוף? וועט ער ניט דערלעבן צו זען זיין געגאַרטער? וועט ער איינגעשלונגען ווערן פון די מוראדיקע כוואַליעס? ניין! האָט ער זיך געשטאַרקט, דאָס האַרץ זאָגט אים ניט פאַר אזוינע טרויע־ריקע נביאות. פאָרן דאָך טויזנטער מענטשן איבער ימים און זעלטן ווען עס טרעפט זיך, חלילה, אַן אומגליק. אין ערגסטן פאַל זיינען נאָך דאָ רעטונגס־מיטלען...

קלמן כאַפּט אַ קוק אויף דעם רעטונגס־גאַרטל איבער זיין בעט און אין זיין פאַנטאַזיע וואַרפט ער זיך שוין אין וואַסער מיטן גאַרטל אונטער די אָרעמס, די כוואַליעס שליידערן אים, הויבן אים ארויף און אַראָפּ אין ברויזנ־דיקן ים און ער, קלמן, גיט זיך ניט אונטער, ער קלאַפּט, שווימט, ער לאָזט זיך רואיק ארומוואַרפן ביז אַ שיף פון ערגעץ הויבט אָן רופן — — קלמן טרייסלט אָפּ פון זיך די פינצטערע געדאַנקען. ניין, ער וועט ניט אומקומען, ער מוז בלייבן לעבן. ער וועט קומען אין אַפריקע און זען סאָניע שאַפּיראָ. צוליב איר איז ער פון פאַניען אַנטלאָפן, צוליב איר האָט ער זיך געמוזט שיידן מיט כאַטשען און העטשען, מיט אברהמל דעם פּראַטשעשניק; צוליב איר האָט ער זיין אַלטער, טויבער מאַמען פאַרלאָזט. און אין קלמנס מחשבות גייען דורך זיינע גאַר יונגע יאָרן, זיין לעבן אין דער בעל־עגלהשער קרעטש־מע; ביי ר׳ עליען אויף די קאָזלעס; אַ טרעגער אויף דער באַן; אַ דראָגו־נער אין קאָלוגע. פון אַלע בילדער בלייבט אים אָבער קיינער ניט אזוי אין זכרון ווי זיין מאַמע און סאָניע שאַפּיראָ — —

האַרט פאַרטאָג איז אין קאַיוטע רואיקער געוואָרן. די אויסגעמאַטערטע יידן זיינען איינגעשלאָפן און אין דעם ווילדן רעש פונעם צעבושעוועטן ים האָט זיך אויך ר׳ גדליהס כראָפּען געלאָזט הערן.

## קלמן העלפט

אז קלמן האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף מאָרגן, פרי באַגינען, האָט ער דערזען זיינע מיטפאָרער דרייען זיך אויף די אונטערשטע בעטלעך טויט־קראַנקע.

גדליהן האָבן אפילו זיינע קנאָבל אויך ניט געהאָלפן. מיט אַ שיסעלע אין האַנט האָט ער זיך געקייקלט מיט זיין גרויסן בויך ארויף און אַראָפּ, קרעכצנדיק און וואָרטשענדיק און שילטנדיק זיין ווייב, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף אים און מיט גוואַלד אים ארויסגעשיקט איבער ימים...

„יידן", האָט ער געכאָרכלט, „הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, איך וועל קיין אפריקע ניט פאַרפאָרן, מ'וועט מיך אַראָפּנעמען אַ טויטן. פאַרברענט האָט זי געמעגט ווערן, מיין מרשעת, האָט מיך ניט פאַרגונען וואָס איך לעב אויף דער וועלט. וואָסי, וואָס האָט מיך געפעלט? ברויט איז געווען גענוג, און פלייש האָט דאָך אוודאי ניט געפעלט. דעם בעסטן חלק פלעג איך איר אוועקגעבן, אז געבן זאָל איר גאָט א גוטע קרענק. האָט זיך איר פאַרגלוסט אפריקע, אירע ברידער, זאָגט זי, זיינען דאָרט רייך, דאַרף איך דאָ צוליב דעם אוועקשטאַרבן און מיינע ביינער זאָלן פון ווילדע פיש צעפרעסן ווערן. נו, פרעג איך אייך, יידן, דאַרף זי לעבן?"

„גענוג, ר' גדליה", האָט זיך קלמן פון אויבן אָפּגערופן, „ס'איז דאָך מיאוס אזוי צו שעלטן אַן אייגענע ווייב. מען שטאַרבט נאָך ניט אזוי גיך! וואָסי, איר ווייסט ניט, אז די ערשטע דריי טעג אויפן שיף איז מען ניט מיט אַלעמען? איר'ט זיך אויסטשוכען, שוואַכערע פון אייך טראָגן עס אריבער, נאַפּלעוואָט! געהערט, וואָס אַ ייד גיט דאָ אָן!"

„ניט מיט אַלעמען, זאָגט ער, געהערט אַ ביסל? איך ברעך דאָך אויס די גרינע גאַל, פאַרברענט זאָל עס ווערן! אז ער איז געזונט ווי אַ פערד, אַרט אים קיין זאַך ניט", האָט גדליה אין זיך געכאָרכלט.

„דער חתן", אַקעגנאיבער קלמנס בעט, האָט זיך הילכיק פונאַנדער־געלאַכט.

„דו, שייגעץ איינער", האָט גדליה זיך געקאַכט, „אזוינע לאָבוזעס! מ'זעט, יידן האַלטן ביי גסיסה און זיי פּוישן מיט געלעכטער, ליכאַ מאַטערי וואַשי!"

„נו, זייט ניט אין כעס, ר' גדליה", האָט זיך קלמן אראָפּגעכאַפּט פון בעט, „איך לויף ברענגען אַ ביסל וואַסער".

אז קלמן איז אריין צו פּיוולען, האָט ער אים געטראָפן אין דער זעלבער פּאָזע ווי די מיטפאָרער פון זיין קאַיוטע. קלמן האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן. ס'איז אים געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף אים. אז אזא מאַן ווי פּיוול זאָל אויך קרענקען, האָט זיך אים ניט געוואָלט גלויבן. ווען עס וועגדט זיך אָן קלמנען, וואָלט ער זיך אוועקגעלייגט אויף זיין אָרט, אַבי פּיוול זאָל זיין געזונט.

„וואָס זאָל איך טאָן, פּיוול?" האָט קלמן דערשראָקן זיך געווענדט צו אים, „אפשר קאַלט וואַסער, אָדער אפשר גאָר קנאָבל? ביי אונדז אין קאַ־יוטע איז דאָ אַ ייד מיט קנאָבל".

„אַ דאַנק, קלמן, אַ שיינעם דאַנק! עס וועט אריבער, ס'איז ניט געפער־לעך. די ערשטע דריי טעג, זאָגט מען, מוז יעדער פּאַסאַזשיר דורכגיין די ים־קראַנקייט".

„וועלפקע, קום, כאַפּ זיך אַראָפּ מיט מיר צו אַ מאַטראַז און מירן קריגן קאַלט וואַסער, דו קענסט דאָך זייער לשון", האָט קלמן זיך געבעטן ביי וועלפקען. אָבער וועלפקע האָט זיך אויך ניט געפילט מיט אַלעמען.

קלמן איז אַוועק. ער איז האַסטיק צוגעלאָפן צום ערשטן מאַטראַז וואָס ער האָט געטראָפן און מיט די הענט אים גענעבן צו פאַרשטיין, אז ער נוי־טיקט זיך אין קאַלט וואַסער:

„אייז־וואַסער", האָט ער דעם מאַטראָז דערקלערט מיט די הענט, „פאַר קראַנקע מענטשן..."

קלמן האָט שוין יענעם פרימאָרגן ניט גערוט. ער איז ארומגעלאָפן פון איין קאַיוטע צו דער צווייטער און האָט אלעמען באַדינט, ווי ער וואָלט דאָ דער שיף־דאָקטאָר געווען.

אז „דער חתן" האָט אים שפּעטער צו מיטגענומען אויפן דעק, כדי צו ווייזן אים די פאַרשיידענע שפּילן פון די ענגלענדער, וואָס פאָרן ווערן פּאָליציי־לייט, איז ער געשטאַנען פאַרכאַפּט, מיט אַן אָפן מויל. אָבער דאָס האַרץ האָט אים ניט דערלאָזט לאַנג זיך צוקוקן צו די שפּילערייען, ווען ער דאַרף גאָר זיין ביי זיינע קראַנקע פריינד זיי צו העלפן.

דריי מעת־לעת האָט אזוי אָנגעהאַלטן די מלחמה צווישן ים און דער שיף, ביז די שיף האָט גובר געווען די כוואַליעס און דעם שטורעם און איז אריין אין רואיקע וואַסערן. קלמן האָט אַלץ ניט גערוט. ער איז געלאָפן פון איין קאַיוטע אין דער צווייטער, פון איין קראַנקן צום צווייטן און אַלע־מען באַדינט.

לעבן פייוולס בעט איז ער געזעסן ווי אַן איבערגעגעבענע מאַמע, האָט אים אויפגעפּאַסט און געקעכלט. פייוול האָט מיט דאַנקבאַרקייט אים אין די אויגן געקוקט און צוגעזאָגט אָפּדינען אין אַפריקע מיט וואָס ער וועט נאָר קענען:

„איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קלמן, וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר און וואָס דו טוסט פאַר אַלעמען", האָט פייוול צו אים גערעדט, דריקנדיק זיין האַנט. „דו ווייסט, אז מיין נסיעה אויף דער שיף מיט אַלע אומאַנגענעמלעכ־קייטן איז שוין כדאי געווען נאָר צוליב דעם אליין וואָס איך האָב זיך באַ־

קענט מיט דיר. אז געזונט זאָלן טאַקע זיין אַזעלכע יאַטן ווי דו!״ און פּיוול האָט בעת מעשה געטראַכט וועגן די קלמנס, וועלכע זיינען גוטע און טייערע יידן, די אמתע פאָלקס־מענטשן.

## אויפן עקוואַטאָר

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען קלמן איז ארויף אין עס־צימער, האָט ער צו זיין גרויס וווּנדער דערזען די דינער און סאַרווערס אַלע אָנגעטאָן אין ווייסע קאָסטיומען, פאַרפּוצט ווי כלות צו דער חופּה.

אויפן דעק האָט קלמן זיך דערוווּסט פון פּיוולען, אז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אזא פּלאַץ וואָס מען רופט „עקוואַטאָר״, און אויף דעם דאָ־זיקן עקוואַטאָר וואַרעמט די זון שטענדיק, סיי זומער, סיי ווינטער, און ס׳איז דאָרט סכנות היים. און אזוי ווי די שיף דערנענטערט זיך צום עקוואַטאָר, דעריבער איז עס היינט אזוי וואַרעם. און אין הייסע לענדער, ווי אין אפרי־קע, למשל, ווהין מען פאָרט איצט, זיינען די דינער און לאַקייען אָנגעטאָן אין ווייסן.

קלמן האָט זיך געפרייט. ער איז אומגעלאָפן איבער אַלע קאַיוטעס און אָנגעזאָגט די שמחה פון עקוואַטאָר. מיט גוואַלד האָט ער געהאָלפן גדליה דעם קצב ארויפשלעפן זיין שווער־געפּאַקעוועטן בויך אויפן דעק.

אויפן דעק איז דעם פרימאָרגן געווען מער לעבעדיק ווי אַלעמאָל. אַלט און יונג האָבן פאַרלאָזן די קאַיוטעס און געשעפּט פרישע ים־לופט. די שיף איז רואיק און מאַיעסטעטיש געשווומען איבערן שפּיגלדיקן אויבערפלאַך פון ים.

די הויכע ענגלענדער, וואָס זיינען געפאָרן קיין אפריקע ווערן פּאָליציי־לייט, האָבן געקערט וועלטן אויפן דעק. אויסגעקרעכצטע, באַזאָרגטע יידן זיינען געשטאַנען ארום און באַטראַכט די הויכע גויים און געקוקט אויף זיי ווי אויף משוגעים.

די ענגלענדער האָבן זיך געשפּילט מיט אזוינע גומענע לאַטקעס, וואָס זיי האָבן געוואָרפן הין און צוריק אין ווייסע אויסגעפּאַרבטע רעדלעך, און זיי האָבן עס געטאָן מיט אזא הנאה, ווי דער גורל פון דער גאַנצער וועלט וואָלט געווען אָפּהענגיק פון אָט דער קינדער־שפּיל.

קלמן, פּיוול און „דער חתן״ זיינען געשטאַנען האַרט ביי די שפּילער. „דער חתן״ האָט זיי דערקלערט, ווי אזוי די שפּיל קומט פאָר און ווער עס איז דער געווינער.

קלמן האָט זייער מקנא געווען די שפּילער. אים דוכט זיך, ווען מען לאָזט אים צו צו דער „קינדער שפּיל" וואָלט ער גלייך ארייַנגעטראָסקעט אין רעדל:

„אַ קונץ אַ גרויסער, ביי די גויים איז אַלץ אַ קונץ!"

אז די שפּיל איז די הויכע ענגלענדער דערעסן געוואָרן, האָבן זיי צעז־וועצט אַלע פּאַסאַזשירן ביי די פאַרענטשעס פון שיף, דעם מיטן פון דעק האָבן זיי פריי געמאַכט און מען האָט זיך גענומען שפּילן אין „כאַפּעניש", אין לויפעניש, ווער ווער וועמען עס וועט איבעריאָגן. גרויסע גויים מיט לאַנגע פיס האָבן זיך גענומען איבעריאָגן איינער דעם אַנדערן, ווער ס׳וועט דער ערשטער גרייכן דעם אָנגעצייכנטן אָפּשטעל־פּונקט.

## קלמן אין געיעג

דאָ האָט זיך שוין קלמן ניט געקענט איינהאַלטן. דורך דער שתדלנות פון וועלפקען מיטן „חתן" האָט מען געפועלט ביי די ענגלענדער, אז דער „ראַשן" זאָל אויך אָנטיילנעמען אין די געיעגן. קלמן האָט זיך דערמאָנט, אז יינגלוויז איז ער געווען דער בעסטער לויפער. טאַקע דעריבער האָבן אים כאַטשע און העטשע, אַמאָל נאָך, אויסגעקליבן צו פּרוון די פערד אין גאַ־לאָפּ. און קלמן דערמאָנט זיך, אז ווען ער פלעגט אַ נעם טאָן אַ פערד פאַרן אָברוטש, פלעגט אַ גוט און פלינק פערד נאָך אָנהאַלטן מיט אים אין גאַלאָפּ, אַ פאַדלע אָבער פלעגט אים ניט קענען נאָכהאַלטן. קלמן איז זיכער, אז די אַלע ענגלענדער מיט זייערע לאַנגע פיס וועלן ביי אים בלייבן פון הינטן.

עס איז געקומען קלמנס ריי. קלמן מיט נאָך פינף ענגלענדער האָבן זיך געגרייט צום פאַרמעסט. זיך אַראָפּגעבויגן אויף די קני, איינציענדיק טיף דעם אָטעם און אויסציענדיק די הענט צו דער ערד האָט קלמן געוואַרט אויפן סיגנאַל. און ווען דער סיגנאַל איז געקומען האָט זיך פון די זעקס לויפער גלייך קלמן אויסגעטיילט. ווי אַ וויכער האָט ער זיך געטראָגן פאָ־רויס מיט זיין געזונטן קערפער, אז אַן אימה איז אַלעמען באַפאַלן. די ערש־טע האָבן די יידן גענומען פּאַטשן בראַוואָ, אויך די ענגלישע פּאַסאַזשירן האָבן געפּאַטשט פאַר קלמנען. און ווען קלמן האָט דורכגעמאַכט זיין זעקס מאָל לויף היין און צוריק און זיך אָפּגעשטעלט דער ערשטער, ווי ניט אים מיינט מען עס, זיינען נאָך די ענגלענדער פאַרסאָפּעטע געלאָפן.

„גוד ווערק", האָבן אים זיינע מיטלויפֿער געקלאַפּט גוטברודעריש אין פּלייצע, „יול בי אָללרייט!"

„געזונט אַ ביסל, ווי אַ בוהיי", האָט גדליה דער קצב ארויסגעכאָרכלט. „מאָלט אייך, ווען איך האָב אַזאַ יונגאַטש ביי מיר אין דער היים, ביים יאַט־קע־קלאָץ, וואָלט איך זיך איצט דאָ ניט ארומגעוואַלגערט אויפֿן שיף אין מיטן ים".

# 23

# פרײלעכע טעג

## די ענגלענדער שלאָגן זיך..



ויף מאָרגן נאָך מיטאָג איז אויפן דעק פאָרגעקומען אַן אמתער ספּעקטאַקל: די ענגלענדער האָבן געמאַכט אַ קרייז אויפן מיטן דעק און קיינעם ניט געלאָזט אריינגיין אין מיטן. די יידישע פּאַסאַזשירן האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט צו זען וואָס דאָ וועט פאָרקומען.

באַלד האָבן זיך באַוויזן די אפריקאַנער צוקונפטיקע פּאָליציי־לייט, האַלב נאַקעט, מיט קורצע הייזלעך, אָנגעטאָן אויף די הענט אזוינע געשוואָלענע לעדערנע הענטשקעס. איינער, אַ שופט, איז געגאַנגען פאָרויס, האָט גרעסער געמאַכט דעם קרייז, האָט אויסגעשטעלט די נידעריקערע פון פאָרנט, די העכערע פון הינטן, אזוי אז אלע זאָלן האָבן א מיגלעכקייט צו זען וואָס אין קרייז קומט פאָר.

אינעם קרייז האָבן זיך באַוויזן צוויי „שלעגער". אָפּגעבנדיק איינער דעם אַנדערן שלום־עליכם, ווי זיי וואָלטן ערשט זיך געטראָפן פון ווייטע מרחקים, האָבן זיי זיך גענומען גרייטן צו דער „הייליקער מלאכה" — ווייזן דעם נייגעריקן עולם ווער עלטער איז און ווער איז שטאַרקער. איצט האָבן

ביידע זיך אָנגעקוקט, ווי אַ פּאָר פרעמדע הענער, און מען האָט זיך אוועק־געלאָזט אין געשלעג.

דוכט זיך, אַ רגע פריער זיינען זיי געווען די בעסטע חברים און אָט שטייען שוין די אָקערשט געוועזענע פריינד, קוקן איינער אויפן צווייטן ווי אמתע שונאים, מיט גזלנישע אויגן און מיט דער גרעסטער רציחה פייערט אריין איינער דעם צווייטן אַזעלכע קלעפּ, אז עס פאַרהילכט דעם ארום. בשעת דעם אָ מוראדיקן געשלעג קלייבט מען ניט איבער, מען שלאָגט ווו עס לאָזט זיך: אין נאָז, אין די אויגן, אין די ציינער, אונטערן מאָרדע, אין די זייטן, מען בוכטשעט זיך ווי אין אַן אמתער מלחמה.

אָט פאַרמעסט זיך איינער און פאַרפאָרט דעם צווייטן אונטערן מאָרדע מיט אזא אימפּעט, אז יענער האַלט ניט אויס און פאַלט אוועק ווי אַ סנאָפּ אויפן האַרטן דעק. מיינט מען דאָך, אז דאָס איז שוין זיין סוף, אז ער וועט שוין דאַרפן וואַרטן אויף תחית המתים, אָבער דער שופט, וועלכער שפּרינגט און טאַנצט די גאַנצע צייט ארום די צוויי שלעגער און וועלכער זעט, אז די מלחמה זאָל זיין כדין וכדת, שטייט איבער דעם אויסגעצויגענעם „בר מינן" און ציילט דערביי „ספירה", ביז יענער שטעלט זיך ראַפּטום ווידער אויף אויף די פיס, אזוי ווי ניט אים מיינט מען עס; ער שטעלט ווידער אָן אַ פּאָר גרויסע הענטשקעס־קולאַקעס, קוקט מיט מערדערישע אויגן אויף זיין קעג־נער און וואַרפט זיך ווידער אויף אים מיט אזא גזלעוואָיסטווע, אז אָט־אָט און ער וועט אים דורס זיין.

און אזוי גייט אָן אַ געשלעג, אַ גערודער, אַ ביטערע מלחמה פון אָקערשט געוועזענע גוטע פריינד, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועך, ביז איינער פאַלט אַנידער אויסגעצויגן; רירט זיך ניט פון אָרט, די אונטערגעהאַקטע אויגן, מיט בלויע סיניאַקעס זיינען צוגעמאַכט, ווי טויט... דעמאָלט לויפט צו צו אים דער שופט, ציילט אויפן קול אחת, אחת ושתים, ביז אַ מניך, יענער אָבער ליגט נעבעך אַ צעקיילטער און ענטפערט ניט. דאָ שפּרינגט אויף דער שופט מיט אַ גדולה, הויבט אויף דעם זיגער־שלעגערס האַנט און שרייט אויס מלא שמחה: „היפ־היפ". דער עולם פּאַטשט בראַוואָ, שרייט און פּיל־דערט און פאַרגעסט גאָר בשעת מעשה, אז דערביי ליגט אַ האַלב טויטער, אַ געחלשטער מענטש וועלכער בויטיקט זיך אין הילף.

קלמן, וואָס האָט די גאַנצע צייט מיט אויפרעקונג און נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צו די געשלעגן, האָט זיך דורכגעשפּאַרט צווישן עולם און צוגע־

לאָפן צום אויסגעצויגענעם, צעשלאָגענעם פּאָליציי־מאַן, ארום וועלכן עס האָבן זיך שוין געפּאָרעט עטלעכע ענגלענדער. ער האָט אים אויפגעהויבן אויף זיינע הענט, אים אוועקגעלייגט אויף אַ וויגשטול, האָט אים וואַסער דער־לאַנגט און ארומגעוואַשן זיינע בלוט־פלעקן.

באַלד זיינען ארויס אַ צווייטע פּאָר, אַ דריטע, די זעלבע געשלעגן, די זעלבע רציחות. בלוט פליסט דאָ פון איינעם, דאָ פון אַ צווייטן, אָבער די געשלעגן גייען ווייטער אָן.

## קלמן אין פּאַרמעסט

צוקוקנדיק זיך צו די מאָדנע געשלעגן, וואָס ער האָט געזען דאָס ערש־טע מאָל אין זיין לעבן, האָט זיך ביי קלמנען צעיושעט „דער בולאַן". אָנ־שטעלנדיק אַ פּאָר געזונטע קולאַקעס האָט ער אין דער לופט געפּאָכעט, גע־וואָלט העלפן דערמיט דעם שוואַכערן.

„שיס!", האָט ער געשריען צום געשלאָגענעם, „לאָז ניט אָפּ, דערלאַנג אים אַ בּוכטשע אונטערן לעפעלע, אז דער קלאָג זאָל אים נעמען! איי, ווען מען לאָזט מיר צו צו אים, אַ פּורימדיקן המנטאַש וואָלט איך פון אים גע־מאַכט. אין איין הייע וואָלט איך אים געמאַכט פּאַר אַ קדוש..." פּאַר אויפ־רעקונג האָט ער אַ הייב געטאָן וועלפּקען אין דער הויך, אים אַ טרייסל גע־טאָן, געוויזן אים זיין גבורה און זיך גענומען בעטן רחמים: זאָל מען אויס־קלייבן דעם געזינטסטן זשלאָב פון די גוים, ער וויל זיך מיט אים פּאַרמעסטן אין אַ געשלעג.

וועלפּקע מיטן „חתן" האָבן שוין דעם נאָכמיטאָג ניט גערוט. זיי זיינען אומגעלאָפן פון איין פּאָליציי־מאַן צום צווייטן, איינגעטענהט מיט זיי און צום סוף געפּועלט, אז דער קומענדיקער פּאַרמעסט זאָל פּאָרקומען צווישן קלמנען מיט זייער בעסטן „פייטער".

מען האָט זיך געגרייט.

יידן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס: א בעלנות פון אַ יידישן בחור, זיך גיין סתם אין דער וועלט אריין שלאָגן מיט אַ געזונטן, גוישן פּאָליציי־מאַן. די ענגלענדער זיינען געווען נייגעריק וואָס פון דעם „פייט" וועט ארויסקומען? זיי האָבן געמאַכט געוועטן. די מערהייט פון זיי זיינען זיכער געווען, אז קלמן וועט פּאַרלירן. דער „ראַשן", האָבן זיי געטענהט, זעט

טאַקע אויס צו זיין אַ געזונטער יונג, אָבער כוח איז דאָ ניט גענוג, מען דאַרף וויסן די טעכניק פון „פייטן" און דאָס ווייס ער ניט.

וועלפקע איז שוין ניט אָפּגעשטאַנען פון קלמנען. ער האָט כסדר גע־האַלטן אין איין געבן אים צו פאַרשטיין „הלכות פייט". ער האָט אים גע־וויזן מיטביידע קולאַקעס, ווי אזוי מ'דאַרף זיך פאַרטיידיקן פאַר אַן אָנגריף פון קעגנער, ווי אזוי מ'דאַרף אליין אָנגרייפן, און בשעת מעשה איז ער אונ־טערגעשפרונגען ווי אַ באָק, טאַנצנדיק ארום קלמנען.

קלמן האָט שיעור ניט געפּלאַצט פאַר געלעכטער פון דער נאַרישער תורה, וואָס וועלפקע וויל אים אריינהאַקן אין קאָפּ.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַרישע מדינה אזא, אייער ענגלאַנד?" האָט קלמן געחוזקט פון וועלפקען, „אין אַ געשלעג זוכט איר דינים? ביי אונדז, אין רוסלאַנד, איז אַ געשלעג אַ געוויינלעכע זאַך, אָן קיינע קונצן. ווער עס האָט מער כוח און ווער עס קען גיכער פאַרפאָרן, יענער איז דער באַלעבאָס, אָן קיינע דינים".

וועלפקע האָט זיך אָבער זייער געערגערט פון קלמנס ארגומענטן:

„דו ניט פאַרשטייסט, קלמן, ביי אונדז אין ענגלאַנד, אַ פייט מוז זיין, יו נאָו, ווי איך דיר זאָגן, אַקאָרדינג טו לאָו. דו קענסט ניט שלאָגן ווי דו ווילסט, דו מאַסט היטן רעגוליישנס, דו פאַרשטייסט?"

„וועלפקע, אַ בראָך אויף דיר, וואָס האָסטו דאָ אָנגעקאַלאַטשעט", האָט זיך קלמן ווידער צעלאַכט, „דו זאָג מיר אָקאָרשט, מעג מען דערלאַנגען ביי אייך אזוי אַ פּאָר אונטערן לעפעלע, אז יענער זאָל זיין עלטער־באָבען דער־זען?" האָט קלמן אָנגעשטעלט אַ פּאָר קולאַקעס, ווייזנדיק וועלפקען וואָס ער מיינט.

„אָ, נאָו, קלמן, דאָס מ'טאָר ניט, דאָס, קלמן אַגיינסט די רולס!" האָט וועלפקע אַ דערשראָקענער זיך געבעטן ביי קלמנען.

„און אזוי, אַ בוכטשע מיטן קולאַק אונטערן מאָרדע, אז יענער זאָל זיין טאַטן דערזען, אָדער זיינע שניים זאָלן זיך צעשיטן, דאָס מעג מען?"

„אָ, יעס", איז וועלפקע לעבעדיק געוואָרן, „דאָס מען מעג, אפילו איך די אויגן קענסטו אויך שיסן, דאָס אָלרייט!"

„אויב אזוי, איז ניטאָ וואָס צו זאָרגן", האָט קלמן מבטל געמאַכט וועלפ־קעס אַרגומענטן, „דאָס איז גענוג פאַר מיר, און ווי זאָגט מען ביי אייך, וועלפקע, עס וועט זיין אָלרייט!"

# קלמן צווייפּלט

פּייזול האָט אויף דעם אַלעם געקוקט מיט חוזק:

„פון וואָס דערוואַקסענע מענטשן מאַכן אַ וועזן", האָט ער שטיל גערעדט. „קענען זיי שוין נישט געפינען מער וויכטיקערע אינטערעסן ווי פּאַרמעסטן זיך אין געשלעגן? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת", האָט פּייזול גערעדט מיט פאָרוווּרף, „אַז איך האָב זיך ניט געקענט צוקוקן צו אָט דעם גאַנצן באַרבאַרישן ספּעקטאַקל. מענטשן נעמען און מען הרגעט זיך אוועק איינער דעם צווייטן, אָט דאָס רופט איר אין ענגלאַנד ספּאָרט, אַז אָך און ווי, ביי מיר איז דאָס פּשוטער באַרבאַריזם. אין די פינצטערע צייטן, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָבן זיך מענטשן פּאַרמאָסטן מיט ווילדע אָקסן, מיט ווילדע פערד, און איצט, אין 20טן יאָרהונדערט, אין אַזא ציוויליזירטער לאַנד ווי ענגלאַנד, פאַרנעמען זיך מענטשן מיט צעהרגענען איינער דעם צווייטן..."

קלמן איז נאָך פּייזולס רייד געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגעגאָסענער מיט קאַלט וואַסער:

„איז ווי מיינסטו, פּייזול, איך זאָל זיך ארויסדרייען פון פּייט? איז לא פידלתי! מיינסט, ברודער, אַז מיר גייט עס אין לעבן זיך שלאָגן מיטן ענגלענדער? כ'האָב אים אין דר'ערד".

„איצט איז שוין צו שפּעט", האָט אים פּייזול באַרואיקט. „צוריקציען זיך מיינט שוין פּחדנות, און דאָס וועט הייסן אַז דו האָסט פּאַרלאָרן!"

פונדעסטוועגן האָבן פּייזולס רייד געווירקט אויף קלמנען: ער איז גערעכט, פּייזול, האָט קלמן געטראַכט. אמת, איך האָב זיך אין מיין לעבן גענוג געשלאָגן, איז עס דאָך געווען מיט אַ פאַרוואָס. און קלמן דערמאָנט זיך יענעם גרויסן געשלעג, אויפן וואָקזאַל, צווישן אים, מיקאַליי ריזשי און דעם פּאָן מיכאַל. ער האָט איינער אליין געדאַרפט בייקומען אַזוינע צוויי געזונטע פּאָניעס — איז דאָך אָבער געווען אַ פאַרוואָס? זיי וואָלטן דאָך פון זיין באַלעבאָס, ר' עליע דעם באַלעגאָלע און פון דעם אָרעמען ישיבה־בחורל געמאַכט אַ באַרג אַש, היינט ווי האָט ער דאָס געקאָנט דערלאָזן?

ער דערמאָנט זיך אויך, ווי אַזוי ער האָט מכבד געווען זיין זוואָדנעם, צעפּאַלמעסט אים, שיעור ניט אוועקגעלייגט אַ טויטן, איז עס דאָך אוודאי געווען ניט אומזיסט. יענער האָט ארויסגענומען זיין חבר געצלען פון ראָטע, נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַ ייד און... פּאַטשט אים, ליכאַ מאַטערי יעהאָ.

אָבער דאָ, מ׳פאַרט צוזאַמען אויף איין שיף, אין מיטן פון אזא גרויסן ים, מען איז דאָך אַלע איין משפחה און פלוצלינג — אַ געשלעג! און קלמן האָט שוין חרטה אויפן גאַנצן עסק. נאָר אָט דערמאָנט ער זיך אין דער קאַשע וואָס ער האָט דאָ פאַרקאָכט: אַלע, סיי יידן, סיי קריסטן, גרייטן זיך צו דעם „פייט", ווי צו עפּעס אַ יום־טוב און מיט אַמאָל וועט ער, ווי מ׳רופט דאָס, „אויסדרייען דעם קאָן", גיט ער זיך אַ זאָג: פאַרפאַלן! איך, קלמן בולאַן, וועל ניט אויסדרייען דעם דישל, איך וועל ניט לאָזן פאַרשעמען די אונדזע־ריקע. וועלפּקע מיטן „חתן" וועלן עס ניט איבערטראָגן אזא בושה, מ׳האָט עס אין דער ערד.

## מ׳גרייט זיך צום פאַרמעסט

עס איז נאָך מיטאָג. די שיף וויגט זיך לייכט איבער די רואיקע וואַסערן. דער אויבערפלאַך פון ים רינדזלט זיך. ווייט און ברייט איז דער קרייז פון האָריזאָנט. די שיף שפּילט זיך מיטן וואַסער און אַ וואַרעמע זון מאַכט אַלץ און אַלעמען הימלעך. די שטימונג איז אַ גוטע. אפילו גדליה דער קצב האָט אַנטבלויזט זיין פליכעוואַטן קאָפּ, פאַרלייגט די הענט אויף זיין קיי־לעכדיקן בויך און האָט זיך בהרחבה אוועקגעזעצט ניט ווייט פון רינג, וווּ עס דאַרף פאָרקומען דער פאַרמעסט צווישן קלמנען מיטן געזונטן פּאָלי־ציי־מאַן.

ארום דעם פּאָליציי־מאַן, וואָס טראָגט בלויז אַ פּאָר קורצע הייזלעך, פאָרען זיך דער ריכטער און נאָך אייניקע ענגלענדער.

וועלפּקע מיטן „חתן" טרעטן ניט אָפּ פון קלמנען. וועלפּקע בעט זיך רחמים ביי קלמנען, ער זאָל זיך אויך אויסטאָן האַלב־נאַקעט. ער וועט אים שוין באַזאָרגן מיט אַ פּאָר תחתונימלעך, אָבער קלמן ווערט צעזעצט לאַכנדיק:

„חסר־דעה בין איך, אין מיטן העלן טאָג זיך אויסטאָן בפני כל עם ועדה אַ הוילער, משוגע צי מטורף? יאַטן, פאַרלאָזט זיך אויף מיר, איך וועל זיך ספּראַווען מיטן ערל אין מיין רוסישער רובאַשקע!"

אזוי ווי אונטערפירער צו אַ חופּה, אזוי האָט מען די צוויי שלעגער אריינגעפירט אין רינג. פון איין זייט צוויי פּאָליציי־לייט מיט זייעריקן, וועלפּקע מיטן „חתן", מיט קלמנען.

דער עולם זיצט אָנגעשטרענגט. די ענגלענדער שמייכלען. זיי אַלע זיינען זיכער, אז דער „ראַשן" וועט פאַרשפּילן און גאָר מיאוס. די יידן

ווייסן אליין ניט ווי פאַר זיי איז גלייכער: זיי ווילן ניט, אז זייער קלמן זאָל פאַרשפּילן, אָבער האָבן אויך מורא, אז אזא גיבור ווי קלמן קען נאָך, חס ושלום, געווינען — ער קען אָנברעכן די ביינער און צעמזיקן דעם ענגלישן פּאָליציי־מאַן.

די אונטערפירער האָבן זייערע מענער צוגעפּירט, זיי זאָלן זיך אָנקוקן פּנים אל פּנים, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעקט אַ ברייטן „שלום־עליכם" און מען האָט זיי אוועקגעשטעלט אויף זייערע ערטער.

## דער „פּייט"

אָט שטייען שוין ביידע, ווי הענער, איינער קעגן אַנדערן. דער פּאָלי־ציי־מאַן האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר קולאַקעס און האָט זיך גענומען מכין זיין, שפּרינגענדיק ווי אַ באָק, דאָ אַ פּאָר טריט פאָרויס, דאָ אַ פּאָר טריט אַהינטער.

קלמן איז געשטאַנען גרייט מיט די קולאַקעס, אויף איין אָרט, און געשמייכלט.

דער לעצטער סיגנאַל פון ריכטער.

דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך שפּרינגענדיק גענומען דערנענטערן צו קלמנען.

קלמן איז געשטאַנען אויף איין אָרט און ערנסט באַטראַכט יעדע באַ־וועגונג פון זיין קעגנער. מיטאַמאָל האָט קלמן, ווי אַ טיגער, זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן פּאָליציי־מאַן, מיט איין שפּרונג און, גלייכצייטיק, מיט איין שאָס פון זיין מעכטיקן קולאַק אונטער זיין קעגנערס מאָרדע, וואָס האָט אָפּ־געקלונגען אין דער לופט. דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אין דעם זעלבן אויגנבליק איז געקומען אַ צווייטער שאָס און דער פּאָליציי־מאַן איז געבליבן אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, זיך ניט רירנדיק פון אָרט.

עס האָט ניט געהאָלפן דאָס „ספירה" ציילן פון ריכטער, דער ענגלענ־דער איז זיך רואיק ליגן געבליבן.

די ערשטע האָבן גענומען אַפּלאָדירן גראָדע די ענגלישע צושויער. אויך אייניקע יידן האָבן גענומען פּאַטשן בראַוואָ, אָבער קלמן איז געשטאַנען ווייס ווי קאַלך פאַר שרעק. מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן האָט ער זיך געבעטן

רחמים ביי וועלפקען, ער זאָל אים דאָ ארויסהעלפן און ארויסשלעפן פון דעם זומפּ, אין וועלכן ער, וועלפקע, האָט אים אריינגעשלעפּט.

וועלפקע מיטן „חתן" זיינען צוגעלאָפן צו קלמנען, אים אויפגעהויבן די האַנט און אויסגעשריען „הוריי", אָבער די מערהייט יידישע פּאַסאַזשירן, אַנשטאָט צו גראַטולירן קלמנען, האָבן זיי זיך מיט רוגזה אָפּגעקערט פון אים און גענומען פאַרלאָזן דעם דעק אין די קאַיוטעס אריין.

גדליה דער קצב האָט געוואָרטשעט און געשאָלטן קלמנען מיט טויטע קללות:

„אַ כוח אַ ביסל, ווי פון אַ פערד, אז די ניכפּה זאָל אים נעמען. האָסטו געזען אזוינס? מיט איין קנאַק פאַרפאָרן אין דער מאָרדע פון אזא גידול, אַ גוי, און יענער איז אויס נפש. ליגט ווי אַ בר מינן, כאָטש גיס אויף אים קאַלטע וואַסער... אז פאַרברענט זאָל ער ווערן, דער בורילע. איי, ווען איך האָב אים ביי מיר אין יאַטקע".

קלמן איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ צעטומלטער, האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, צי זאָל ער זיך אָפּטראָגן אין קאַיוטע, אָדער בלייבן אויפן דעק. ער האָט זיך באַגעגנט מיט פּייוולס בליקן און האָט ניט געקענט כאַפּן זיך, צי פּייוול איז בייז אָדער ניט. פּייוול האָט דערקענט קלמנס פאַרלעגנהייט און האָט אים געטרייסט:

„זיי ניט צעטראָגן, קלמן, דו האָסט אַפּנים אים מכבד געווען כדין וכדת, און ווייל דו האָסט אים באַזיגט מיטן ערשטן קלאַפּ איז דאָס, זעט אויס, גאָר אַ מעלה ביי די ענגלענדער".

איצט האָט קלמן באַמערקט, אז אַלע ענגלענדער שמייכלען גאָר צו אים, אָן כעס, איז אים געוואָרן אַ ביסעלע לייכטער און מיט אַ שעמעוודיק־שולדיקן שמייכל איז ער אין דער באַגלייטונג פון וועלפקען, דעם „חתן" און פּייוולען אַוועק אין זיין קאַיוטע.

## ווי לעבט מען אין אַפריקע

די שיף באַוועגט זיך די לעצטע טעג אין רואיקע וואַסערן. זאָרגלאָז און פריי האָבן די פּאַסאַזשירן, איבערהויפּט די קריסטן, זיך פאַרבראַכט אויפן דעק פון ים. מען האָט זיך געגרייט צו אַ יום־טוב — עס האָט באַ־דאַרפט פאָרקומען אַ קאָנצערט פון שיף־טאַלאַנטן.

די מאַטראָסן האָבן צוגעגרייט אַ פּלאַטפאָרמע פאַר די אַרטיסטן און די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע.

קלמן אין מיטן, פון איין זייט פּיוול, פון דער צווייטער זייט וועלפקע, האָבן געשפּאַנט איבערן דעק הין און צוריק. קלמן האָט זייביידן ארומגענומען ארום די אַקסלען און עס האָט זיך געדאַכט, אזוי ווי אַן עלטערער ברודער האַלט אונטער זיין השגחה זיינע צוויי יינגערע ברידער.

וועלפקע האָט איך אַ געבראָכענעם יידיש דערציילט פון זיין שטאָט לאָנדאָן, און פון זיין מדינה — ענגלאַנד. ער האָט מיט באַגייסטערונג דערציילט וועגן דער פרייהייט וואָס יידן געניסן אין ענגלאַנד:

„און טאָמער טרעפט, אז אַ „יעקל" זאָגט אמאָל „בלעדי דזשו", קריגט ער גלייך צעקלאַפּט די ביינער, יו נאָו, אַ פייט!"

קלמן שלינגט יעדעס וואָרט און איז נייגעריק צו וויסן אויב אין אפריקע איז אויך אזא פרייהייט. און וועלפקע פאַרזיכערט אים, אז אין אפריקע וועט ער זיך ניט דאַרפן שרעקן פאַר קיין פּאָליסמען. אז אין ענגלאַנד און אין אפריקע מיינט אַ פּאָליסמען — אַ באַדינער פון פאָלק, וואָס גיט אַכטונג אויף גערעכטיקייט און זעט צו האַלטן אָרדענונג. אין אפריקע דאַרף מען זיך פאַר קיינעם ניט שרעקן, אַלע מענטשן זיינען גלייך, אַ ייד, אַן ענגלענדער, אַ בור, קענסט גיין ווו דו ווילסט, דאַרפסט ניט קיין פּאַספּאָרט און קיינער פרעגט דיר קיין זאַך ניט! אז קלמן זעט אויך אין פּיוולס אויגן אַ באַשטעטיקונג צו וועלפקעס רייד, גיט ער זיי ביידן, פון האָפערדיקייט, אַ כאַפּ ארום אין זיינע אָרעמס, גיט זיי אַ דריק צו מיט אזא באַגייסטערונג, אז זיינע ביידע חברים צעשרייען זיך פאַר ווייטיק.

## דער קאָנצערט

דעם אָוונטברויט האָבן אַלע אָפּגעפּטרט בחיפּזון, מען האָט זיך געאיילט צום קאָנצערט.

דער דעק פון שיף איז געווען באַלויכטן מיט פאַרשיידענע קאָלירטע עלעקטרישע לעמפּלעך. אין דער באַגלייטונג פון אַ שיף־אָפיצער זיינען אַראָפּגעקומען חשובע געסט פון ערשטן קלאַס, פאַר וועלכע עס זיינען געווען צוגעגרייט ווייכע שטולן צום זיצן. דאַמען, אויסגעפּוצטע ווי כלות, באַהאָנגען מיט בריליאַנטן און קאַרעלן האָבן זיך אָנגעבלאָזענע צעזעצט אויף זייערע פּלעצער. דער שיף־אָרקעסטער האָט געשפּילט פריילעכע מאַרשן.

פון די קאַיוטעס זיינען אַלע ארויף אויפן דעק, אַלט און יונג, זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט, ווער זיצנדיק, ווער שטייענדיק, דערוואַרטנדיק דעם קאָנצערט.

אַ נעגערישע טרופּע אַקטיאָרן, וועלכע זיינען געפאָרן קיין דרום אפריקע אויף גאַסטראָלן, האָבן זיך באַוויזן אויפן דעק.

דער קאָנפעראַנסיע האָט געעפנט דעם יום־טוב. ער האָט געבעטן, אז יעדערער פון די פּאַסאַזשירן, וועלכער קען זינגען, טאַנצן אָדער דעקלאַמירן, זאָל זיך מעלדן צו אים, ביי דער פּלאַטפּאָרמע.

וועלפקע האָט זיינע רייד איבערגעזעצט פאַר די יידן אין אַ צעבראָכע־נעם יידיש. באַלד האָט דער קאָנפעראַנסיע פאָרגעשטעלט אַ הויכע, דינע פריילין, וועלכע האָט געזונגען אין ענגליש אַ ליד וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון חלשות, די ענגלענדער אָבער האָבן זיך ממש צעריסן, פּאַטשנדיק בראַוואָ.

נאָכדעם זיינען ארויסגעטראָטן די נעגערישע אַקטיאָרן: טייל מענער זיינען געווען פאַרשטעלט אַלס פרויען, מיט קוויטשיקע קולות האָבן זיי פאַר־פירט אַ קריגעריי מיט די מענער און האָבן זיך געוואָרפן אויף זיי שלאָגן. די מענער, פאַרקערט, האָבן זיי בארואיקט מיט שמייכלדיקע פנימער, אָפענע מיילער און אויסגעסטאַרטשעטע ווייסע ציינער. די קריגעריי האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. באַלד האָט מען זיך איבערגעבעטן, ארומגענומען זיך און אַוועק אין טאַנץ. מיט אויסגעקרימטע קערפּערס, באַוועגנדיק מיט אַלע איברים האָבן זיי זיך געדרייט ווי שלאַנגען, געהויבן און אַראָפּגעלאָזן די קעפּ. מיט אויסגעבויגענע קניען, באַוועגנדיק מיט די הינטנס, האָבן זיי גאַלאָפּירט, טופּענדיק מיט די פיס, אז די שיף האָט זיך שאָקלען גענומען... אָט טאַנצן זיי אזוי פרידלעך, און מיטאַמאָל גיבן זיי זיך גזלניש אַ לאָז צו די אויסגע־פּוצטע דאַמען, וועלכע דערשרעקן זיך, און מיט שמייכלען אויף די פּנימער טרעטן זיי אָפּ צוריק.

קלמן איז אזוי געווען פאַרטיפט, קוקנדיק אויף די טענצער, אז ער האָט גאָרניט באַמערקט ווי וועלפקע איז נעלם געוואָרן. ער האָט זיך געדרייט ארום דעם קאָנפעראַנסיע. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט צום טאַקט, ביז מיטאַמאָל האָבן די טאַצן און די פּויק אָפּגעשטעלט דאָס שפּילן.

אַ געהילך פון אַפּלאָדיסמענטן האָט פאַרקלונגען דעם ים ארום, ווען די נעגערס האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און זיך פאַרנייגט פאַרן עולם. מען האָט געשריען, געליאַרעמט, געפייפט אזוי לאַנג, אז די נעגערס האָבן געמוזט נאָך אַמאָל איבערחזרן זייער טאַנץ.

# קלמן גייט אַ קאַזאַטשאָק

דער קאָנפעראַנסיע האָט פלוצלינג אויסגערופן, אז מיסטער קאַלמאַן וועט איצט ווייזן פאַר די ליידיס און דזשענטלמען אַ „ראַשן־טאַנץ". דער עולם האָט געגומען ווידער אַפּלאָדירן, ארויסרופן קלמנען. וועלפקע האָט אים פאַרטייטשט וואָס דאָס מיינט, און קלמן האָט, מיט דער באַשטעטיקונג פון פייוולען, זיך געלאָזט אַ שעמעוודיקער צו דער פּלאַטפאָרמע.

דער אָרקעסטער האָט אַ שפּיל געטאָן אַ פריילעכס און קלמן האָט זיך אוועקגעלאָזט אין טאַנץ. צוערשט פאַמעלעך, לאַנגזאַם, אָבער ביסלעכווייז איז זיין טאַנץ געוואָרן שטורעמדיק. אָט פאַלט ער כורעים, אָט פאַטשט ער מיט די הענט אויפן דיל פון דער פּלאַטפאָרמע, און וואָס ווייטער אַלץ מיט מער קוראַזש, און ווען דער אָרקעסטער האַלט ניט נאָך אזוי שנעל דעם ריטעם, שעמט זיך קלמן ניט און שרייט צו די מוזיקאַנטן: „לעבעדיקער, רירט זיך, בלייענע פייגלען, ליכא וואַשי מאַטערי!"

קלמן שוועבט ווי אַ וויכער איבער דער פּלאַטפאָרמע. די ענגלענדער שטייען און גאַפן מיט אָפענע מיילער. די יידישע פּאַסאַזשירן ווערן האָפער־דיקער, קלייבן נחת פון זייער קלמנען און פּאַטשן מיט די הענט. קלמן לאָזט אויס דעם טאַנץ מיט אַ שפּרונג אין דער לופטן, זיך אומדרייענדיק דערביי און אראָפּפאַלנדיק צוריק אויף די קני. ער צעשפּרייט די הענט און פאַר־נייגט זיין געלאָקטע קאָפּ האָר, וואָס פאַלן אים איבערן שטערן, אַ סימן, אז דער טאַנץ איז פאַרענדיקט. דער דעק ווערט פאַרהילכט פון אַפּלאָדיסמענטן.

„אָט דאָס הייסט געטאַנצט", האָט אַ באַגייסטערטער ארויסגעכאָרכלט גדליה דער קצב, „דער קלאָג זאָל אים נעמען".

שפּעטער האָט גדליה געפּאַטשט קלמנען איבערן פּלייצע: „דו קענסט דאָך אין אפריקע עפענען אַ צירק, וועסט דאָך שאַרן גאָלד, אַ ניכפּה אויף דיר, מ׳דאַרף האָבן אַ ביסל כוח צו הויבן אזא מאַשינע ווי דו אין דער לופטן, פאַרברענט זאָל עס ווערן... זע אָקאָרשט, קלמנקע, צי דו קומסט טאָקע ניט פון אַ צירק, צו אַלדע שוואַרצע יאָר? מיסתמא ארומגעקראָכן איבער שטעטלעך מיט אַ פּאָפּוגיי און מיט אַ קאַטערינקע, דער קלאָג זאָל דיך נעמען!" גדליה האָט גוטמוטיק און צופרידן געשאָטן מיט קללות.

„זעט איר, ר׳ גדליה, שוין אַלץ אויסגעוועזן: אַ שמייסער ביי ר׳ עליע דעם באַלעגאָלע, אַ נאַסילשטשיק אויף דער באַן געווען, אָבער מיט קיין קאַ־

טערינקע זיך נאָך ניט ארומגעשלעפּט. מיט מיינע צען פינגער, ר׳ גדליה, און מיט מיין געזונט קען אַ מענטש זיין שטעטל באַשטיין. שינאת מוות האָב איך פיינט די פּוילישאַקעס, קיינמאָל האָב איך זיי ניט געוואָלט העלפן. איך גלויב, אז גאָט האָט געגעבן אַ מענטשן געזונט, איז דאָס ניט סתם אזוי, ער זאָל פויל זיין. אַרבעטן דאַרף יעדער מענטש, ניט אזוי, פּייוול?״

פּייוול האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

# 24

# נעגטער צו קייפטאָן

## אַ נייער שטורעם

נאָך עטלעכע טעג זיינען געבליבן ביז קייפטאָן. דער ים איז ווידער ברוגז געוואָרן און ער האָט זיך געוואָרפן אויף דער שיף אַ צעבייזערטער. די שטאַרקע ווענט האָבן אָפּגעשלאָגן די קלעפּ פון די כוואַליעס, אָבער פון האַלב־טונקעלן דעק האָבן די פּאַסאַזשירן זיך פאַרקליבן אין די ליכטיקע קאַיוטעס.

חוץ קלמנען, וועלפקען און דעם „חתן" האָט מען אויף דער שיף קיין לעבעדיקן נפש ניט געזען. אָקערשט זיינען דאָ נאָך אַלע געווען ברייטלעך צעלייגט, מ׳איז געזעסן און געשטיפּט, געלאַכט און זיך געוויצלט, אָבער ווי נאָר דער ים האָט זיך גענומען קאָכן מיט אַן אומהיימלעכן געליאַרעם, איז זיך דער עולם צעלאָפן. יעדער האָט זיך אָפּגעטראָגן אין זיין קאַיוטע, און אים אליין איבערגעלאָזט, דעם צעכעסטן ים. כאָטש די מורא איז שוין ניט אזוי גרויס ווי אין די ערשטע טעג, ווען די שטעטלדיקע עמיגראַנטן האָבן זיך באַגעגנט מיטן צעברומטן ים בעת ער האָט באַוויזן זיינע שטיק, דאָך

איז גלייכער צו זיין פון דער ווייטן און אים אפילו ניט אָנקוקן אין זיין כעס. און היינט לוינט זיך שוין ניט אוודאי אים אויפצורייצן, ווייל ווי לאַנג מישטיינס געזאָגט איז נאָך פאַרבליבן ביז קייפטאָן? זי איז שוין ניט ווייט און מ׳וועט זיך שוין ווי ניט איז דערשלעפּן, אזוי האָבן יידן געטראַכט. נאָר בטחון, באַלד וועט מען שוין דערזען דעם ברעג.

האָט דעם ים אַפּנים פאַרדראָסן די חוצפּה פון די דריי דרייסטע חברה־לייט אויפן דעק, האָט ער ארויפגעשיקט אַ שטורעם־שליח זיי צו פאַרטרייבן פון גליטשיקן און פוסטן דעק. אַ כוואַליע, ווי אַ ריזן־לאַפּע פון אַ בייזן גייסט, האָט מיט אזא בליצשנעלקייט אַ פּאַטש געטאָן אויף דער וואַנט פון שיף, אז פון קרעפּטיקן שטויס האָט זי אריבערגעשאָסן איבער דעם דעק און האָט פאַרגאָסן די דריי לצים פון קאָפּ ביז די פיס. און גלייך הינטער דער כוואַליע, ווי אַן אונטערפירער אונטער דער חופּה, האָט אַ שטאַרקער ווינט אַ יאָג געטאָן, געכאַפּט וועלפקען מיטן „חתן" אונטער די אָרעמס און זיי שוין געוואָלט אַ הויב טאָן אין דער לופטן. ווען קלמן מיט זיינע שטאַרקע ידים וואָלט זיי ניט אַ כאַפּ געטאָן, ווער ווייס צי זיי וואָלטן שוין ניט געווען אין מקווה... אזוי האָבן אויך די לעצטע דריי אויפן דעק זיך אונטערגעגעבן און אַראָפּגעלאָזט זיך אין זייערע קאַיוטעס.

אין קאַיוטע האָט קלמן דערזען ווי אַלע זיינע מיטפאָרער ליגן איינגע־נורעט אין די געלעגערס, ווי אין יענעם ערשטן שטורעם. גדליה דער קצב איז אָבער היינט געלעגן שטיל, ניט געקרעכצט און ניט געטענהט צו קיינעם, ווי איינער זאָגט: קענסט זיך, ים, כעסן פון היינט ביז מאָרגן, כ׳הער דיך ווי אין טראָק. אָט, שוין באַלד קייפּטאָן...

## ווידער סאָניע

קלמן האָט יענע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן. אָט איז שוין באַלד דער ברעג פון זיין רייזע, קייפּטאָן. פון דאָרט איז מיסתמא שוין ניט ווייט צו יאָהאַנעסבורג. באַלד וועט ער זיין אין דער שטאָט צו וועלכער זיינע בליקן זיינען געווען געווענדט פאַר די אַלע חדשים זינט ער האָט סאָניע שאַפּיראָן דערקענט. אים קומען איצטער אויס די חדשים ווי לאַנגע, לאַנגע יאָרן. און אָט, ענדלעך, ער וועט זיך ווידער באַגעגענען מיט איר, מיט סאָניע שאַפּיראָ. האָט ער דאָך שוין געענוג שלאָפלאָזע נעכט צוליב איר געהאַט, איז נאָך אַ נאַכט צי צוויי, אָבער באַלד, באַלד...

און אַ מאָדנע נאַגנדיקע זיסקייט צעגיסט זיך אים אין האַרצן. ס׳איז אים היינט גוט צו ליגן אזוי און טראַכטן וועגן איר, לאָזן די בענקשאַפט זאָל אים וואַרעמען. אפשר בענקט זי אויך? אפשר איז זי אויך ניט איינגעשלאָפן און טראַכט וועגן אים? ער הערט ווי דער ים שמייסט די כוואַליעס מיט אַ ווילדן געברום הינטער זיין קיילעכדיק פּענצטערל. וואָס וויל ער, דער ים? פאַרוואָס לאָזט ער די שיף זיך ניט באַוועגן שנעלער? צי וויל ער טאַקע מיט זיינע ברויזנדיקע כוואַליעס אים דעם וועג פאַרשטעלן? די אַלע פּראַגעס באַאומרואיקן אים. ווי דערלעבט מען שוין צו זיין אויף אַן אָרט?

מיטאַמאָל הויבט אָן אַ ספק אים צו גריזשען: און מיט וואָס, קלמנקע, ביסטו זיכער, אז סאָניע ליבט דיך טאַקע אזוי ווי דו איר? און אויב חלילה ניט? און די האָפענונג טוט פּלוצלינג אזא צאַנק, ווי א חלבן ליכטל, אָט לעשט זיך אַלץ אויס. ווי וועט ער דאָס אריבערטראָגן? ניין, ניין! שטאַרקט ער זיך. די צוקונפט איז פאַר אים און פאַר איר — צוזאַמען. ער איז יונג און שטאַרק און פאַר סאָניען וועט אים קיין זאַך שווער ניט זיין. טאַקע צוליב איר האָט ער דאָך איינגאַנצן אוועקגעוואָרפן דאָס טרינקען, זיך אָפּגעוווינט אין די לעצטע חדשים פון ביטערן טראָפּן. צוליב איר וועט ער לעבן אָנשטענדיק, זיך פירן ווי אַ מענטש.

פון וועלפקען האָט ער געהערט, אז דאָרט, אין אפריקע, גייט עפּעס אָן אזא שפּיל אין פערדלעך. ס׳איז אזא געווּעט אין וועלכן מענטשן פאַרלירן אנדערע מאָל זייער גאַנץ פאַרמעגן, מ׳ווערט אומגליקלעך און מ׳גייט אַראָפּ פון גלייכן וועג. ניט איינער ענדיקט אין טורמע, צי נאָך ערגער אפילו. ער, קלמן, וועט זיך היטן פאַר די דאָזיקע פערדלעך — און טאַקע צוליב איר, צוליב סאָניען. פאַר איר וועט ער מיט זיינע בלויזע צען פינגער די ערד אָקערן, וועט גיין אין פייער און אין וואַסער, אבי זי זאָל פילן צו אים די ליבשאַפט וואָס ער פילט צו איר. ער פילט טאַקע ווי זיין האַרץ ווערט איבערפולט, צאַפּלט זיך, אַ טרער שפּאַרט צו די אויגן, אַ טרער פון גליק.

מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך אויך אָן די אַנדערע: זיין פעטער און זיין מומע, אָט די, סאָניעס שוועסטער. וואָס פאַר אַ מענטש קען דאָס זיין פעטער זיין, דער מאַמעס ברודער? זיין מאַמע, טראַכט קלמן, איז אַ גוטע יידענע, מיט איר גאַנצער אָרעמקייט איז זי תמיד גרייט צו טאָן יענעם אַ טובה. וואָלט גאָרניט שלעכט געווען ווען זיין פעטער האָט זיין מאַמעס נאַטור. זי איז אַ גוטע יידענע, אָבער אַ לעבן האָט זי געהאַט אַ שווערן. זי איז אַ

יונגע אלמנה געבליבן און איבערגעטאָן כל עבודת פרך, אַבי צו לייטן ניט אָנצוקומען. און אפילו שפּעטער, ווען קלמן איז שוין אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן אליין פאַרדינען, איז ער איר פּשוט צו די פיס געפאַלן זי זאָל נעמען פון אים אַ רובל פאַר זיך, אָבער בשום אופן האָט זי עס ניט געוואָלט. קלמן, ביסט אַ יונגער בחור, דו דאַרפסט עס מער ווי איך, פלעגט זי זאָגן. אפילו קראַנקערהייט, אויף דער עלטער, האָט זי געזוכט מיט אַלע מיטלען זיך אליין צו פאַרדינען דאָס שטיקל טרוקן ברויט. און קלמנען ווערט באַנג פאַר זיין עלנטער מאַמען. ער וועט איר שיקן געלט, זי וועט לעבן ווי אַ קעניגין! מאַכט ער אָפּ ביי זיך אין האַרצן. אָבער איר ברודער? שפּרינגט ווידער אויף די פראַגע. ווער קען וויסן וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש ער איז? ווי פלעגט אים דאָס הערצל דער שוסטער רופן? מיסטער מייקל — און ביים דערמאָנען זיין נאָמען פלעגט ער זיך אַלעמאָל אַ קרים טאָן. און ווען קלמן פלעגט צו אים צושטיין און וועלן וויסן עפּעס מער וועגן זיין פעטער, פלעגט הערצל אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: ניטאָ וועגן וועמען צו ריידן...

צי האָט סאָניע קיין צרות ניט פון אים? פרעגט זיך קלמן. אזא איידל קינד. זי קען אוודאי נישט פאַרטראָגן קיין עוולות, און ס׳קען גאָר געמאָלט זיין אז זי איז שוין אַוועק פון זיי. ניט געקענט אויסהאַלטן. מוז זי געוויס איצט האָרעווען כדי זיך אויסצוהאַלטן. אַ קשיא אויף אַ מעשה. און קלמן טוט זיך אַ נדר, אז אויב עס איז טאַקע אזוי, וועט ער זי ניט לאָזן פאַלן, ער וועט אַרבעטן פאַר איר. ער האָט גענוג כוח און ער וועט אַרבעטן פאַר... זיין — ער טראַכט אַ רגע און באַשליסט: יאָ, פאַר זיין פרוי! ער וועט קענען פאַרדינען, איז ער זיכער, פאַר איר און פאַר זיך. און זי? אַ דאגה, זאָל ארומדרייען זיך אַ יונגיטשק ציפּליאָניקל אין שטוב. און אויב זי וועט נאָר וועלן, טאָ זאָל זי גיין אין די קלאַסן זיך לערנען, אַן אינטעליגענטקע איז זי, וועט זי זיך גיך אַלץ אויסלערנען, אפילו זייער לשון. ניין, זי מוז אים שוין קענען, אַ ווערדע האָט עס ביי איר! און אפשר וועט זי גאָר וועלן ווערן אַן אַקושערקע אָדער אַ צאָן־דאָקטאָרקע? זי וועט עס קענען...

און אז גאָט וועט זיי טאַקע העלפן, וועט ער דאָס אריינשרייבן אַ בריוו צו כאַטשען און העטשען און וועט זיי אויסשרייבן וואָס פאַר אַ מין ווייבל ער האָט עס דאָ אין אַפריקע; און ווי אַלע זיינען אים מקנא זיין סאָניען... אי, ווי גוט דאָס וואָלט געווען.

# דער חלום...

קלמן דרייט זיך אויס אויף דער צווייטער זייט, ציט זיך אויס אין דער גאַנצער לענג, אָבער די מחשבות לאָזן ניט אָפּ. ער בלייבט שטיל און הערט זיך צו. דער ים ברומט ווי אַ קעסלפויק, ער קאָכט ווי אַ גהינום. ריזיקע כוואַליעס וואַרפן זיך אויף די ווענט פון שיף. די שיף וואַקלט זיך ווי אַ שפּענדל. עפּעס אַ מחבל טוט איר שליידערן אין אַלע זייטן. און וואָס טוט ער איצט אויפן דעק? פאַרוואָס לויפן דאָ אַרום אַזוי פיל מאַטראָסן? און ווו איז סאָניע?...

דער הימל הענגט נידעריק און שוואַרץ ווי פּעך. יעדע ווײַלע שפּאַלט ער זיך פונאַנדער און אַ שאַרפער בליץ שניידט דורך די פינצטערקייט. באַלד נאָכדעם קומט אַ געדונער, ווי הונדערט האַרמאַטן וואָלטן זיך אויפן ברוק געקייקלט. דער דונער פאַרגייט ווייט, ווערט אין די טיפע אָפּגרונטן פאַרשלונגען. און אָט הויבט גאָר אָן אַ האָגל פויקן איבער די קעפּ, ווי מיט בלייענע קייקעלעך האַקט ער אין די קיילעכדיקע קליינע פענצטערלעך. עס צעשפּילט זיך אַ שדים־טאַנץ. די כוואַליעס טראָגן זיך הויך איבערן דעק און שמייסן ווי אייזערנע בייטשן. זיי הויבן אויף די שיף און טוען זי צוריק אַ שליידער אַראָפּ — פון גוואַלדיקע הויכן אין טיפע תהומען

די מאַטראָסן אַרבעטן מיט די לעצטע כוחות. דורכגענעצט ביז צום ביין. קוים וואָס זיי שטייען אויף די פיס. איינער יאָגט זיך איבערן צווייטן. איינער פאַלט און גליטשט זיך אַראָפּ פון דעק אין ים אַריין, אַ צווייטער שרייט אים נאָך. אַ דריטער קאָמאַנדעוועט מיט קולות. מ׳פּרוווט אויספּומפּען דאָס וואַסער פון די קאַיוטעס. דער קאַפּיטאַן, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, מיט אַ שפּאַקטיוו וואָס הענגט אים אויפן האַרצן, שטייט אויפן בריקל פון שיף און דונערט אַרויס דורך אַ טרובע זיינע באַפעלן. פון מינוט צו מינוט שטאַרקט זיך דער טומל. די מאַטראָסן לויפן, שלעפּן די גראָבע קאַנאַטן, וואָס ליגן צונויפגעדרייט אויפן דעק. קלמן לייגט צו אַ האַנט. ער העלפט אויך שלעפּן. ער ציט קאַנאַט נאָך קאַנאַט, נאָר זיי זיינען אַזוי לאַנג, זיי וועלן זיך מסתמא קיינמאָל ניט ענדיקן. לעבן אים שטייט וועלפּקע, אַ פאַרצווייפלטער און דערשראָקענער. דער שוויס אויף זיין שטערן מישט זיך אויס מיט די טראָפּנס רעגן. ער שטייט און ציטערט.

„וועלפּקע!“ שרייט צו אים קלמן מיט פאַרשטיקטע קולות. „וואָס שטייסטו ווי אַ יאָלד? וואָס, זעסטו ניט אַז מיר זיינען אַלע אין געפאַר. לייג

צו אַ האַנט! גיך! כאַפּ זיך אַראָפּ אין קאַיוטע און שלעפּ אַרויף גדליהן אויפן דעק, ער וועט דאָרט דערטרונקען ווערן... אוי, ווי איז מיר, ווו איז איצט פּיוול? פּיוול! פּיוול...״

פאַרצווייפלטע, מיט יאָמער־געשרייען לויפן די פּאַסאַזשירן מיט די רעטונגס־גאַרטלען. זיי ווייסן ניט וואָס מ׳טוט מיט דעם. קלמן לויפט פון איינעם צום צווייטן און ער העלפט זיי זיך איינשנורעווען אין די גאַרטלען. די היסטעריקעס פון די פרויען פאַרטויבן דעם ווילדן געוויש פון ברויזנ־דיקן ים. קלמן געדענקט אז ער וואָלט נאָך געדאַרפט עמעצן העלפן, נאָר ער קען זיך נישט דערמאָנען וועמען. און מיטאַמאָל גיט אַ כוואַליע אַ פאַל אַראָפּ אויפן דעק, ווי אַ באַרג וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל, און די שיף הייבט אָן זינקען — —

מענטשן וואַרפן זיך אין די רעטונג־שיפלעך. דער סאַמע לעצטער איז קלמן. ער שפּרינגט אריין אין אַ שיפל, וואָס איז פול געפּאַקט מיט יאָמערנ־דיקע מענטשן. קוים מיט צרות האָט ער זיך שוין ווי ניט איז אריינגע־קוועטשט אין דער ענגשאַפט, דערהערט ער מיט איין מאָל אַן אויפרייס און דאָס שיפל שפּרינגט אויף אין דער לופטן. ווי אַ שפּענדל ווערט דאָס שיפל געוואָרפן פון איין כוואַליע צו דער אַנדערער. אַ פינצטערע כוואַליע טוט דאָס שיפל אַ שטויס, אַ צווייטע כאַפּט עס אויף און גיט עס אַ קער איבער מיט אַלע מענטשן אין די שטורעמדיקע וואַסערן. מענטשן שרייען, פרויען קוויטשן. מ׳ראַנגלט זיך מיט פיס און הענט. — —

קלמנס אויערן זיינען פאַרטויבט פון די שטורעמדיקע כוואַליעס; די אויגן זיינען ווי מיט אַ שוואַרצער דעקע פאַרצויגן. מיט אַלע כוחות ראַנגלט ער זיך מיטן צעיושעטן ים. ער שרייט מיט באַנומענע קולות, נאָר זיי קומען אַרויס פאַרשטיקט און קיינער הערט אים ניט. פּלוצלינג דערזעט קלמן ניט ווייט פון אים אַ פרויען־געשטאַלט: די האָר צעלאָזן איבערן וואַסער, זי סאַפּעט שווער און וואַרפט זיך מיט הענט און פיס — זי רייסט זיך צו דעם איבערגעקערטן רעטונג־שיפל, ארום וועלכן הענט קלאַמערן זיך. נאָר אָט דערזעט זי אַ ברעט פון דער אומגעקומענער שיף און מיט די לעצטע כוחות רודערט זי צו דעם ברעט. קלמן צעשרייט זיך מיט איבערנאַטירלעכע קו־לות: סאָניע!...

מיט באַנייטן אימפּעט לאָזט ער זיך צו סאָניען, לייגנדיק אַ גבורהדיקן קלאַפּטער. אָט איז ער שוין לעבן איר. ער וועט נאָר זיין האַנט אויסציען

און ער וועט זי דערגרייכן און איר העלפן. ארויפנעמען איר אויף זיינע שטאַרקע פּלייצעס און וועט מיט איר שווימען — שווימען צו אַ ברעג. ביז קייפּטאָן — נאָר אַ כוואַליע טוט אים אַ פאַרפּלייץ איבערן קאָפּ און שיידט זיי ביידן פונאַנדער. ער זעט איצט סאָניען פון ווייט. אזא מהלך! טראַכט קלמן. ווי קומט מען צו צו איר? סאָניע באַמערקט אים און קלמן זעט אין אירע אויגן טרערן. זי בעט זיך ביי אים ער זאָל זיך אליין ראַטעווען: זעט, האָט רחמנות אויף זיך אליין, ראַטעוועט זיך! ווי איר קענט זען בין איך שוין סייווייסיי פאַרפאַלן... און קלמן צעיאָגט זיך נאָך מיט מער אימפּעט אין דער ריכטונג פון סאָניען. נאָר מיטאמאָל גיט אים ווידער אַ כוואַליע אַ זעץ איבערן קאָפּ און טוט אים אַ שטאַרקן שטויס. קלמן גיט אַ ריס ארויס דעם קאָפּ פון אונטער דער כוואַליע: ניין! ער וועט זיך ניט לאָזן אַראָפּציען צום אָפּגרונט פון צעשטורעמטן ים. ניין! ניין! סאָניע! מיר דאַרפן זיך ראַטעווען! צוזאַמען! — —

„וואָס שרייסטו, משוגענער? וועלכע סאָניע?!“ האָט אים וועלפקע אַ טורקע געטאָן און אויפגעוועקט.

קלמן האָט געגלאָצט אין דער האַלב־טונקעלער קאַיוטע, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַ בלוי נאַכטלעמפּל. דער חלום איז אים נאָך געלעגן אין די ביינער. דער ים האָט נאָך געשטורעמט און די שיף האָט זיך געוויגט, אָבער איצט איז עס ניט מער געווען שרעקלעך. די גרוילבילדער זיינען ביס־לעכווייז אויסגעוועפּט געוואָרן פון זיין זכרון, נאָר ער האָט בלויז געדענקט ווי דייטלעך ער האָט געזען סאָניען, ווי ליבלעך זי האָט געקוקט אויף אים און ווי האַרציק זי האָט זיך געבעטן: זעט, האָט רחמנות אויף זיך אליין, ראַטעוועט זיך! ווי איר קענט זען בין איך שוין סייווייסיי פאַרלאָרן.

און קלמנען ווערט וואַרעם אין אַלע גלידער, וואָס אפילו אין חלום האָט זי זיך געזאָרגט מער פאַר אים ווי פאַר זיך. ס׳אַרא גוטע נשמה זי איז, זאָגט ער צו זיך און פילט ווי די אויגן ווערן אים אָנגעלאָפן מיט טרערן. ער טראַכט זיך, אז ס׳איז גוט וואָס וועלפקע איז גלייך אַוועק און האָט אים געלאָזן אליין. אליין מיט זיין חלום, מיט זיין סאָניען...

איצט דערמאָנט זיך קלמן דעם ליבן שמייכעלע אויף איר ליכטיקן פּנים, ווען זי האָט גערעדט צו אים, אויפן וואָקזאַל. די זיסע חן־גריבעלעך אין אירע גלאַט־סאַמעטענע בעקלעך. און ווי איידל זי איז, ווי געבילדעט. ווי דערלעבט מען שוין ווידער צו ריידן צו איר. נאָר אז זיי וועלן זיך טרעפן

אין יאָהאַנעסבורג, וועט ער לאָזן סאָניען ריידן וויפל זי וויל. זאָל זי אַלץ אויסדערציילן, ער וועט נאָר זיצן, גלעטן אירע הענט און הערן, הערן... און זי וועט אָנצייכענען זייער ווייטערדיקן גאַנג אין לעבן. וואָס זי וועט אים הייסן טאָן, וועט ער פאָלגן. זי איז זיין צוקונפט אין נייעם לעבן אין פרעמדן לאַנד. סאָניע וועט ריידן און באַפעלן — ער וועט הערן און אויס־פאָלגן.

און קלמנס באַשלוס איבערצוגעבן זיין גורל אין סאָניעס הענט האָט אים באַרואיקט. ער איז איינגעשלאָפן אַ גליקלעכער.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די שיף געאַנקערט ביי די זאַמדיקע ברעגעס פון האַפן אין קייפּטאָון.

טוף פון ערשטן בוך

ביכער פון מענדל טאַבאַטשניק:

„מענטש און זיין ארום" — לידער און פּאָעמעס — 1963

„איך לאַך מיט אייך צו 70" — הומאָריסטישע דערציילונגען — מאָנאָלאָגן — איינאַקטערס — 1965

„אין שפּעטע שעהן" — לידער און פּאָעמעס — 1965

„די נייע הגדה" — אָפּצוריכטן דעם דריטן סדר — 1967